דר. ח. זשיטלאָווסקי

# געזאמעלטע שריפטען

זיבעטער באַנד

דר. זשיטלאָווסקי פערלאַג געזעלשאַפט
ניו־יאָרק, 1917.

# אינהאַלט:

די מאָראַל־פילאָסאָפיע און דער ענד־ציעל.

דער מאַטעריאַליזם און די דיאַלעקטישע לאָגיק.

דער שטוטגאַרטער קאָנגרעס.

הערר דובנאָוו'ס „גייסטיגער" נאַציאָנאַליזם.

# די מאָראַל־פילאָסאָפיע און דער ענד־ציעל

(רודאָלף שטאַמלער און זיין סאָציאַלער מאָניזם.)

.1

די לאַגע פון דעם מארקסיזם אין דער איצטיגער סאָציאַלער און היסטאָרישער וויסענשאַפט האָט זיך פאַר דער לעצטער צייט זעהר שטארק איבערגעביטען. נאָך אין דעם סוף פון די אכציגער יאָהרען פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט האָט הערמאַן באהר, — יעמאָלט איינער פון די אָנגעזעהענסטע נאָכפאָלגער פון דעם דיאַלעקטישען מאַטעריאַליזם, — געקאָנט, — אין דעם ערשטען טייל פון זיין „צור קריטיק דער מאָדערנע", — בעקלאָגען זיך דערויף, וואָס דער געדאנק פון זיין צייט יאָגט זיך ניט אזוי „צו מאַכען זיין חשבון מיט דעם מארקסיזם". אָט דער „חשבון־מאַכען" האָט זיך אָבער אָנגעהויבען אין מיטען פון די נייענציגער יאָהרען, און וואָס ווייטער, אַלץ מעהר שטעהען צו צו איהם בערופענע אָדער ניט בערופענע „בעל־חשבון'ס".

דער מארקסיזם איז אַרום דערזעלביגער צייט ארויפגעשטעלט געוואָרען אויף דער טאָגעס־אָרדנונג אין רוסלאַנד, וואו ריין אָרטליכע און צייטליכע אורזאכען האָבען צוגעצויגען צו איהם די סימפאַטיע פון אַ היבשען טייל פון דעם יונגען דור. עס האָבען זיך אָנגעהויבען אי אין רוסלאַנד, אי אין מערב־אייראָפּאַ, הייסע דעבאַטען וועגען זיין מהות און זיין ווערטה, — דעבאַטען וואָס זיינען נאָך ניט פערשטומט געוואָרען ביז אויף דעם היינטיגען טאָג.

ווילהעלם וואונדט זאָגט ערגעץ־וואו, אז זעלטען ווען די וויסענשאַפטען ענטוויקלען זיך דורך כסדר'דיגע, לאַנגזאַמע אָבער זיכערע עראָבערונגען. דאָס רוב הויבט אַ יונגע וויסענשאַפט אָן מיט אַ וועלכער עס איז שלעכט איינגעפונדעוועטער אָבער דערפאַר ווייט

פערבאפּענדער היפּאָטעזע, וועלכע נעהמט אַרום דאָס גאַנצע פעלד, וואָס מען דאַרף אויספאָרשען. מיט קוראַזשירטע שטריכען ווארפט זי אָן דעם פּלאַן פון דעם קינפטיגען געבוי. די ווייטערדיגע ענט־וויקלונג פון דער וויסענשאַפט בעשטעהט אין דעם, וואָס מען טראָגט אריין אין דעם פריהער אויפגעוואָרפענעם פּלאַן אלערליי הוספות, בעגרעניצונגען און פערענדערונגען.

מען קאָן זאָגען, אַז אַ דאַנק דער ברענענדיגער פּאָלעמיק פאַר און געגען דעם מארקסיזם, זיינען די סאָציאָלאָגישע און געשיכטס־פילאָסאָפישע בנינים זיינע געוואָרען דער צענטראַל־פונקט פון דעם מאָדערנעם געדאַנק אין דער סאָציאָלאָגיע און אין דער געשיכטס־פילאָסאָפיע, און אַז זיי וועלען אפשר נאָך אַ לאַנגע צייט שפּיעלען די ראָליע פון יענעם לכתחילה־אויפגעריסעווען פּלאַן, וואָס מוז זיך געפינען ביי יעדען איינעם אין די הענד, אויב ער וויל נאָר נעהמען אַן אַנטייל אין דער בעאַרבייטונג פון סאָציאָלאָגישע און געשיכטס־פילאָסאָפישע פּראָבלעמען אָדער אויב ער וויל לכל הפּחות נאָכקוקען, ווי אַזוי די דאָזיגע וויסענשאַפטס־צווייגען ענטוויקלען זיך און וואַקסען זיך פאַנאַנדער.

כמעט אַלע געשיכטס־פילאָסאָפישע און סאָציאָלאָגישע פאָר־שונגען פון דער לעצטער צייט רעכענען זיך אויף דעם אָדער יענעם אופן מיט די אַנשויאונגען פון מארקס און ענגעלס, און כמעט יעדע נייע ארבייט טראָגט אריין אַ וועלכען עס איז נייעם אויסטייטש אָדער אַ בעגרעניצונג אָדער אַ פערענדערונג אין דעם לכתחילה אויפגעוואָרפענעם פּלאַן.

דאָס רוב פון די פאָרגעשלאָגענע אויסבעסערונגען, ווי אויך די, וואָס עדוארד בערנשטיין האָט אריינגעטראָגען, האָבען אָבער ביז אהער געהאַט צו טהאָן נאָר מיט די איינצעלנע זייטען אָדער גאָר מיט די איינצעלנע פּרטים פון קארל מארקס׳ לעהרע. מען איז אָנגע־פאַלען אויף די הענעליאַנישע עלעמענטען אינ׳ם מארקסיזם, אויף זיין מאַטעריאַליזם, אויף זיין פעראלטערטער דערקענטניס־טעאָריע, אויף דעם עקאָנאָמישען מאַטעריאַליזם אין דער געשיכטע, אויף דער טעאָריע פון דער קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַלען און אַז. וו., און אַז. וו. מען קאָן זאָגען, אַז ס׳איז כמעט ניטאָ קיין איין אייג־ציגער פונקט פון מארקס׳ טעאָרעטישע אַנשויאונגען און פּראַקטישע

פאָדערונגען, וועלכע מען זאָל ניט האָבען קריטיש ערנסט דורכגע־קוקט.

צו דער זעהר קליינער צאָהל פון יענע ארבייטען אָבער, וואָס האָבען זיך בעשעפטיגט ניט אזוי מיט די איינצעלנע טיילען פונ׳ם מאַרקסיזם, ווי מיט זיינע וויכטיגסטע יסודות, און דערצו, ניט נאָר צוליעב דעם פּאָלעמישען קאַמף, נאָר אויך כדי אוועקצושטעלען אויף זייער אָרט בעסערע און צוועקמעסיגערע בנינים, געהערט דאָס בעוואוסטע ווערק פון רודאָלף שטאַמלער וועגען „ווירטשאפט און רעכט", וואָס איז אַרויס אין דעם יאָהר 1896.*)

פאַנאַנדערקלייבען זיך אין יענע נייע טעאָריען, וועלכע שטאַמ־לער שלאָגט פאָר אָנשטאָט דעם מאַרקסיזם, און אויסגעפינען, אויף וויפיעל זיין נייער אופן אויפצוגעהמען די סאָציאָלאָגישע און גע־שיכטס־פילאָסאָפישע פראגען קאָן העלפען דער וויטערדיגער ענט־וויקלונג פון די דאָזיגע וויסענשאפטען, — **דאָס איז די אויפגאַבע** פון אונזער היינטיגען אַרטיקעל.

## 2.

דעם סכום פון אַלע פּראָבלעמען, וואָס ווערען אויסגעפאָרשט אין דער סאָציאָלאָגיע און אין דער געשיכטס־פילאָסאָפיע, רופט שטאַמלער אָן די ס אָ צ י אַ ל־ פ י ל אָ ס אָ פ י ע , די פילאָסאָפיע פון דער געזעלשאפט. אַלע איידער־מאַרקסיסטישע פּרובען, וויסענ־שאפטליך אויסצובויען אָט דעם וויכטיגסטען צווייג פון דער מענש־ליכער דערקענטניס, בלייבען, נאָך שטאַמלער׳ס מיינונג נאָך, אין דעם פּרט פון וויכטיגקייט און טיעפקייט ווייט הינטער די טעאָריען פון מאַרקס און ענגעלס.

„איך דערקען", זאָגט ער, „אין דעם סאָציאַלען מאטעריאַליזם די אייגענשאפט פון דעם בעדייטענדסטען און טיעפען ע ר ש ט ע ן ש ר י ט צו א קריטישער בעגרינדונג פון א וויסענשאפטליכער פילאָסאָפיע פון דער געזעלשאפט".**) דער מאַרקסיזם האָט, נאָך

*) פּראָפ. רודאָלף שטאַמלער, „ווירטשאפט און רעכט נאָך מאַטעריאַ־ליסטישער געשיכטס־אויפפאַסונג". לייפּציג, 1896.

**) דאָרטען גופא, ז. 399.

זיין מיינונג, זעהר גרויסע פערדיענסטען: ער שטרעבט וויסענ־שאפטליך צו דערקענען די געזעלשאפטליכע ערשיינונגען; ער בע־טראכט די געזעלשאפט און די מענשליכע געשיכטע ווי א בע־זונדער, אייגענטימליכער ענין פון דער מענשליכער פאָרשונג, וועלכער איז בעשענקט מיט ספּעציפישע אייגענשאפטען, וואס נאָר ער אליין פערמאָגט, און וואָס פאָרדערט דעריבער צו זיין שטודיום גאנץ ספּעציפישע מעטאָדען און אופנים.*)

אויסטערליש ווערטפול אין דעם סיסטעם פון דעם עקאָנאָמי־שען מאטעריאליזם איז ווייטער זיין מאָניזם, וועלכען ער נעהמט לכל הפחות אָן אין פרינציפּ, זיין שטרעבען צוריקצופיהרען אלע אויסערונגען פון דעם געשיכטליכען און געזעלשאפטליכען לע־בען צו איין־איינציגען „לעצטען, זעלבסטשטענדיגען אָביעקט פון דער סאָציאָלאָגישער פאָרשונג". דער פונקט בעצויבערט שטאמ־לער'ן גאָר אויף א הויכען שטייגער. נתפעל ווערט ער אויך פון מארקס' אָביעקטיוויזם, פון זיין לעהרע, אז אלע היס־טאָרישע פערענדערונגען זיינען א פרוכט פון נויטווענדיג־קייט, וועלכע פליעסט פון די גרונד־געזעצען פון דער געזעל־שאפטליכער באלעבאטישקייט, „וואס מיט איהר פערענדערונג פער־ענדערט זיך אל'־דאָס איבעריגע."

רודאָלף שטאמלער מיינט, אז א דאנק אָט די אלע יסודות זיינע, קאָן דער מארקסיזם מיט ערפאָלג קעמפען אנטקעגען דעם סו־ביעקטיוויזם אין דער בעשטימונג פון געזעלשאפטליכע ציעלען, וואָס וויל ניט וויסען פון קיין אנדערע טעמים, ווי נאָר די אייגענע וואונשען און אידעאלען. דער מארקסיזם ווייזט אויף, — און שטאמלער איז מיט איהם מסכים אין דעם, — אז די אידעען, וואונשען און שטרעבונגען גופא וואקסען ארויס על פּי נויטווענ־דיגקייט פון דעם גרונד און באָדען פון דער געזעלשאפטליכער בא־לעבאטישקייט. נאָר יענע געזעלשאפטליכע פאָדערונגען זיינען אָביעקטיוו בעגרינדעט, וואס ווערען אויפגעבויט אויף דער דער־קענטניס פון די גרונד־געזעצען פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען, — אָט דאָס דאַרף זיין דער העכסטער קריטעריום פאַר יעדער פּראַק־

*) דאָרטען גופא, ז. 257.

מישער טעטיגקייט, וואָס וויל זיך אָנלעהנען ניט אויף **סוביעקטיווע,** שנעל־פערפליהענדע מיינונגען, נאָר אויף פעסט איינגעפונדעוועטע וויסענשאַפטליכע אמת'ען. אזא קריטעריום, מיינט שטאמלער, **איז** צום ערשטען מאָל ארויסגעשטעלט געוואָרען פון מארקס'ען.*)

**אָבער** ניט קוקענדיג אויף דעם גרויסען דרך־ארץ **צום** מארקסיזם, מיט וועלכען שטאמלער איז דורכגעדרונגען, קאָן **ער,** פערשטעהט זיך, פאַרט ניט פערמאַכען די אויגען אויף **א** פולע שלאַפע זייטען זיינע, און די קריטיק פון זיי פיהרט דעם **מחבר צו** רעזולטאַטען, וואָס שטימען זעהר ווענינ צונויף מיט די **גרונדלאַ־**גען פון דעם מאַטעריאַליסטישען בליק אויף די געשיכטע **און וואָס** געהען אין די וויכטיגסטע פונקטען דירעקט להיפך צו זיי.

איינער פון די גרעסטע חסרונות פון דעם מארקסיזם בעשטעהט, לויט שטאמלער'ן, אין דעם, וואָס ער איז ניט דורכגעטראַכט ביז צום סוף און וואָס ער האָט ניט קלאָר געמאַכט, ווי עס דאַרף צו זיין, דעם זין פון זיינע איינענע גרונד־פרינציפען.

„גראָד דאָרטען, וואו מיר האָבען צו טהאָן מיט די פונדאמענ־טאלסטע יסודות פון דער טעאָריע, בענוגענט זיך דער מארקסיזם", — זאָגט שטאמלער, — „מיט אַגב אורחא אריינגעוואָרפענע אפאָ־ריזמען און אָבגעריסענע זאצען, מיט ניט דורכגעקלערטע בעגרי־פען".**)

צו אזעלכע פונדאמענטאַלע יסודות פון דער טעאָריע געהערט די פראַגע וועגען דער שייכות, וואָס הערשט צווישען דעם עקאָנאָ־מישען און דעם רעכטליכען לעבען. קלאָר צו מאַכען די דאָזיגע שייכות נעהמט אויף זיך דאָס גאַנצע בוך וועגען „ווירטשאַפט און רעכט."

---

*) שטעלען, וואָס שטרייכען אונטער די מעלות פון דעם מאַקסיזם, זיינען צוזעעט איבער דאָס גאַנצע בוך שטאַמלער'ס און וויעדערהאָלען זיך זעהר אָפט. וויעדערהאָלונגען, סטיליסטישע וואַריאַציעס פון איין און דעמזעלביגען געדאַנק, זיינען, ביי זייער גאַנצער שפראַכליכער שעהנ־קייט, פאַרט איינער פון די חסרונות פון שטאַמלער'ס גלענצענד אָנגע־שריעבענם ווערק. **וועגען די מעלות פון דעם מאַרקסיזם זעה: זז. 18, 22—24, 30, 229, 257, 267, 396 און נאָך אַנדערע.**

**) ד. ג. ז, 448.

## .3

עס איז זעהר לייכט צו פערשטעהן, פאר וואָס שטאַמלער קאָנ־צענטרירט זיין אויפמערקזאַמקייט אויף דער שייכות צווישען ווירט־שאַפט און רעכט. דער שטאַאטליכער און סאָציאַלער בנין פון דער געזעלשאַפט עקזיסטירט איצטער אין דער פאָרם פון אַ געוויסען יורידישען סיסטעם פון רעכטען, פריווילעגיעס און פליכטען, ד. ה. פון יורידישע נאָרמען, וואָס היטען אָב די יסודות פון דעם איצטיגען געזעלשאַפטליכען לעבען. אַלע פּרובען, וואָס מען מאַכט איבער־צואַנדערשען דעם בוי פון דער געזעלשאַפט, טרעטען אין דער לעצ־טער שורה אַרויס, ווי אַ פאָדערונג אַנצונעהמען אַנדערע יורידישע נאָרמען אַנשטאָט די, וואָס הערשען איצטער. אַלע פּראָיעקטען פון ראַדיקאַלע סאָציאַלע רעפאָרמען, אין וואָס עס זאָל ניט בע־שטעהן זייער עקאָנאָמישער אינהאַלט, דרעהען זיך אַרום דער פראַגע וועגען דעם אייגענטומס־ר ע כ ט אויף דעם גרונד־און־באָדען און די איבעריגע פּראָדוקציאָנס־מיטלען; וועגען דעם פאַמיליען־ר ע כ ט; וועגען דעם רעכט אָנצושטעלען פרייע לוין־אַרבייטער א. אז. וו.

לויט דער לעהרע פון דער מאַטעריאַליסטישער סאָציאַל־פילאָ־סאָפיע, איז דאָס רעכט ניט מעהר ווי אַ פּראָדוקט, אַ פּועל־יוצא פון דעם עקאָנאָמישען לעבען. אַלע ענדערונגען אין דער יורידישער ספערע ווערען אפריהער פּאַרטיג געמאַכט אין די ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין די ריין ווירטשאַפטליכע פּראָצעסען. איז — וואָס זאָלען מיר פערשטעהן אונטער די טערמינען „ווירטשאַפט“ און „רעכט“? איז דאָס אמת, וואָס מאַרקס זאָגט, אַז ווירטשאַפט און רעכט שטעהען איינע צו דעם אַנדערן, ווי אורזאַך צו ווירקונג? און אויב דאָס איז ניט אמת, איז — וואָס פאַר אַן אַנדער שייכות הערשט דאָ צווישען יענע צוויי הויפּט־אויסערונגען פון דעם געזעלשאַפטלי־כען לעבען? — אָט דאָס זיינען די פראַגען, וואָס זיינען געוועזען פאַר שטאַמלער'ן דער אויסגאַנגס־פּונקט פון זיין פאָרשונג.

קודם כל קאָנסטאַטירט ער יענע מבולבל'קייט און מטושטש'־קייט, וועלכע עקזיסטירען אין דער הערשענדער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור בנוגע צו די גרונד־בעגריפען וועגען דעם עצם גופא פון

דיווירטשאַפטליכע ערשיינונגען, וואָס דאַרפען, לויט מאַרקס׳ען, שפּיעלען די ראָלע פון דער „ערשטער אורזאַך" אין דער געשיכטליכער ענטוויקלונג.

פרידריך ענגעלס האָט אויפגעשטעלט די פאָרמעל, אַז „די פּראָדוקציע און דער אויסבייט פון פּראָדוקטען איז דער פונדאַמענט פון יעדען געזעלשאַפטליכען בנין; אַז אין יעדער געזעלשאַפט, וואָס איז היסטאָריש אַרויסגעטרעטען, ווערט די פערטיילונג פון די פּראָדוקטען געמאַכט לויט דעם, ווי און וואָס עס ווערט פּראָדוצירט און אויף וועלכען אופן די פּראָדוקטען ווערען אויסגעביטען צווישען זיך." אָבער — וואָס איז דער זין פון די ווערטער: „ווי" און „וואָס"? ענגעלס גיט ניט וועגען דעם קיין שום ערקלערונגען, און מיט דער הילף פון דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור איז גאָר ניט אַזוי גרינג פאַנאַנדערצוקלייבען זיך אין דער שאלה.

די מעשה דערפון איז, וואָס דער „אופן פון דער פּראָדוקציע", צו וועלכען ענגעלס פיהרט צו אַלץ אין דער געשיכטע, ווי צו דער לעצטער אינסטאַנץ, קאָן פערשטאַנען ווערן אין א צווייפאַכען זין: אין א טעכנישען און א סאָציאַלען.

אין דעם ערשטען פאַל הייסט „געזעלשאַפטליכע באַלעבאַטישקייט" דער סכום פון יענע ט ע כ נ י ש ע אופנים און פּראָצעסען, וואָס די געזעלשאַפט ווענדט זי אָן אין איהר קאַמף מיט דער נאַטור. אין דעם זין רעדט מען, צום ביישפּיעל, וועגען די באַלעבאַטישקייט פון דעם שטיין־צייטאַלטער, וועגען דער ווירקונג, וואָס די ענטדעקונג פון פייער־געברויך האָט געהאַט אויף דער ענטוויקלונג פון דער מענשליכער באַלעבאַטישקייט וכדומה.

אין דעם צווייטען פאַל האָט מען אין זין די יורידישע יסודות פון דעם ווירטשאַפטליכען לעבען, ווען מען רעדט, צום ביישפּיעל, וועגען דער קאַפּיטאַליסטישער באַלעבאַטישקייט, דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן, וואָס איז בעגרינדעט אויף געוויסע יורידישע נאָרמען: אויף דעם רעכט פון פּריוואַט־אייגענטום און דעם רעכט פון דעם פרייען אָבמאַך מיט די געדונגענע אַרבייטער.

אָבער די צוויי בעגריפען, — דער טעכנישער און דער סאָציאַלער, — מוזען ווערען שטרענג פאַנאַנדערגעשיידען. „די טעכניק קאָן מען פערגלייכען נאָר מיט דער טעכניק און די סאָציאַלע

באַלעבאַטישקייט נאָר מיט דער סאָציאַלער באַלעבאַטישקייט". די טעכניק און די סאָציאַלע בעדינגונגען פון דער באַלעבאַטישקייט ווירקען ניט אויף איין־און־דעמזעלביגען אופן אויף די מענשען און ממילא אויך אויף דער געשיכטע. אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן פון דער אַגראַרישער ווירטשאַפט לעגט אַוועק זיין שטעמפּעל אויף די פיזישע און פּסיכישע אייגענשאַפטען פון דעם אַקערסמאַן, אַלץ איינס, צו דער פּויער איז אַ לייבאייגענער אָדער אַ שקלאַף, אָדער אַ פרייער באַטראַק אָדער אַ זעלבסטשטענדיגער ערד־בעזיצער. „די האַרטע אַרבייט ביי ווינד און שטורעם מאַכט די פּליטען־טרייבער גראָב אין זייער בענעהמען זיך, ווילד און פער'עקשן'ט", קיין נפקא מיניה ניט, וואָס זיי זיינען: געדונגענע פּועלים אָדער זעלבסט־שטענדיגע באַלעבאַטים. אויף דעם זעלביגען שטייגער פאַלען אונ־טער אויך די פּראָדוצענטען פון שפּילקעס אונטער דער מאַכט פון זייער מלאכה, אָהן אַן אונטערשייד, וואָס דער סאָציאַלער כאַראַקטער פון זייער אַרבייט איז, — צי זיי זענען לוין־אַרבייטער, שקלאַפען, מיטגליעדער פון אַ קאָ־אָפּעראַטיוו, בירגער פון אַ סאָציאַליסטישען שטאַאַט, אָדער ברידער פון אַ וועלכען עס איז קלויסטער־אָרדען.

די ווירקונג פון די סאָציאַלע יסודות פון דער אַרבייט איז בע־שיינפּערליך פון אַ גאַנץ אַנדער אַרט, איידער די ווירקונג פון איהר טעכניק. מען קאָן דעריבער בשום אופן ניט צונויפמישען די צוויי בעגריפען אין איין אַלגעמיינעם בעגריף: „דער אופן פון דער פּראָ־דוקציע". און פון דעסטוועגען בעגעגענען מיר זיך אין דער מאַרק־סיסטישער ליטעראַטור אויף שריט און טריט מיט אַזאַ צונויפמי־שונג.

ביי קויטסקי, צ. ב., געפינען מיר אַן אַנטקעגען־שטעלונג פון יענעם פּעריאָד אין דער געשיכטע, ווען דער הערשענדער פּראָדוק־ציאָנס־אופן איז געוועזן דער ערד־אַרבייטערישער, צו יענעם פּעריאָד אין דער געשיכטע, ווען דער הערשענדער פּראָדוקציאָנס־אופן איז געוואָרען דער קאַפּיטאַליזם. דאָס איז אַקוראַט, זאָגט שטאַמלער, ווי מען וואָלט די פישער־ווירטשאַפט אַוועקגעשטעלט אַנטקעגען דער שקלאַפען־ווירטשאַפט.

## 4.

געהט מען איבער פון די מאַרקסיסטען, ביי וועמען עס הערשט א פאַלשטענדיגע פלאָנטערניש וועגען דעם ענין, צו די אַרבייטען פון מאַרקס און ענגעלס גופא, איז גרינג צו בעמערקען, זאָגט אונזער מחבר, אז די בעשאַפער פון דעם עקאָנאָמישען מאַטעריאַליזם פערבינדען דעם טערמין: „די אופנים פון דער פּראָדוקציאָן" כמעט אַלע מאָל מיט א יורידישען זין.*)

אַזוי זעהען מיר אין דער פּאָלעמיק אַנטקעגען פּרודאָנ׳ען, ווי מאַרקס אידענטיפיצירט די פּראָדוקציאָנס־פערהעלטניסע מיט די אייגענטומס־פערהעלטניסע. אין זיין לעהרע וועגען דער אַרבייטס־טיילונג (אינ׳ב „קאַפּיטאַל") נעהמט ער פאַר זיין אויסגאַנגס־פּונקט ניט איהר טעכנישע יסודות, נאָר געוויסע סאָציאַל יורידישע בעדינגונגען, וואָס אונטער זייער ווירקונג איז זי אַרויסגערופען געוואָרען אין לעבען. אמת, מאַרקס בעטראַכט אויך די ווירקונג פון דער אַרבייטס־טיילונג אויף דער טעכניק, אָבער בעטאָנט ער, דער עיקר, דעם אומשטאַנד, אז „די אַרבייטס־טיילונג אין דער מאַנופאַקטור איז א ספּעציפישער פּראָדוקט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן", בעת די מאָדערנע אַרבייטס־טיילונג איז ענטשטאַנען נאָר אונטער דער הערשאַפט פון דער „פרייער קאָנקורענץ".

מאַרקס מאַכט אויך א גרויסען אונטערשייד צווישען דער מאַשין, ווי א פּראָדוקטיוו־קראַפט, און דער מאָדערנער פאַבריק, ווי א געוויסען געזעלשאַפטליכען פּראָדוקציאָנס־פערהעלטניס. נאָר די

---

*) איך וויל שוין דאָ אויפמערקזאַם מאַכען אויף דעם פעהלער, אין וועלכען שטאַמלער פאַלט אַריין. אויב ניט ביי ענגעלס׳ען, איז ביי מאַרקס׳ען כמעט אומעטום, — אויף וויפיעל מיר געדענקט זיך, — אויסגעהאַלטען די שטרענגע פאַנאַנדערשיידונג פון דריי בעגריפען: „פּראָדוקציאָנס־אופן" (וויזע), „פּראָדוקציאָנס־פאָרם" און „פּראָדוקציאָנס־פערהעלטניסע". דערהויפּט אין „קאַפּיטאַל". דער „אופן" איז טעכניש, די „פאָרם" איז סאָציאַל און יורידיש, די „פערהעלטניסע" זיינען דער סכום פון ווירקונגען, וואָס שטאַמען פון ביידע פאַקטאָרען, דעם טעכנישען און דעם סאָציאַל־יורידישען. דער פעהלער פערמינערט אָבער ניט דעם ווערטה פון שטאַמלער׳ס אַרגומענטאַציע בכלל.

לעצטערע רעכענט ער פּאר אין „עקאָנאָמישע קאַטעגאָריע". די ערשטע קאָן מען, לויט מאַרקס' מיינונג, אַקוראַט אַזוי ווייניג אָנרופען אין „עקאָנאָמישע קאַטעגאָריע", ווי די אַרבייטס־פּיה. אָבער דער חלוק צווישען דער פאַבריק אין דעם טעכנישען זין פון דעם וואָרט און דערזעלביגער פאַבריק, ווי אַ געוויסען פּראָדוקציאָנס־פערהעלטנים, — אין וואָס דען קאָן ער ליעגען, אויב ניט אין יענע יורידישע בעדינגונגען, אין וועלכע זי, די פאַבריק, איז אוועקגעשטעלט; אויב ניט אין דעם ר ע כ ט פון פּריוואַט אייגענטום, אין דעם ר ע כ ט פון אומבעגרעניצטען קאַפּיטאַל־אָנזאַמלען און אין דעם ר ע כ ט פון אַ פרייען אָבמאַך מיט די לוין־אַרבייטער?

און ווען מאַרקס און ענגעלס רעדען וועגען דער ווירקונג פון דעם מאַשיניזם אויף דאָס ווערען און וואַקסען פון דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם פּויפּעריזם, איז אויך קלאָר ווי דער טאָג, אַז זיי קאָנען דאָ האָבען אין אויג ניט די ריין טעכנישע אייגענשאַפטען פון דער מאַשינעלער פּראָדוקציע, נאָר יענע געזעלשאַפטליכע, ד. ה. יורידישע בעדינגונגען, אין וועלכע עס געפינט זיך איצטער די מאַשינעלע פּראָדוקציע, ד. ה. ווידער־אַ־מאָל דאָס ר ע כ ט פון פּריוואַט־אייגענטום און פון דעם פרייען אָבמאַך.*)

ביי ענגעלס'ען ווערט אויך דער עיקר גערעדט וועגען די סאָציאַלע בעדינגונגען פון דער פּראָדוקציאָן, ווען ער שמועסט, צ. ב., וועגען דער מיטעלאַלטערליכער צונפט־פּראָדוקציע אָדער וועגען דעם פּראָדוקציאָנס־אופן, וואָס איז אייגען דער איצטיגער בורזשואַזיע. און אויך דאָס איז קלאָר, אַז אַלע ערשיינונגען פון דעם פּראָדוקטען־אויסבייט דאַרף מען צורעכענען ניט צו דעם פעלד פון דער טעכניק, נאָר צו דעם פעלד פון די יורידישע בעדינגונגען, אין וועלכע עס שפּיעלט זיך אָב דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען.**)

אויף אַזאַ'ן אופן זעהען מיר, אַז מאַרקס און ענגעלס ווערען אומגערן אַליין אַראָבגעשלאָגען פון דער וויכטיגסטער פּאָזיציע אין זייער טעאָריע. זיי ווילען אַלע היסטאָרישע פערענדערונגען צורי־קפיהרען צו דער ענטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען, ד. ה. צו דער ענטוויקלונג פון דער טעכניק. אין דער אמת'ן אָבער פיה־

---

*) ז. 253—255.
**) ז. 257.

רען זיי צו אין דעם גרעסטען צאָהל פון פאַלען ניט צו דער טעכ-ניק, נאָר צו די געזעלשאַפטליכע, ד. ה. יורידישע בעדינגונגען פון דער פּראָדוקציאָן.

.5

דער לעזער, וואָס איז בעקאַנט מיט דער טעאָריע פון דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם, וואָלט געוויס געקאָנט ענטפערן אויף דערויף, אַז די געזעלשאַפטליכע בעדינגונגען פון דער פּראָדוקציאָן זיינען פאַר מאַרקס'ען ניט מעהר ווי אַ פּועל-יוצא פון אַ געוויסער ענטוויקלונגס-שטופע, צו וועלכען עס האָבען זיך דערהויבען די פּראָ-דוקטיוו-קרעפטען; ניט מעהר ווי אַ רעזולטאַט פון אַ געוויסען צו-שטאַנד, אין וועלכען עס געפינען זיך די טעכנישע יסודות פון דעם ווירטשאַפטליכען לעבען.

אָבער שטאַמלער ווייזט מיט רעכט אָן אין אַן אַנדער שטעל פון זיין ארבייט אויף דעם פאַקט, אַז אַט דער מאַרקסיסטישער גרונד-זאַץ איז גראָד ערגעץ ניט בעוויעזען געוואָרען פון מאַרקס'ען. די געזעלשאַפטליכע בעדינגונגען פון דער פּראָדוקציע מוזען דוקא פּיה-רען צו בעשטימטע אופנים, ווי צו פערטיילען די פּראָדוקטען, — זאָגט מאַרקס. אָבער מאַרקס האָט ערגעץ ניט בעוויעזען, אַז עס מוז זיין אַן אורזאַכליכע, כסדר ווירקענדע פערבינדונג צווישען די ערשיינונגען פון דער פּראָדוקציאָן און די ערשיינונגען פון דער פערטיילונג. מען קאָן גריילעך צולאָזען דעם געדאַנק, אַז ביי די-זעלביגע טעכנישע אופנים פון דער געזעלשאַפטליכער ארבייט זאָ-לען קאָנען האָבען פּלאַץ די פערשיידענסטע אופנים פון דעם פּראָ-דוקטען-פערטייל; און צוריק, — אַז איין-און-דערזעלביגער אופן פון דעם פּראָדוקטען-פערטייל זאָל האָבען פּלאַץ ביי די פערשיי-דענסטע טעכנישע טיפּען פון דער געזעלשאַפטליכער באַלעבאַטיש-קייט.

אמת, קויטסקי ברענגט אַ ביישפּיעל, ווי אַזוי אינדיאַנישע יעגער, וואָס פּלעגען פריהער, בעת זייערע כלי-זין זיינען בעשטאַנען דער עיקר פון פּיילען, פאַנאַנדערטיילען אינדיווידועל דעם רויב פון דעם אַלגעמיינעם געיעג, און דערנאָך, אַז זיי האָבען זיך בע-וואַפענט מיט ביקסען, זיינען זיי איבערגעגאַנגען צו אַ קאָמוניסטי-

שען פערטייל פון דעם זעלביגען רויב. הייסט עס, אז מיט דעם איבערבייט אין דער טעכניק האָט זיך אויך איבערגעביעטען דער פערטייל פון די פּראָדוקטען. אָבער אָט דער ביישפּיעל, מיינט שטאַמלער, בעווייזט גאַרנישט ניט. אין ביידע פאַלען איז געבלי־בען אומבעריהרט די קאָמוניסטישע, ד. ה. א געוויסע יורידישע אָרגאַניזאַציע פון דעם אופן גופא, ווי אזוי דאָס גייעג ווערט גע־פיהרט. וואָלט ניט געווען אָט דער קאָמוניסטישער יסוד, וואָלט דער אריין־פיהר פון פייער־שיסענדע כלי־זין געווים ניט געקאָנט ברייננגען צו קיין איבערבייט אין דעם פערטייל פון די פּראָדוקטען.

מיר וועלען זיך דאָ ניט אריינלאָזען טיעפער אין דער שאלה, אויף וויפיעל איז שטאַמלער גערעכט, ווען ער מיינט, אז די פאָרמען פון דעם פּראָדוקטען־פערטייל זענען דורכאויס אונאבהענגיג פון דעם אופן, ווי אזוי מען בעקומט די פּראָדוקטען. עס וואָלט ניט שווער געווען צו ווייזען, ווי אזוי אין דעם ציטירטען ביישפּיעל פון קויטסקי וואָלט די איינפיהרונג פון פייער־געוועהר געקאָנט ברענ־גען ניט נאָר צו א נייעם אופן פון פּראָדוקטען־פערטייל, נאָר אפילו צו דעם איבערבוי פון די סודות גופא פון דער פּראָדוקציאָן. אויב די אינדיאַנישע יעגער וואָלטען זיך בעשעפטיגט מיט זייער עסק דער עיקר צוליעב דעם פערקויף אויפ׳ן מארק, וואָלט דער אריינפיהר פון בעסערע טעכנישע אופנים געקאָנט ברייננגען מיט זיך א גרע־סערע סאָציאַלע דיפערענצירונג אין זייער סביבה אפילו אויף דעם באָדען פון א שותפות׳שער וואַרען־ווירטשאַפט. עס וואָלט געקאָנט ארויסוואקסען א קלאַס פון רייכע, און איהם וואָלט זיך אפשר איינ־געגעבען אין גאַנצען צו צושטערען די פריהערדיגע קאָמוניסטישע יסודות און פערבייטען זיי אויף קאַפּיטאַליסטישע פּרינציפּען פון פּריוואַט־אייגענטום און לוין־ארבייט.

אָבער שטאַמלער בלייבט, נאָך אונזער מיינונג נאָך, פּאָרט גע־רעכט, ווען ער זאָגט, אז דער מארקסיסטישער גרונד־געדאַנק: צו א בעשטימטען טעכנישען פּראָדוקציאָנס־אופן מוז אלע מאָל און אומעדום צוגעפּאַסט זיין א בעשטימטער אופן פון פּראָדוקטען־פערטייל, — אז דער געדאַנק איז ניט בעוויזען. ממילא קאָנען די יורידישע נאָרמען פון דעם ווירטשאַפטליכען לעבען בשום אופן ניט

ארויסגעבראכט ווערן פון זיינע טעכנישע יסודות, ווי ווירקונגען פון אן אורזאך.

אויף דעם סמך פון ביישפיעלען, וואָס די מארקסיסטישע לי־טעראטור אליין פיהרט אָן, פלייסט זיך שטאמלער צו בעווייזען, אז דער רעכטליכער עלעמענט געפינט זיך אין יעדער געזעלשאפטליכער ערשיי־נונג און קאָן ניט ווערן אָבגעטיילט פון איהם.

אָט דעם געדאנק לעגט ער אוועק אין דעם פונדאמענט פון זיין „סאָציאלען מאָניזם“ און אין דעם גרונד־געדאנק זעהט שטאמלער דעם הויפט־חלוק צווישען זיין טעאָריע און דעם מאטעריאליסטישען מאָניזם פון קארל מארקס.

.6

מאָניזם איז די צוריקפיהרונג פון פערשיידענע ערשיינונגען צו איין און דעם זעלביגען גרונד־פרינציפ. די איינצעלנע ערשיי־נונגען, וואָס דארפען פעראייניגט ווערען אין איין פרינציפ, קאָ־נען דערביי שפיעלען זעהר א פערשיידענע ראָליע; דעריבער קאָ־נען געמאָלט זיין פערשיידענע ארטען פון מאָניזם.

לאָמיר אָננעהמען, מען דארף פעראייניגען אין איין גרונד־פרינציפ צוויי ערשיינונגען: „אלף“ און „בית“. דאָס קאָן געשעהן אויף פיער פערשיידענע אופנים.

ערשטער פאַל: די ערשיינונג „אלף“ ווערט אָנגענומען פאר דעם איינהייטליכען פרינציפ, און די ערשיינונג „בית“ איז יעמאָלט ניט מעהר ווי אן איינצעל־פאַל פון איהם, א מאָדיפיקאציע זיינע אָדער א בעשטימטער צושטאנד אין איהם און שטאמט פון איהם אָב.

צווייטער פאַל: די גרונד־ערשיינונג אָדער דער פרינציפ איז ניט „אלף“ נאָר „בית“, און דער „אלף“ איז ניט מעהר ווי אן עק־זיסטענץ ארט, א מאָדיפיקאציע פון דעם „בית“.

דריטער פאַל: „אלף“ און „בית“ שטאמען ניט אָב איינס פון דעם אנדערן, נאָר זענען צוויי זייטען פון איין און דערזעלביגער גרונד־ערשיינונג, פון איין און דעמזעלביגען „מאָנאָן“. צו די איי־גענשאפטען פון דעם דאָזיגען מאָנאָן געהערט דער סכום פון יענע

איינענשאַפטען, וואָס געפינען זיך סיי אין דעם „אלף“, סיי אין דעם „בית“. ווי צוויי זייטען פון איין איינציגען מאַנאַן, קאָנען „אלף“ און „בית“, פערשטעהט זיך, ניט פיהרען קיין זעלבסטשטענ־דיגען זיין. זיי לויפען פּ אַ ר אַ ל ע ל איינע צו דער אנדערער און קאָנען ניט אָבגעריסען ווערן איינע פון דער אנדערער אָדער פון דעם גאַנצען, צו וועלכען זיי געהערען.

פערטער פאַל: „אלף“ און „בית“ זענען צוויי ניט אָבצוטיי־לענדע איינענשאַפטען פון א וועלכער עס איז דריטער זאַך, דעם אמת'ען גרונד־פּרינציפּ, דעם „מאָנאָן“, וואָס שטעקט פערבאָרגען אין זיי. דער מהות פון יענעם פערבאָרגענעם „מאָנאָן“ ווערט נאָך ניט דערקענט, ווען מיר שטודירען אוים די איינענשאַפטען פון „אלף“ און „בית“. דעם מאָנאָן'ס אמת'ער מהות איז ניט „אלף“ און ניט „בית“ און ניט די סומע פון זייביידען, נאָר עפּעס א מיטעל־זאַך, וואָס האָט זיי ביידע ביכולת אין זיך, פון וועלכען זיי האָבען זיך ביידע ארויסגעשיילט. *)

אויף אלע פעלדער פון דעם פילאָסאָפישען אָדער וויסענשאַפט־ליכען דענקען, ביי גאָר גרויסע אָדער גאָר קליינע פּראָבלעמען, שטוי־סען מיר זיך אָן אויף מאָניסטישע קאָנסטרוקציעס. וויל מען צו־נויפפיהרען אין איינעם „מאַטעריע“ און „גייסט“, אָדער „מענש“ און „מאַלפּע“, אָדער „קערן“ און „פּראָטאָפּלאַזמע“ אין דעם ביאָלאָ־גישען „קלייטעל“, אָדער „אינהאַלט“ און „פאָרם“ אין דער ער־קענטנים־טעאָריע, — אלע מאָל ווענדט דער מענשליכער שכל אָן איינעם אָדער מעהרערע פון די אויבען־כאַראַקטעריזירטע אופנים, און אָפט מאָל אויך אלע פיער מיט א מאָל.

פיין און רייך זענען די דאָזיגע פיער טיפּען פון דעם מאָ־ניסטישען דענקען אויסגעארבייט געוואָרען אויף דעם פעלד פון דער מעטאַפיזיק, דער עיקר אין יענעם צווייג איהרען, וואָס האָט צו טהאָן מיט דער שיכות פון דעם אזוי אָנגערופענעם „גייסט“ (דער

---

*) די פיער טיפּען פון דער מאָניסטישער פילאָסאָפיע לאָזען זיך צוריקפיהרען צו צוויי: דעם ג ע נ ע ט י ש ע ן און דעם ס י נ ־ ט ע ט י ש ע ן. פערגלייך, מיין איינלייטונגס־ווערק „די פילאָסאָפיע“, בד. 1, ז. 18.

„רוחניות") צו דער אזוי אָנגערופענער „מאַטעריע" (דער „גשמיות").

ווי פערטרעטער פון דעם ערשטען טיפּ קאָן מען דאָרטען נעהמען דעם ספּיריטואַליזם, וואָס זאָגט, אז דער „גרונד־פּרינציפּ", דער מאַ־ניסטישער תוך פון דער וועלט, איז „גייסט". די „מאַטעריע" אָבער איז ניט מעהר ווי אַ געוויסער צושטאַנד פון דעם גייסט אָדער **אין** דעם גייסט און שטאַמט אָפּ פון איהם. אויב דער ספּיריטואַליזם בויט זיין סיסטעם לויט דעם ערשטען טיפּ, איז זיין היפּך, דער מאַ־טעריאַליזם, אַ גוטער ביישפּיעל פאַר דעם צווייטען. דער תוך פון דער וועלט, זאָגט דער מאַטעריאַליזם, איז די מאַטעריע; „גייסט" איז ניט מעהר ווי אַ געוויסער צושטאַנד אין איהר און שטאַמט אָב פון איהר.

דער דריטער טיפּ טרעט בולט ארויס אין יענע מאָניסטישע סיסטעמען, וואָס זענען אויסגעוואַקסען אונטער דער השפּעה פון ספּינאָזאַ'ס פילאָזאָפיע. אהערצו געהערט דער פּסיכאָ־פיזיאָלאָגי־שער פּאַראַלעליזם פון אַ סך מאָדערנע פאָרשער אין דער פּסיכאָלאָ־גיע, ווי אויך די נאַטור־פילאָסאָפיע פון אזעלכע דענקער ווי לודוויג נוארע, לאַצאַרוס גייגער און ערנסט העקקעל. „מאַטעריע" און „גייסט", — אָדער „אויסגעשפּרייטקייט" און „דענקען", — אָדער „בעוועגונג" און „עמפּפינדונג", — זענען ניט מעהר ווי צוויי זייטען פון איין און דעם זעלבינען גאַנצען און קאָנען איינע פון דער אַנדערער ניט אָבגעטיילט ווערן.

פאַר דעם פערטען טיפּ פון דעם מאָניסטישען געדאַנק קאָן מען אָנפיהרען ווי אַ ביישפּיעל די פילאָסאָפיע פון שעללינג'ען, וואָס האָט צוריקגעפיהרט „גייסט" און „מאַטעריע" צו אַ דריטער זאַך, וואָס ליעגט אויף זייער גרונט, צו דער „אבסאָלוטער סובסטאַנץ", אין וועלכערביידע היפּכים פערליערען זייערע בולט'ע אייגענשאַפ־טען און פון וועלכער זיי האָבען זיך ביידע ארויסגעוויקעלט.

דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דעם דריטען טיפּ — דעם פּאַראַלעליסטישען — בעשטעהט אין דעם, וואָס ער לייקענט לגמרי אָב, אז „מאַטעריע" און „גייסט" זאָלען קאָנען ווירקען איינע אויף דעם אַנדערען. זיי פערענדערען זיך ביידע מיט אַ מאָל. וואַקסט אָן אַ וועלכער עס איז שינוי אין דער איינהייטליכער וועלט־סוב־

סטאַנץ, אַזוי דריקט זיך תיכף דער דאָזיגער שינוי אויס אין איהרע צוויי זייטען מיט אַ מאָל: עס קומט פאָר אַ פּאַראַלעלע ענדערונג אין דעם „גייסט" און אין דער „מאַטעריע".*)

טראַגט מען אַריבער דעם פּאַראַלעליסטישען שטאַנדפּונקט פון דער ריינער פילאָסאָפיע אין די סאָציאַל־פילאָסאָפיע און אין די גע־שיכטס־פילאָסאָפיע, יעמאָלט בעקומען מיר דעם פונדאַמענטאַלען מאָניסטישען כלל, אַז יענעס „עפּעס", וואָס מיר רופען אָן „מאַ־טעריע" אָדער „אינהאַלט" פון דעם געזעלשאַפטליכען אָדער גע־שיכטליכען לעבען, קאָן בשום אופן ניט אָבגעטיילט ווערען פון דעם „עפּעס", וואָס מיר רופען אָן דער „גייסט" אָדער די „פאָרם" פון דעם געזעלשאַפטליכען אָדער געשיכטליכען לעבען. געשיכטלי־כער „גייסט" און געשיכטליכע „מאַטעריע", סאָציאַלער „אינהאַלט" און סאָציאַלע „פאָרם" קאָנען ניט ווירקען איינס אויף דאָס אַנדערע, ווייל זייערע פערענדערונגען קומען פאָר פּאַראַלעל, אין איינעם מיט די אינוועניגסטע פערענדערונגען, וואָס שפּיעלען זיך אָב אין די געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען.

מיר האָבען דאָ אוועקגעשטעלט אין איין ליניע די טערמינעס: „מאַטעריע" און „אינהאַלט" פון איין זייט, „גייסט" און „פאָרם" פון דער אַנדערער. דאָס אייגענע האָט שוין אַריסטאָטעל געטהאָן אין זיין סיסטעם**) און זינט יעמאָלט טרעפען מיר אָפט ביי פער־שיידענע פילאָסאָפישע דענקער אַזאַ צונויפשטעלונג. מיר מוזען אָבער דאָ בעמערקען, אַז זי פּאַסט ניט גאָר אין גאַנצען צו די מאָ־ניסטישע טעאָריעס פון קאַרל מאַרקס און רודאָלף שטאַמלער.

מאַרקס האָט אין אַלע טיילען פון זיין פילאָסאָפישען דענקען געהאַט צו טהאָן מיט דער שייכות, וואָס הערשט צווישען „זיין" און „בעוואוסטזיין", און אומעטום ווייל ער בעווייזען, אַז דאָס „בע־וואוסטזיין" שטאַמט אָב פון דעם „זיין".***) דעריבער פּאַסט פאַר זיין פילאָסאָפיע די פאָרמעל פון „מאַטעריע" און „גייסט". רודאָלף שטאַמלער בעשעפטיגט זיך דער עיקר מיט דער שייכות, וואָס

*) פגל. ד. ג. בד. 1, ז. 113.

**) מעהר וועגען דעם פּאַראַלעליזם זעה אין דעם ציטירטען ווערק בד. 1, ז. 246—247.

***) פגל. ד. ג. בד. 2, ז. 169 און ווייטער.

הערשט צווישען דער „מאַטעריעלער" זייט פון דעם געזעלשאַפטלי־
כען לעבען און דער „פאָרמאַלער", אָדער דער יורידישער זייט. און
דעריבער האָט זיין סאָציאַל־פילאָסאָפיע צו טהאָן מיט דעם מאָ־
ניזם פון „מאַטעריע" און „פאָרם."

אָבער ווי די מעשה איז, זעהט מען קלאָר, אַז די צוויי דענ־
קער געהען זיך פאַנאַנדער דער עיקר דערינען, וואָס זיי ביידע בויען
זייערע מאָניסטישע סיסטעמען לויט צוויי פערשיעדענע טיפּען פון'ם
מאָניסטישען דענקען. מארקס פלייסט זיך צו פעראייניגען „בע־
וואוסטזיין" און „זיין", לויט דעם ערשטען אָדער דעם צווייטען
פון די אויבען כאַראַקטעריזירטע טיפען: דאָס „בעוואוסטזיין"
שטאַמט אָב פון דעם „זיין", ווערט בעהערשט פון דעם „זיין" און
איז ניט מעהר, ווי אַ צושטאַנד אין איהם. שטאַמלער אָבער בויט
זיין מאָניסטישען געבוי לויט דעם דריטען, דעם „פּאַראַלעליסטי־
שען" טיפּ: די „מאַטעריע", אָדער דער „אינהאַלט" פון דעם גע־
זעלשאַפטליכען לעבען, און איהר „פאָרם" זיינען צוויי גלייך מעכ־
טיגע, אויף אייביג צונויפגעוואַקסענע, איינס פון דעם אַנדערן ניט
אָבצורייסענדע עלעמענטען פון יעדער געזעלשאַפטליכער ערשיי־
נונג.

## 7.

**אָבער — וואָס אַזוינס איז „מאַטעריע" און אין וואָס אַזוינס בע־
שטעהט די „פאָרם" פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען?**

די „סאָציאַלע מאַטעריע", זאָגט שטאַמלער אין איינעם מיט
די מארקסיסטען, איז דאָס עקאָנאָמישע לעבען פון דער געזעלשאַפט.
יעדע עקאָנאָמישע ערשיינונג איז אַ מאַטעריעלע ערשיינונג. דאָס
קלינגט דורכאויס מארקסיסטיש. אָבער אין די ווערטער „עקאָנאָ־
מישע ערשיינונגען" לעגט שטאַמלער אריין אַזאַ זין, וועלכען זיי האָ־
בען קיין מאָל ניט געהאַט ניט אין דעם מאַרקסיסטישען סיסטעם,
ניט אין דער מאָדערנער שפּראַך איבערהויפּט. אַן עקאָנאָמישע
ערשיינונג, ווי אַ שטיק „מאַטעריע פון דעם געזעלשאַפטליכען לע־
בען" איז, לויט שטאַמלער, יעדע בשותפות'שע אַרבייט פון מענ־
שען, וואָס ווערט געטהאָן כדי צו בעפריעדיגען מענשליכע בעדערפע־
ניסען, — אַלץ איינס, צי יענע ארבייט וויל בעפריעדיגען אַ בע־

דערפעניס, וואָס ווערט אָנגערופען א „ניעדעריגע" אָדער אזא, וואָס ווערט אָנגערופען א „העכערע". ס'איז נימאָ, זאָגט שטאמלער, קיין ברעקעל סאָציאָלאָגישע נפקא מיניה צווישען דער ארבייט פון דעם מענשען, כדי אָנצוגרייטען עסענוואַרג, קליידער און געצייג, און דער ארבייט זיינער אויף די פעלדער פון פעדאַגאָגיק, וויסענשאַפט, רעליגיאָן, קונסט און פילאָסאָפיע. אַלע צווייגען פון דער מענשליכער ארבייט האָבען, מיינט שטאמלער, נאָר איין אייניציגען ציעל אין זינען: בעקומען הנאה און פערמיידען צער. דעריבער מוז מען צו דער „סאָציאַלער מאטעריע" אויפ'ן גלייכען אופן צורעכענען אזעלכע פערשיידענע טעטיגקייטען און פראָדוקטען פון דעם מענשליכען שאפען, ווי ערד־ארבייט און רעליגיע, האַלץ־האַקען און פּאָעזיע, שוסטעריי און פילאָסאָפיע. זיי אַלע שטעלען מיט זיך צוזאמען דעם „אינהאַלט" פון דעם געזעלשאפטליכען זיין.

שטעלט מען זיך אוועק אויף אזא שטאנדפּונקט בנוגע צו דער געזעלשאפטליכער מאטעריע, איז, פערשטעהט זיך, זעהר לייכט צו בעווייזען די ריכטיגקייט פון יענעם גרונד־געדאַנק, פאר וועלכען עס קעמפט דער היסטאָרישער מאטעריאַליזם. אין דער אמת'ן! מיט דער הילף פון א גוטען סילאָגיזם קאָן מען דאָס מאכען אין איינס און צוויי:

דאָס היסטאָרישע לעבען פון דער מענשליכער געזעלשאפט איז מענשליכע טעטיגקייט, וואָס האָט צו איהר ציעל די בעפריעדיגונג פון מענשליכע בעדערפעניסען, דאָס הייסט, עקאָנאָמישע טעטיגקייט.

ממילא איז קלאָר ווי דער טאָג, אז אַלץ אין דער געשיכטע מוז אין דער לעצטער שורה צוריקגעפיהרט ווערען צו עקאָנאָמישע ערשיינונגען.

צו אזא ריין „טערמינאָלאָגישער" בעגרינדונג פון דעם מארקסיזם איז שטאמלער דערגאַנגען כמעט ביז אויף א האָר, און אויב ער איז ניט אריינגעפאַלען אין איהרע נעצען, איז דאָס א דאַנק יענעם טיפ פון מאָניסטישען דענקען, צו וועלכען ער געהערט.

דאָס עקאָנאָמישע לעבען איז נור איין זייט פון דעם געזעלשאפטליכען זיין. אין יעדער עקאָנאָמישער ערשיינונג מוז זיך גע־

פינען ניט נאָר איהר „מאַטעריע“, נאָר אויך איהר „פאָרם“, און ממילא קאָן דאָס געשיכטליכע לעבען קיין מאָל ניט אויסגעטייטשט ווערען ריין מאַטעריאַליסטיש.

די פאָרם פון יעדען געזעלשאַפטליכען לעבענס־מאָמענט, ד. ה. פון יעדער עקאָנאָמישער ערשיינונג בעשטעהט, זאָגט שטאַמלער, אין יענע ר ע כ ט ל י כ ע נ אָ ר מ ע ן , וואָס רעגולירען די עקאָנאָמישע טעטיגקייט פון די מענשען, וואָס ברענגען אריין אָר־דענונג אין זייער געזעלשאַפטליכער צוזאַמען־ווירקונג. ס'איז ניטאָ קיין איין איינציגע ערשיינונג אין דער געזעלשאַפטליכער טעטיג־קייט, וואָס זאָל ניט זיין נאָרמירט דורך וועלכע עס איז רעגעלן און כללים. דער סכום פון אָט די אַלע רעגעלן, וואָס לעבען און ווערען אָנגעווענדט אין דער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט, איז דאָס רעכטליכע לעבען פון דער געגעבענער געזעלשאַפט, די פ אָ ר־מ א ל ע זייט פון דעם סאָציאַלען געשעהען.

שטאַמלער'ס קאַטעגאָרישע בעהויפּטונג, אַז ס'איז ניטאָ קיין איין געזעלשאַפטליכע ערשיינונג אָהן אַ רעכטליכען עלעמענט, וואָס זאָל זיין פערבונדען מיט איהר, קלינגט אַ ביסעל צו גוזמא'דיג. אָבער די גאַנצע גוזמא פערשווינדט, ווי נאָר מיר דערוויסען זיך, אַז מיט דעם בעגריף „רעכט“ האָט זיך שטאַמלער בעגאַנגען כמעט אויף דעם זעלבינען שטייגער, ווי ער האָט דאָס געטהאָן מיט דעם טערמין: „עקאָנאָמישע ערשיינונג“. ער האָט דעם בעגריף געגע־בען אַ סך אַ ברייטערע אויסטייטשונג, איידער דאָס ווערט גע־ברויכט אין דער געוועהנליכער שפּראַך. יעדער בשותפות'ער צו־זאַמען־ווירקען פון מענשען אויף אַ וועלכען עס איז טעטיגקייטס־פעלד איז שוין פאַר איהם, ווי מיר האָבען געזעהען, אַן עקאָנאָמישע ער־שיינונג. און אַזוי ווערט אויך דער בעגריף „רעכט“ פאַנאַנדערגע־צויגען איבער זיינע געוועהנליכע מאָסען.

צו דעם רעכטליכען לעבען פון דער געזעלשאַפט געהערען ניט נאָר יענע נאָרמען, וואָס פליעסען פון אַ העכערער שטאַאַטליכער מאַכט, און וואָס טראָגען אין זיך דעם כאַראַקטער פון אַ געזעצ־ליכען צוואַנג; ניט נאָר אַפילו יענע געבאָטען און פערבאָטען, וואָס געפינען זיך אין דעם אַזוי אָנגערופענעם „געוואוינהייטס־רעכט“. אויך יעדער פרייער אָבמאַך צווישען מענש און מענש, אַלע פאָרע־

רונגען, וועלכע די הערשענדע זיטען שטעלען ארויס, — אפילו די מנהגים און די פאָרשריפטען פון אנשטענדיגקייט און פון דעם עהרען־קאָדעקס, — דאָס אַלץ רעכענט שטאַמלער צו צו דער יורידישער אָדער „פאָרמאַלער" זייט פון דעם געזעלשאַפטליכען פּראָצעס.

אַ דאַנק אָט די אַלע אויסערליכע נאָרמען און רעגעלן, — פון די כּללים פאַר דעם קאָנווענציאָנעלען „שטאַאַט", וואָס מען דאַרף אָבהיטען אויף אַן אַריסטאָקראַטישען פּיק־ניק, ביז צו די העכסטע פאָדערונגען פון דער שטאַאַטליכער מאַכט, — און נאָר אַ דאַנק אָט די אויסערליכע נאָרמען און רעגעלן בעקומט די מענשליכע טעטיג־קייט אַ געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער. מענשען לעבען נאָר אויף אַזוי פיעל אין אַ געזעלשאַפטליכען צושטאַנד, אויף וויפיעל זייער לעבען איז נאָרמירט דורך אַ וועלכער עס איז אויסערער רעגעל. געזעלשאַפט הויבט זיך אָן נאָר דאָרטען און יעמאָלט, וואו און ווען בעוואוסטזיניגע בעשעפעניסען שטעלען זיך מ י ט ב ע וו א ו ס ט־ז י י ן אַוועק ציעלען פאַר אַ בעשטימטער, בשותפות׳ער „סאָציאַל־ווירטשאַפטליכער" טעטיגקייט און דורך דעם גופא אַרבייטען זיי אויס אַ געוויסע פאָרם פון מיטאַרבייטערשאַפט, אַ געוויסע אוי־סערליכע איינאָרדנונג ווי זיי זאָלען זיך בעגעהן איינער מיט די אַנדערע, ווי זיי זאָלען שטעהן איינער צו דעם אַנדערן: ווי הערר און שקלאַוו, אָדער פרייע חברים, אָדער באַלאַבאָס און פּועלים און דערגלייכען. די איינגעאָרדענטע פאָרם פון דער מיטאַרבייטער־שאַפט פערקערפּערט זיך אין יעדען מאָמענט פון דער בשותפות׳שער אַרבייט, און נאָר אין די גרעניצען פון דער רעגולירענדער פאָרם קאָן דער סאָציאַל־ווירטשאַפטליכער צוועק, ד. ה., ווי מיר ווייסען, דער „עקאָנאָמישער" צוועק, פערווירקליכט ווערען אין לעבען.

אין יעדער סאָציאַלער ערשיינונג קאָנען מיר דעריבער אין געדאַנקען פאַנאַנדערשיידען איהרע צוויי גרונד־עלעמענטען: דעם מאַטעריעלען, אָדער עקאָנאָמישען עלעמענט, וואָס בעשטעהט אין די ריין טעכנישע פּראָצעסען, אין וועלכע עס דריקט זיך אויס אונזער בעגעהן זיך מיט דער נאַטור, און, אַ חוץ דעם, דעם פ אָ ר מ אַ־ל ע ן אָדער ר ע כ ט ל י כ ע ן עלעמענט, וואָס בעשטימט און רע־געלט דאָס בעגעהן זיך פון מענש צו מענש, בעת עס קומט פאָר דער ריין טעכנישער פּראָצעס. און יעדע איינצעלנע סאָציאַלע ער־

שיינונג איז ניט קיין אנדער זאַך, ווי אַ קאָנקרעטער מאָמענט פון דער אַלגעמיינער סאָציאַלער ווירטשאַפט, וואָס מוז ממילא אַלע מאָל בעשטעהן פון אַן עקאָנאָמישען אינהאַלט און אַ רעכטליכער פאָרם.

די טעכנישע פּראָצעסען קאָנען נאָר יעמאָלט קומען צום פאַר־שיין און אָנגעווענדעט ווערען אויף דער נאַטור, ווען עס איז שוין דאָ אַ געוויסע רעכטליכע פאָרם פון מיטאַרבייטערשאַפט, וואָס רע־גולט די בעציהונגען פון מענש צו מענש. און צוריק קאָן די בע־שטימטע פאָרם פון מיטאַרבייטערשאַפט, פון צווישען־מענשליכע בע־ציהונגען, נאָר יעמאָלט אריין טרעטען אין לעבען, ווען די מענשען פערווירקליכען אין דער בשותפות׳שער ארבייט זייערע עקאָנאָמישע ציעלען. ממילא האָבען מיר אַ רעכט צו זאָגען, אַז די מאַטעריע און די פאָרם פון אַ געזעלשאַפטליכער ערשיינונג קאָנען ניט עקזיסטירען איינע אָהן דער אנדערער, אַז זיי זענען באמת ניט מעהר ווי צוויי זייטען פון איין און דערזעלביגער זאַך, — דעם געזעלשאַפטליכען לעבענס־פּראָצעס.

דערפון גופא פליעסט אָבער ארויס דער צווייטער גרונדזאַץ פון דעם פּאַראַלעליסטישען מאָניזם: אַז די צוויי זייטען, — די ווירטשאַפטליכע און די רעכטליכע, — קאָנען ניט ווירקען איינע אויף די אנדערע, ווייל קיינע פון זיי קאָן ניט ארויסטרעטען מחוץ פון דער אנדערער. קיין ווירטשאַפטליכער אקט קאָן ניט געמאָלט זיין אָהן אַ בעשטימטער געזעלשאַפטליכער פאָרם, אין וועלכער ער שפּיעלט זיך אָב, און קיין רעכטליכער רעגלאַמענט קאָן ניט געמאָלט זיין, אָהן אַ וועלכער עס איז קאָנקרעטער אויספיהרונג אין דער גע־זעלשאַפטליכער ווירקליכקייט, אין דעם מאַטעריעלען פּראָצעס פון בעפריעדיגען מענשליכע בעדערפניסען.

אויף אזא׳ן אופן געפינען מיר, אַז די שייכות צווישען ווירט־שאַפט און רעכט אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען איז אקוראט אזא, ווי די, וואָס הערשט צווישען גוף און נשמה, לויט דער לעהרע פון ספינאָזא, אָדער צווישען דעם „אינהאַלט“ און דער „פאָרם“ פון דער דערקענטניס, לויט דער דערקענטניס־טעאָריע פון קאַנט.

אזוי זעהט אוים שטאַמלער׳ס גרונד־געזעץ פאַר דער סאָציאַלער סטאַטיק פאַר יעדען מאָמענט פון דעם געזעלשאַפטליכען זיין. לאָ־מיר איצטער זעהען, וואָס פאַר אַ פּנים עס בעקומט ביי איהם די

סאָציאַלע דינאַמיק, דער פּראָצעס פון געזעלשאַפטליכע פערענדע־
רונגען.

### 8.

דעם פּראָצעס, ווי אַזוי די רעכטליכע נאָרמען ווערען פערענ־
דערט אין דעם לויף פון דעם געשיכטליכען לעבען, שטעלט זיך
שטאַמלער פאָר אויף אַזאַ'ן אופן.

די רעכטליכע נאָרמען רעאַליזירען זיך, ווי מיר האָבען געז־
זעהן, נאָר אינאיינעם מיט דער „מאַטעריע" פון דער געזעלשאַפטלי־
כער ערשיינונג, — אַלץ איינס, אין וואָס די מאַטעריע זאָל ניט
בעשטעהן: אין דער פערפערטיגונג פון עסענוואַרג און אַנדערע גע־
ברויכס-אַרטיקלען, אָדער אין דעם מלמד'ס קנעלען מיט די קינדער,
אָדער אין די זיצונגען פון אַ וועלכען עס איז וויסענשאַפטליכען
קאָנגרעס. אַלע אַזעלכע געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען אינאיינעם
בילדען דעם סיסטעם אָדער דעם סדר פון דעם געזעלשאַפטליכען
לעבען, וואָס ווערט בעהערשט פון אַ וועלכען עס איז יורידישען גרונד־
פּרינציפּ, וועלכע נעהמט אַרום אַלע רעכטליכע כללים און דינים
פון די איינצעל-ערשיינונגען. זיי, די איינצעלנע, סאָציאַלע ערשיי־
נונגען, וואַקסען און ענטוויקלען זיך אין די גרענעצען פון דער הער־
שענדער סאָציאַלער, ד. ה. יורידישער נאָרמע, לאָמיר זאָגען: אין
דער נאָרם פון שקלאַווערײ, אָדער לייב-אייגענשאַפט, אָדער פרייער
לוין-אַרבייט. עס מוז אָבער אַריינטרעטען אַ מאָמענט, ווען די
איינצעלנע געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען וואַקסען אַריבער די גרע־
ניצען פון די יורידישע נאָרמען, וואָס הערשען אין זיי. זיי ווערט
ענג אין זיי, און מען זוכט פון זיי זיך צו בעפרייען. יעמאָלט
וואַקסט אויס אין די מוחות פון די מענשען דער געדאַנק איבער־
צובויען די שטענדיגע רעכטליכע נאָרמען. עס בעווייזען זיך פּראָ־
יעקטען פון פערשיידענע איינצעל-רעפאָרמען און עס ברענט זיך
פאַנאַנדער דער „קלאַסען-קאַמף".

דאָ האָבען מיר ווידער ביי שטאַמלער'ן אַ מאַרקסיסטישען
טערמין, וואָס ווערט אָבער געברויכט פון איהם אין אַ גאַנץ אַנ־
דער זין. אַ „קלאַסען-קאַמף" איז אין שטאַמלער'ס אויגען יעדער
קאַמף, וועלכען איין געזעלשאַפטליכע גרופּע פיהרט אַנטקעגען אַ

צווייטער, כדי אומצוענדערען וועלכע עס איז רעכטליכע נאָרמען. דער קאמף ווערט ארויסגערופען פון דער גרופע, וועמעס טעטיג־קייט עס איז איינגעענגט אין די אַלטע נאָרמען, אנטקעגען יענער גרופע, וועמען עס איז נאָך גערוים אין דער תפיסה, אָדער וואָס פיהלט ניט דעם דרוק אויף זיך, אָדער וואָס האָט וועלכע עס איז איינגענע פניות, אז די אַלטע פאָרמען זאָלען בלייבען ניט־בעריהרט. אזא מין „קלאַסען־קאַמף" קאָן אויסברעכען צ. ב. צווישען די „קלאַ־סיקער" און די „רעאַליסטען" אויף דעם פעלד פון יענער „סאָציאַל־ווירטשאַפטליכער" טעטיגקייט, וואָס רופט זיך אויף דעם פשוט'ען לשון אָן, — פעדאַגאָגיק.

דאָס שטרעבען צו רעפאָרמען ענדיגט זיך מיט נצחון, ווען די אַלטע סאָציאַלע ערשיינונג ווערט פערביטען אויף א נייער, וואָס האָט אין זיך א נייעם געזעלשאַפטליכען רעגלאַמענט, ווי ווען, צ. ב., די קלאַסישע גימנאַזיעס ווערען פערביטען אויף רעאַל־שולען, מיט בעזונדערע יורידישע פאָדערונגען פאַר זיי.

מיט דער צייט וואַקסט אָן די צאָהל פון אזעלכע נייע געזעל־שאַפטליכע רעגלאַמענטען אויף אַלע פעלדער פון דער געזעלשאַפט־ליכער טעטיגקייט. אַלע צווייגען פון דער קולטור, פון די ריין מאַטעריעלע ביז צו די גייסטיגע, זיינען מעהר אָדער ווייניגער בע־נייט מיט איינצעלנע סאָציאַלע ערשיינונגען וואָס שטעלען מיט זיך פאַר א נייע „מאַטעריע", איינגעקליידט אין נייע יורידישע נאָר־מען.

סוף־כל־סוף מוז קומען א צייט, ווען דער גאַנצער סדר פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, ד. ה., די רעכטליכע גרונד־פרינצי־פען, וואָס ליגען אין זיין יסוד, הערען אויף צו שטימען מיט די נייע איינצעל־ערשיינונגען און הויבען אָן צו דריקען אויף זיי. יע־מאָלט ווערען שוין געבוירען פראָיעקטען, ווי אזוי ראַדיקאַל איבער־צואַנדערשען אַלע שטאַטליכע און געזעלשאַפטליכע יסודות. עס קאָכט זיך פאַנאַנדער אָן ערנסטערער „קלאַסען־קאמף", וואָס קעמפט שוין ניט פאַר נייע איינצעל־רעגלאַמענטען, נאָר פאַר נייע רעכטליכע גרונד־פרינציפען. דער קאמף ענדיגט זיך אויך דאָ מיט דעם, וואָס די אַלטע יסודות פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען מו־זען מאַכען פלאַץ פאַר נייע. אָבער די נייע יורידישע נאָרמען קאָ־

נען אויך ניט אריינגעהן אין לעבען, סיידען ווען זיי בעהעפטען זיך מיט א וואַסער עס איז סאָציאַלער „מאַטעריע". זיי מוזען דורכ־דרינגען מיט זיך יענע אופנים, ווי אזוי די מענשען בעפריעדיגען זייערע בעדערפניסען אונטער די נייע בעדינגונגען. זיי מוזען זיך רעאַליזירען און פערקערפּערען — אין דער פאָרם פון געוויסע רעג־לאַמענטען — אין די טויזענדער סאָציאַלע איינצעל־ערשיינונגען, — פון וועלכע עס בעשטעהט דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען. נאָר ווען דער נייער גרונד־פּרינציפּ לאָזט פון זיך ארויס נייע איינצעל־רעגלאַמענטען פאַר די וויכטיגסטע פּרטים פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען; נאָר ווען די דאָזיגע יורידישע פערצווייגונג דרינגט דורך אומעטום אין לעבען, קאָן מען זאָגען, אז ער, דער נייער פּרינציפּ, האָט באמת געזיעגט.

אָבער באלד נאָך דעם זיעג הויבט זיך ווידער אָן דאָס שפּיעל פון אָנהויב. די סאָציאַלע ערשיינונגען הויבען אָן אויפ'ס ניי צו וואקסען און אריבערצוואוואקסען זייערע רעגלאַמענטען און דער „גלגל החוזר" פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען טרעט ווידער אריין אין דעם פּעריאָד פון רעפאָרמען און רעוואָלוציאָנען.

אויף אזא'ן אופן קומט שטאַמלער צו א רעזולטאַט, וואָס קלינגט דורך און דורך מארקסיסטיש: אַלע פערענדערונגען פון דעם סאָ־ציאַלען לעבען ווערען דערקלעהרט דורך די פערענדערונגען, וואָס קומען פאַר אין זיין מאַטעריעלען טייל; די רעכטליכע אנשויאונגען און די פּאָליטישע אידעאַלען פון די מענשען פאַלען ניט פון הימעל אראָב אויף דער ערד, נאָר פארקעהרט, וואקסען ביסלעכווייז ארויס, פון „דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט". מעהר נישט, מען דאַרף תמיד געדענקען, אז צו דעם „מאַטעריעלען" טייל פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען דאַרף אויך צוגערעכענט ווערען די גאַנצע „רוחניות", — די רעליגיאָן און די פּאָעזיע, און די מו־זיק, — און אז די „עקאָנאָמישע סטרוקטור" פון דער געזעלשאַפט איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי די מיטארבייטערשאַפט פון מענשען כדי צו בעפריעדיגען מענשליכע בעדערפניסען. און אין אַלע בעצ־ייאונגס־פּראָצעסען פון דער געזעלשאַפט געהען „ווירטשאַפט" און „רעכט" האַנד אין האַנד, לויפען פּאַראַלעל און קאָנען אין דער ווירקליכקייט ניט עקזיסטירען איינע אָהן דעם אַנדערען. קיין וועקסעל־ווירקונג צווישען זיי קאָן ניט געמאָלט זיין.

אָבער ווען שטאַמלער לייקענט לגמרי, אַז אין דער סאָציאַלער ווירטשאַפט זאָל קאָנען זיין אַ וועקסעל־ווירקונג צווישען „ווירט־שאַפט" און „רעכט", איז ער פאַרט געצוואונגען מודה צו זיין, אַז צווישען די איינצעלנע צווייגען פון דער סאָציאַלער ווירטשאַפט (עקאָנאָמיק, פעדאַגאָגיק, וויסענשאַפט, קונסט א. אז. וו.) מוז הער־שען אַ וועקסעל־ווירקונג. פרעגט זיך די גרויסע שאלה, וואָס האָט ביז איצטער אינטערעסירט די מוחות פון אַלע סאָציאָלאָגען: ווי ווירקען די דאָזיגע צווייגען איינער אויף דעם אַנדערען? לויט וואָס פאַר אַ מאָס און לויט וועלכע געזעצען? איז אפשר קאַרל מאַרקס גערעכט, ווען ער זאָגט, אַז יענע סאָציאַל־ווירטשאַפטליכע ערשיינונגען, — וועלכע מיר רופען געוועהנליך אָן די עקאָנאָמישע, — שפּיעלען די ראָליע פון דעם ד י ר י ז ש אָ ר אין דעם גאַנצען פּלאָנטער פון אַלע געזעלשאַפטליכע טעטיגקייטען?

אויף דער פראַגע גיט אונז שטאַמלער ניט קיין קלאָרען ענט־פער. נאָך מעהר: ער פלייסט זיך צו בעווייזען, אַז אַזא פראַגע דאַרף גאָר ניט אינטערעסירען דעם סאָציאָלאָג. וועלכער צווייג פון דער מענשליכער ווירטשאַפט האָט געווירקט אויף די אַנדערע צווייגען, — דאָס זאָל אויספאָרשען די פּ אָ ל י ט י ש ע ע ק אָ נ אָ מ י ע, ד. ה. די ווירטשאַפט פון די קאָנקרעטע ערשיינונגען פון דער סאָציאַלער באַלעבאַטישקייט. לאָז זי זיך גראָבען אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענשהייט און אויסגעפינען, וואָס עס האָט געווירקט אויף וואָס, און ווען דאָס איז געוועזען, און ווי אַזוי דאָס האָט זיך אָבגעשפּיעלט. דעם ענטפער וואָס מאַרקס גיט אויף דער שאלה, האַלט שטאַמלער פאַר צו־פריה און צו־ווענינג איינגע־פונדעוועט.

אָבער: אויב דער ענטפער אויף דער פראַגע געהט ניט אריין אין די אויפגאַבען פון דעם סאָציאָלאָג, איז וואָס דען זאָל איהם אינ־טערעסירען? וואו זאָלען מיר זוכען יענעם גרונד־געזעץ פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, וואָס מיט זיין הילף זאָלען מיר קאָנען אויסאַרבייטען אַן אָביעקטיווען קריטעריום פאַר אונזער געזעלשאַפט־ליכער אַרבייט? ווי זאָל מען פעסטשטעלען די אָביעקטיווע געזע־צען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען; ווי קאָן מען גאָר צוטרעטען צו אַזא פעסטשטעלונג, ווען מיר ווייסען לכתחילה, אַז די וועקסעל־

ווירקונג פון זיינע פיעל־צאָהליגע זייטען איז נאָך גאָר ניט אויסגע־פאָרשט געוואָרען און די געזעצען פון יענער וועקסעל־ווירקונג האָ־בען ממילא נאָך גאָר ניט געקאָנט ענטדעקט ווערן?

.9

שטאַמלער האָט געפיהלט די גאַנצע וויכטיגקייט פון די נאָר וואָס פאָרמולירטע פראַגען און האָט געזוכט צו געבען אַן ענטפער אויף זיי, וואָס שליעסט אין זיך איין אַ גאַנץ נייעם בליק אויף די אויפגאַבען און ציעלען פון דער סאָציאָלאָגיע. בקיצור קאָן זיין ענטפער פאָרמולירט ווערען אַזוי:

דער סאָציאָלאָג דאַרף זיך אין גאַנצען אָבזאָגען פון דער אויפ־גאַבע — אַרויסצוגעפינען וועלכע עס איז קויזאַלע שייכות'ען צווי־שען די געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען: ערשטענס ליעגען אויפ'ן גרונד פון יעדען סאָציאַלען פאַקט ריין פסיכישע עלעמענטען, וועל־כע מען קאָן קיין מאָל ניט און בשום אופן ניט אויסשטודירען גענוי. און צווייטענס איז דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען אַזוי רייך און פיעל־זייטיג, און די איינצעל־ערשיינונגען זענען אַזוי שטאַרק צונויפגעפלאָנטערט אין איינעם, אַז קיין מענשליכער שכל קאָן זיי ניט פאַנאַנדערפלאָנטערן און אויסגעפינען די ווירקליכע קויזאַלע שייכות'ען, וואָס הערשען אין זיי. אַלע פרובען אָנצואווענדען דעם פרינציפ פון קויזאַליטעט, כדי מיט זיין הילף צו דערקלערען דאָס שפיעל פון די געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען, האָבען זיך ניט איינ־געגעבען און קאָנען זיך קיין מאָל ניט איינגעבען.

טראַכט מען זיך אַריין אין די געדאַנקען שטאַמלער'ס, קאָן איינער מיינען, אַז דער ענד־רעזולטאַט, צו וועלכען ער מוז על פי נויטווענדיגקייט קומען, איז דער סאָציאָלאָגישער סקעפטיציזם. שטאַמלער מיידט אָבער אויס יענע געפאַהר, אַ דאַנק אַן ארגומענט, וועלכען ער נעהמט אַריבער פון קאַנט'ס פילאָסאָפיע. קויזאַלע דערקענטניס, זאָגט ער מיט קאַנט'ן, איז ניט די איינציגע אַרט פון דער מענשליכער דערקענטניס. דאָס קויזאַלע דענקען, אין די פאָר־מען פון אורזאַך און ווירקונג, איז ניט מעהר ווי איין מין אַפּריאָ־רישע פאָרם, וואָס מיט איהר הילף ברענגט אונזער שכל אַריין איינ־

הייט און אָרדנונג אין דעם פיעל־זייטיגען כאַאָס פון ערשיינונגען און פאַקטען. א חוץ דער פאָרם פון קויזאַליטעט איז אָבער נאָך דאַ אַן אַנדער פאָרם, וואָס איז אַקוראַט אַזוי אַ־פּריאָריש ווי די קויזאַ־ליטעט, — די צוועקמעסיגקייט. דאָרטען, וואו „אורזאַך און וויר־קונג“ זאָגען זיך אָב צו דיענען אונז, האָבען מיר אַ כשר'ען רעכט אַנצואווענדען די טעלעאָלאָגישע פאָרמען פון אונזער געדאַנק און אַנשטאָט די בעגריפען: „אורזאַך און ווירקונג“ אויסוועהלען פאַר אַ געצייג פון דעם וויסענשאַפטליכען אויפבוי די בעגריפען: „ציעל און מיטעל“.

די אויפגאַבע פון דעם סאָציאָלאָג וועט לפי דעם בעשטעהן דער עיקר אין איין זאַך: ער דאַרף אויסגעפינען יענעם א ל ג ע־מ י י נ ע ם צ ו ו ע ק פון אַלע געזעלשאַפטליכע נאָרמען, וואָס דער מענש דאַרף האָבען אין אויג, בעת ער איז אין גאַנצען פריי פון וועלכע עס איז פּערזענליכע פּניות אָדער פּאַרטיי־און קלאַ־סען־אינטערעסען און טראַכט נאָר וועגען איין זאַך — די אינטערע־סען פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. אָט יענער א ל ג ע מ י י נ ע ר צ ו ו ע ק וועט זיין דער סאָציאַלער געזעץ, וואָס וועט אונז דיע־נען ווי אַן אָביעקטיווער קריטעריום און מאַסשטאַב פאַר דער גע־זעלשאַפטליכער טהעטיגקייט פון יעדער געגעבענער צייט.

ווי אַזוי זאָלען מיר אָביעקטיוו־וויסענשאַפטליך געפינען יענעם געזעץ?

שטאַמלער שלאָגט פאָר אַ מעטאָדע, ווי אַזוי איהם אויסצוגע־פינען, וועלכע ער ווענדעט אויך אָן אין זיין ווערק און וועלכע ער רעכענט פאַר דער איינציג ריכטיגער.

לאָמיר, זאָגט ער, לאָגיש אַנאַליזירען אַלע געזעלשאַפטליכע פאָרמען, ד. ה. אַלע רעכטליכע רעגלאַמענטען, און לאָמיר ארויסדע־סטילירען פון זיי יענעם עלעמענט פון צוועקמעסיגקייט, וואָס ליעגט אַלע מאָל פערבאָרגען אין זיי. אָט די איינצעלנע טהעאָלאָגישע עלעמענטען לאָמיר פערגלייכען צווישען זיך און צוריקפיהרען זיי צו איין איינציגען גרונד־פּרינציפּ. דורך דעם גופא וועלען מיר זיך דערגראָבען צו יענעם אבסטראַקטען ציעל, וואָס ליעגט אין זייער אַלעמענס פונדאַמענט. און אָט דער אַלגעמיינסטער ציעל וועט זיין דער אַלגעמיינער געזעץ, וועלכען דער סאָציאָלאָג זוכט.

א דאנק דעם מעטהאָד פון לאָגיש אנאליזירען די יורידישע נאָרמען, קומט שטאַמלער צו דעם לעצטען רעזולטאט פון זיין פאָר־שונג. ער געפינט אוים יענעם גרונד־פרינציפּ, וואָס דארף זיין אונ־זער פיהרער אין דער געזעלשאפטליכער פּראקטיקע און וואָס דארף אוועקגעלעגט ווערען אין דעם פונדאמענט פון יעדען „אָביעקטיוו־מאָטיווירטען“ געזעלשאפטליכען שריט.

דער פיהרענדער פרינציפּ בעשטעהט אין דעם שטרעבען צו א בעשטימטען א י ד ע א ל פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. דאָס דארף זיין א געזעלשאפט פון „פריי וועלענדע מענשען“, ד. ה. פון אזעלכע מענשען וועמעס ווילען עס איז אין גאנצען פריי פון וועלכע עס איז פּערזענליכע אינטערעסען אָדער פּארטיי־וואונשען און קלאסען־שטרעבונגען.

אין אלע געזעלשאפטליכע רעפאָרמען, אין אלע צייטען און דורות וועט נאָר דאָס — אין דער געזעלשאפטליכער עפענטליכער טעטיגקייט — זיין אָביעקטיוו ריכטיג און געזעצמעסיג, וואָס עס וועט געשעהן אין דעם נאָמען פון יענעם אידעאל און וואָס עס וועט פיהרען צו זיין פערווירקליכונג אין לעבען. און צוריק: אלץ, וואָס געהט להיפך צו דעם דאָזיגען אידעאל, איז „סוביעקטיוו“, אונגעזעצ־מעסיג, ווען אפילו די דאָזיגע סוביעקטיווע שטרעמונגען זאָלען זיין די שטאַרקסטע אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען און דער טריאומף זאָל סוף־כל־סוף בלייבען אויף זייער זייט.

אָט דאָס איז, לויט שטאַמלער, דער גרונד־געזעץ פון דעם גע־זעלשאפטליכען לעבען, וואָס יעדער געזעלשאפטליכער טהוער דארף האָבען אין אויג, כדי זיך צו בעפרייען פון דעם סוביעקטיוויזם.

מען זעהט פון די אלע געדאנקען, אז שטאַמלער האָט אין זין דעם זעלביגען פילאָסאָפישען צוועק, וואָס קארל מארקס. ער וויל אויסגעפינען א וועג, ווי אזוי אָביעקטיוו צו בעגרינדען דעם „ע נ ד־צ י ע ל“, אָבער אזוי ווי ער קאָן ניט גלויבען אין די געשיכטס־פילאָסאָפיע בכלל — ובפרט נאָך אין דער מארקסיסטישער — וויל ער אנשטאָט דער געשיכטס־פילאָסאָפיע ארויפזעצען אויפ׳ן טהראָן א נייע וויסענשאפטליכע, אָדער, — לאָמיר רעדען פאָרזיכטיגער, — א נייע טעאָרעטישע דיסציפּלין: די סאָציאל־פילאָסאָפיע.

מיר וועלען שפּעטער זעהן, אז זיין סאָציאל־פילאָסאָפיע איז,

אין תוך געגומען, ניט קיין אנדער זאַך, ווי די מאָראַל־פילאָסאָפיע.
דערביי וועט אונז אויך קלאָר ווערען, וואָס מיר קאָנען האַלטען פון
איהר ווערטה פאַר די בעגרינדונג פון דעם ענד־ציעל.

## .10

ווי די לעזער האָבען זיך שוין געוויס אָנגעשטויסען, איז רו־
דאָלף שטאַמלער'ס טעאָריע פונ'ם סאָציאַלען מאָניזם ניט קיין אנ־
דער זאַך, ווי א נייער פרוב אָ ב י ע ק ט י ו ו אויסצוגעפינען
יענעם ענד־ציעל, צו וועלכען עס דאַרפען שטרעבען אַלע בעוואוסט־
זיניגע און עהרליכע געזעלשאַפטליכע טוערס. שטאַמלער נעהמט
זיך פאַר דעם נייעם פרוב דערפאַר, ווייל דער מאַרקסיזם, וואָס האָט
געהאַט אין זין דיזעלביגע אָביעקטיווע בעגרינדונג פון דעם ענד־
ציעל, האָט זיך נעפלייסט דורכצופיהרען דאָס אויף דעם פעלד פון
דער געשיכטס־פילאָסאָפיע, און האָט דערביי באַנקראָטירט.

ווייל מען האָבען אמת'ע אָביעקטיווע וויסענשאַפט אין די
ענינים פון סאָציאַל־פילאָסאָפיע און סאָציאַל־פאָליטיק, מוז מען,
מיינט שטאַמלער, זיך אָבזעגענען מיט די קאַטעגאָריען פון אור־
זאַך און ווירקונג, מיט די טיעפע פאָרשונגען פון „פאַרוואָס איז עס
אזוי געוואָרען?“ און „ווי מוז עס סטיכיש ווערען?“, און אָנווענ־
דען אָנשטאָט דעם די קאַטעגאָריען פון ציעל און מיטעל, און זו־
כען צו פערענטפערען די פראַגען: „צוליעב וואָס האָבען עס בע־
וואוסטזיניגע מענשען אריינגעפיהרט אין לעבען?“ און „צוליעב
וואָס און ווי, זאָלען מיר, בעוואוסטזיניגע מענשען, עס איבעראַנ־
דערשען אין דער צוקונפט?“ פערענטפערט ווערען דאַרפען די דאָ־
זיגע פראַגען נאָר פון די, וועמעס ווילען עס איז פריי, ד. ה. די,
וואָס האָבען ניט קיין אייגענע פניות און וואָס זוכען צו רעפאָר־
מירען די געזעלשאַפט נאָר צוליעב דעם טובת הכלל.

מען זעהט, די גאַנצע פילאָסאָפיע שטאַמלער'ס לויפט סוף־כל־
סוף אריין אין דעם פאָרט פון ריינע מאָראַל־פילאָסאָפיע, וואָס פרע־
דיגט דעם מענשען, ער זאָל זיך אָבזאָגען פון זיין עגאָאיזם און זיך
אין גאַנצען, אָהן פניות איבערגעבען צו די אינטערעסען פון דעם
כלל.

קאָן מען זיך צופריעדענשטעלען מיט די רעזולטאַטען, צו וועל־כע שטאַמלער איז געקומען? קאָן אונז די מאָראַל־פילאָסאָפיע באמת ארויסהעלפען דאָרטען, וואו די געשיכטס־פילאָסאָפיע לאָזט אונז, ווי אין א שיף אָהן א רודער?

ליידער קאָנען מיר איצטער ניט געבען קיין קריטישען אנא־ליז פון אלע איינצעלהייטען, וואָס אויף זיי האָט שטאַמלער אויפ־געבויט זיין מאָראַל־פילאָסאָפישע מעטאָדע אין דער ענד־ציעל פאָר־שונג. מיר מוזען זיך בענוגענען נאָר מיט דעם וויכטיגסטען ווענגען אלע יענע פונקטען, מיט וועלכע מיר האָבען בעקאַנט געמאכט דעם לעזער.

לאָמיר אָנהויבען פון יענעם „הלל הגדול", וועלכען שטאַמלער האָט אויסגעזונגען לכבוד דעם מארקסיזם.

קודם כל מוזען מיר בעמערקען, אז א סך פון די מעלות, וועל־כע שטאַמלער האָט אויסגערעכענט צו דעם שבח פון דעם מארק־סיזם, געפינען זיך אין איהם ניט אין א גרעסערער מאָס, איידער ביי דאָס רוב אנדערע געשיכטס־פילאָסאָפישע און סאָציאָלאָגישע טעאָ־ריעס, וואָס זיינען בעקאַנט דער מענשהייט.

שטאַמלער לויבט דעם מארקסיזם פאַר זיין בעגרייפען די גע־זעלשאַפט, ווי אן איינגענטאַרטיגע ערשיינונג, וואָס פאָדערט בע־זונדערע אייגענאַרטיגע פאָרשונגס־מעטאָדען, אָבער אויפפאַסען די געזעלשאַפט ווי אן ערשיינונג „סואי גענערים" איז ניט קיין ספּע־ציפישער סמן פונ'ם מארקסיזם. קיינער האָט ניט געלעגט אזוי פיעל וואָג אויף יענעם געדאַנק, ווי דער פאָטער פון דער נייער סאָ־ציאָלאָגיע, אָגיוסט קאָנט. דער געדאַנק געפינט זיך אויך ביי מארקס'ען, אָבער ער פערנעהמט ביי איהם, כלעבען, ניט יענעם בכבוד'ען פּלאַץ אין סיסטעם, וועלכען שטאַמלער לעדיגט פאַר איהם אָב.

דער מארקסיזם שטרעבט גיכער צו בעווייזען, אויב ניט דעם דירעקטען היפך פון יענעם געדאַנק, איז לכל הפחות עפּעס אזוינס, וואָס שוואַכט זעהר ערנסט אָב זיין גרויסע וואָג. דער מארקסיזם איז, לויט זיין גאַנצען פילאָסאָפישען מהות, פּעראינטערעסירט ארויסצוברענגען, אז, ניט קוקענדיג, וואָס די געזעלשאַפט איז א בע־זונדער מין זיין אויף דער וועלט, קאָן מען דאָך צוטרעטען צו איהר

אויספאָרשונג מיט די אַלגעמיינע מעטאָדען פון דעם וויסענשאַפט־ליכען דענקען: אָריגינעל אין דעם פּרט איז מארקס נאָר דערמיט, וואָס ער גיט צו צו יענע אַלגעמיינע מעטאָדען פון בעאָבאַכטונג און אַנאַליז נאָך די העגעל'שע דיאַלעקטישע מעטאָדע, מיט איהרע דריי־גאָרענדיגע האָזען־שפּרונגען פון טעזיס, אנטי־טעזיס און סינטעזיס, — אָן אָרגינאַליטעט, פון וועלכער ניט שטאַמלער, ניט מיר קאָנען ניט ווערען גריילִיך נתפּעל.

שטאַמלער פערגעסט אָדער זעהט ניט איין, אז מארקס האָט זיך לפי ערך זעהר ווייניג אָבגעגעבען מיט דער פראגע וועגען יענע ספּעציעל־סאָציאָלאָגישע פאָרשונגס־מעטאָדען, וואָס קאָנען און זאָ־לען אָנגעווענדעט ווערן נאָר אויף דעם דאָזיגען פעלד פון דעם מענשליכען וויסען און וואָס מוזען ביז צו א זעהר הויכען גראַד מאָ־דיפיצירען די אָנווענדונג פון די אַלגעמיין־וויסענשאַפטליכע מע־טאָדען.

ממילא וואָלט מען געהאט מעהר רעכט ארויסצוטרעטען מיט א טענה אנטקעגען דעם מארקסיזם, פאר וואָס ער האָט די סאָציאָ־לאָגיע צו ווייניג ארויסגעשיידט פון דעם גאנצען סכום מענשליכע וויסענשאַפט, פאר וואָס ער האָט צ ו  ש ט א ר ק אונטער־שטראָכען די  א י י נ ה י י ט  פון אַלע נאַטור־ערשיינונגען, — די אונבעוואוסטע, פּסיכישע און סאָציאַלע, — פאר וואָס ער האָט די ריין געזעלשאַפטליכע ערשיינונגען צו בלאָס כאראקטעריזירט.

די צווייטע מעלה פון דעם מארקסיזם, וואָס פון איהר פאַלט שטאַמלער אריין כמעט אין התלהבות, איז זיין שטרעבען אויסצוגע־פינען דעם העכסטען אָביעקטיווען קריטעריום פאר דער געזעל־שאַפטליכער טעטיגקייט, כדי מען זאָל מיט זיין הילף צונויפשטי־מען די שטרעבונגען פון די געזעלשאַפטליכע טוערם — מיט די גרונד־געזעצען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. אָבער אויך די מעלה געפינט זיך ביי אַלע, — ממש, ביי אַלע, — סאָציאָלאָגען פון דער אָביעקטיווער ריכטונג, און ביי אַלעמען ביי זיי שפּיעלט זי די ראָליע פון דעם ענד־ציעל פאר זייער גאַנצען טעאָרעטישען בויען. איהר געפינט זי, די מעלה פון פּרינציפּיעל  ו ו ע ל ע ן  זיין אָב־יעקטיוו, ביי אַזעלכע פארשיידענע סאָציאָלאָגען און סאָציאַל־פילאָ־

סאָבען, ווי קאַנט און פוריע, ספענסער און סען־סימאָן, לאָרענץ פאָן שטיין און קעטטלע.

אַלע סאָציאָלאָגען פון דער אָביעקטיווער שוהלע האָבען ביז צו דער לעצטער צייט רק געוואָלט אויסגעפינען יענע אָביעקטיוו־ווי־סענשאַפטליכע אויפפאַסונגען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבענס־גאַנג, וואָס זאָלען איין מאָל פאַר אַלע מאָל מאַכען א סוף צו אַלע שטרייטערייען און ויכוחים פון די פערשיידענע פּאַרטייען און פּראָגראַמען, און וואָס זאָלען אונז געבען א זיכערען פיהרענדען פּאַ־דים אין האַנד, כדי מיר זאָלען צו יעדער צייט קאָנען וויסען, אויף וואָס און ווי אַזוי אָנצואווענדען די געזעלשאַפטליכע ענערגיע.

אמת, האָט רוב פון זיי האָט דעם דאָזיגען פאָדים געזוכט אין דער געזעלשאַפטליכער סטאַטיק, בעת אנדערע — און מארקס בתוכם — האָבען דעם צענטר פון זייערע וויסענשאַפטליכע האָפ־נונגען אריבערגעטראָגען אויף דעם פעלד פון דער סאָציאַלער דינאַ־מיק. אָבער דאָס, רעכען איך, דארף ניט זיין קיין נפקא מיניה פאַר שטאַמלער'ען, ווייל אויך ער האָט, ווי מיר האָבען געזעהן, נ י ט אין דער דינאַמיק געזוכט יענעם שווער־פונקט, וואָס זאָל אין אַלע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטליכע שטרעבונגען אריינטראָגען אָביעקטיוו־וויסענשאַפטליכע וואָג און סטאַביליטעט, וואָס זיי פעהלט.

### .11

בלייבט פון אַלע מעלות דער מאָניזם, וואָס שפּיעלט באמת אין מארקס' סיסטעם א גאָר אויסערגעוועהנליכע ראָליע.

מיר האָבען שוין אַזוי פיעל מאָל געהאַט די געלעגענהייט צו רעדען וועגען דעם מאָניזם, אויפצואווייזען אויף זיינע מעלות און אויך אויף יענע גרעניצען, וואו די מעלות הויבען אָן אריבערצו־געהן אין חסרונות, אז דאָ מעגען מיר זיך בענוגענען נאָר מיט די וויכטיגסטע פונקטען.

דער מאָניזם, די צוריקפיהרונג פון אַלע ערשיינונגען צו איין־איינציגען יסוד, איז בלי ספק איינע פון די גרעסטע מעלות, מיט וועלכער א וואָסער עס איז וויסענשאַפטליכע דיסציפּלין האָט א רעכט צו שטאָלצירען, אָבער בתנאי, אז דער מאָניזם יאָל זיין דער

נויטוועגדיגער, ניט אויסצומיידענדער ע נ ד ־ ר ע ז ו ל ט א ט פון א מעטהאָדאָלאָגיש־ריכטיגער פאָרשונג.

ווערט אָבער דער מאָניזם געברויכט, ווי א פאָרשונגס־פרינציפ, ווי א מעטאָדאָלאָגישער פרינציפ, איז ער יעמאָלט ניט נאָר ניט קיין מעלה, נאָר איינער פון די גרעסטע חסרונות, וואָס קאָנען אוועקשטעלען אין סכנה די גאנצע ארבייט פון דעם וויסענשאפט־ליכען זוכען. דער מאָניזם מוז דעריבער שוין פון אָנהויב אָן ארויס־רופען דעם גרעסטען חשד צו זיך ביי אלע די, וועלכע האָבען זיך אָבגעגעבען א קלאָרען דין וחשבון וועגען דעם, וואָס אזוינס א ווי־סענשאפט איז, און אין וואָס אזוינס בעשטעהען איהרע פאָדעריגגען.

וויסענשאפט איז ניט קיין ארכיטעקטור. די שעהנקייט פון דעם אויפבוי און די איינהייט פון דעם סטיל, — דאָס זענען לוק־סוס־זאכען, וועגען וועלכע די וויסענשאפט מאָג טראכטען נאָר יע־מאָלט, ווען עס זענען בעפריעדיגט געוואָרען איהרע וויכטיגסטע, איהרע ממשות'דיגע נויטען. די וויסענשאפט — און אין דערין שיידט זי זיך אָב פון דער פילאָסאָפיע — האָט צו טהאָן נ אָ ר מיט פאקטען און מיט די נויטוועגדיגע שיכות'ען, וואָס צווישען זיי. אָט די פאקטען און די שיכות'ען מוז זי אויספאָרשען, מיט דעם העכסט מעגליכען גראד פון פינקטליכקייט. נאָר ווען זי האָט אוועק־געלעגט דעם פונדאמענט פון די פינקטליך אויסגעפאָרשטע פאק־טען און שיכות'ען, קאָן זי איבערגעהן פון טהיילווייזע גענעראלי־זאציעס צו מעהר אָדער וועניגער אלגעמיינע, אויף וויפיעל דאָס לאָ־זען צו די פאקטען, אָדער גאָר: אויף וויפיעל זיי פאָדערען דאָס און דיקטירען.

געוויס, דער וואָס איז גוט בעקאַנט מיט דער טבע פון דעם מענשליכען שכל, וואָס וויים די אַרט זיינע, ווי ער בויט וויסענ־שאפט און סיסטעמען פון וויסענשאפטען, קאָן לכתחילה זיין זי־כער, אז ער, דער מענשליכער שכל, וועט סוף־כל־סוף אויסגעפינען א וועלכע עס איז איינהייט, וואָס דארף ליעגען אין דעם גרונט פון אלע ערשיינונגען, וועלכע ער פאָרשט אויס. אָבער אין וואָס דער שכל וועט אין דער סוף פון דער אונטערזוכונג געצוואונגען זיין, — לויט זיין טבע און לויט די נאטור פון די פאקטען, — צו דערזעהן די איינהייט, — דאָס קאָן מען אויף א פריהער ניט ווי־

סען. דעריבער מוז דער פאָרשער אין יעדען מאָמענט פון זיין פאָרשען קאָנסטאַטירען נאָר האָס, וואָס עס געפינט זיך ביי איהם אונטער די פינגער, — אַלץ איינס, צי עס וועט זיין מאָניזם, אָדער דואַליזם, אָדער, חס ושלום, גאָר פּלוראַליזם.

היפּאָטהעזען און טהעאָריעס, — דער עלעמענט פון מעג־ליכקייט אין דער פאָרשונג, — שפּיעלען געוויס זעהר אַ גרויסע ראָליע: אָהן זיי וואָלט מען אפשר ניט געקאָנט מאַכען קיין איין ערנסטען שריט ווייטער. אָבער, בעת דער געלעהרנטער קומט אָן צו זייער הילף, טאָר ער קיין מאָל ניט פערגעסען, אַז די פאַקטען זענען בעשאַפען געוואָרען ניט צוליעב דעם, זיי זאָלען גערעכט געבען דער אָדער יענער היפּאָטעזע. פערקעהרט! די היפּאָטהעזען ווע־רען אויפגעשטעלט צוליעב דעם, כדי עס זאָל זיין בעקוועמער דורכ־צופאָרשען און צו בעגרייפען די פאַקטען. אויב דער פאָרשער האָט דאָס גוט אין זין און וויל בלייבען טריי די שטרענגע פאָדע־רונגען פון דער וויסענשאַפט און ארבייט אויף אַ פעלד, וואָס איז נאָך ווייניג דורכגעפאָרשט, איז יעמאָלט **טאָר ער זיך ניט** האַלטען שטאָהל און אייזען נאָר פאר איין־איינציגער היפּאָטעזע. אדרבה! וואָס מעהר השערות, וואָס מעהר **מעג־ליכע** אויסטייטשונגען דער פאָרשער וועט האָבען אין זיין גייסטיגען אייגענס, אַלץ ווייניגער פּאַרטייאיש וועט ער זיין, אַלץ ווייניגער טעאָרעטישע פּניות וועט ער האָבען, אַלץ מעהר שאַנסען וועלען ביי איהם זיין צו בעקומען דעם אמת **פריי**; אַלץ זיכערער וועט ער זיין, אַז ער וועט ניט נעהמען אומבעוואוסט פערהויקערען די פאַקטען צוליעב אַ פריהצייטיגער גענעראַליזאַציע, ווי דאָס פּאַסירט אַזוי אָפט מיט פאַנאַטיש איינגעגלויבטע טעאָרע־טיקער.

יעדע היפּאָטעזע, וואָס מען דאַרף אָנווענדען אויף אַ ניט־בעאַרבייטען אָדער ווייניג בעאַרבייטען פעלד, מוז על פּי הכרך זיין אַ לעדיגע, אַ וויטע. און וואָס ברייטער עס איז די גענע־ראַליזאַציע, וואָס מעהר וויסענשאַפטליכען מאַטעריאַל זי וועט דאַרפען אריינגעהמען אין זיך אין דער צוקונפט, אַלץ מעהר וויסט און לעער דאַרף זי בלייבען דערווייל, אויף די ערשטע שטופען פון דער פאָרשונג. אין דעם בויען פון אַזעלכע היפּאָטעזען האָט

מען אמאָל געזעהען די הויפּט־אויפגאַבע פון דער פילאָסאָפיע, אָבער זינט אויך די פילאָסאָפיע, — וועניגסטענס, איהרע מעהר פּראָגרעסיווערע ריכטונגען, — האָט זיך גענומען אָנשפּאַרען אָן דער וויסענשאַפט און האָט קלאָר דערקענט, אַז איינער פון איהרע וויכטיגסטע יסודות איז די ערפאַהרונג, ד. ה. די בעאָבאַכטונג און דער עקספּערימענט, — פון יעמאָלט אָן האָט אויך זי גענומען אָבזאָגען זיך פון יענע קונציג אויסגעפיהרטע, עפּעמערע בנינים, וועמעס איינציגער ציעל עס איז געווען — ארויסצוברענגען מאָניזם.

ווי אַ מעטאָדאָלאָגישער פּרינציפּ איז דער מאָניזם דערפאַר שעדליך פאַר דער פאָרשונג — און דאָס איז דער עיקר! — וואָס ער שרייבט איהר לכתחילה פאָר די ציעלען, צו וועלכען זי זאָל קומען. דאָס מוז זיך אָברופען צו בייזען אויף דעם גאַנג גופא פון דעם וויסענשאַפטליכען זוכען.

אויב דעם „ריינעם“ פילאָסאָפישען דענקען קען מען אָנרופען, און מען האָט שוין אמאָל אָנגערופען, די „פּאָעזיע פון בעגריפען“, מעג מען די כלומרשט־אינדוקטיווע פאָרשונג, וואָס ווערט געמאַכט פון אַ לכתחילה אין זיך איינגעגלויבטען מאָניזם, אָנרופען אַ „שיר אין פּראָזע“. אָבער שירים, ווען אפילו אין וויסענשאַפטליכער פּראָזע, זענען ניט וויסענשאַפט, און ווער עס וויל דיענען דער וויסענשאַפט, דאַרף זיך אויסלערנען פאַנאַנדערשיידען צווישען עסק און שפּיעל, די פאָדערונג פון דער וויסענשאַפטליכער זיכערקייט און די בעדערפעניסען פון שכל־דיגער הנאה. די לעצטע קאָנען האָבען אַן אָרט און מיט זיי דאַרף מען זיך רעכענען נאָר יעמאָלט, ווען מען האַלט אין אויס־בויען פילאָסאָפישע בנינים.

דערהויפּט מאַכט פיעל צרות אָן דער מאָניזם אין דער סאָציאָ־לאָגיע און אין דער געשיכטס־פילאָסאָפיע. עס איז פּשוט אַן אומ־גליק פאַר זיי, וואָס די מאָדערנע סאָציאָלאָגען און געשיכטס־פילאָ־סאָפען ווילען שוין פון אָנהויב, — ניט אַנדערש! — אַ גאַנצען, אַ פאַרטיגען סאָציאָלאָגישען אָדער געשיכטס־פילאָסאָפישען סיס־טעם. וואָלטען די נאַטור־פאָרשער, וואָס האָבען דורך זייער מיה אויסגעאַרבייט פאַר דער מענשהייט דאָס ביסעלע זיכערען אמת,

וואָס מיר פערמאָגען, — וואָלטען, זאָג איך, אויך זיי געווען פער־סם'ט מיט דערזעלביגער שכרות פון דעם מאָניזם, וואָלטען מיר עד היום נאָך ניט געהאַט קיין עקזאַקטע וויסענשאַפטען. אונזערע איצטיגע נאַטור־וויסענשאַפטען, — דערהויפּט די פיזיקאַלישע, — שטעהען דערפאַר אויף אַזאַ זיכערען באָדען, און געהען דערפאַר מיט אַזעלכע זיכערע שריט צו אַ מאָניסטישען בארג־שפּיץ, ווייל די, וואָס האָבען נאָך אין דער רענעסאַנס־צייט אוועקגעלעגט דעם פונ־דאַמענט פאַר זיי, האָבען דעם מאָניזם ניט געהאַט אין זין. נאָר וואָס בעפרייט זיך פון דעם פערשימעלטען מיטעלאַלטערליכען אַריס־טאָטעליזם, האָבען זיי געהאַט גענוג קראַפט אין זיך צו בלייבען פריי אויך פון יענע פאַנטאַסטישע פילאָסאָפישע חלומות פון זייער צייט, וואָס זיי האָט מעהר געאַרט פאַר דער אַריכיטעקטאָניש־איינהייט־ליכער שעהנקייט פון דעם בנין, איידער פאַר דער וויסענשאַפטליכער פעסטקייט פון דעם פונדאַמענט.

די גרויס פון אונזערע אבות אויף דעם עקספּערימענטאַלען פעלד איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס זיי זענען צוגעטראָטען שטור־דירען איינצעלנע ערשיינונגען מיט דעם הייליגען נדר — נעהמען זיי פּונקט אַזוי ווי זיי בעווייזען זיך דעם ניכטערען פאָרשער, דעם פרייען פון וועלכע עס איז רעליגיעזע אָדער טעאָרעטישע פניות און פאָראורטיילען.

די סאָציאָלאָגיע איז, צום בעקלאָגען, נאָך גאַנץ ווייט פון אַזאַ, איינציג וויסענשאַפטליכען בליק אויף דעם ענין. נאָך ניט אויסגעשטודירט קיין איין איינציגע געזעלשאַפטליכע ערשיינונג ווי דער סדר איז, נעהמט זיך דער מאָדערנער סאָציאָלאָג, — אויב מען זאָל ניט רעכענען וועניגע אויסנאַהמען, — אויפ'ן שטעל פאַר דער ענטדעקונג פון דעם סאָציאַלען גראַוויטאַציאָנס־געזעץ, וואָס דאַרף בעהערשען אַלע ספערען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען.

פון אַלע אונזערע רעיד איז געדרונגען, אַז נתפּעל ווערען, וואָס אַ וואָסער עס איז וויסענשאַפטליכע טעאָריע איז מאָניסטיש, ובפרט אַ טעאָריע, אין וועלכער מען גלויבט אַליין ניט, וואָס מען האַלט אַליין, אַז זי איז ניט מעהר ווי אַן ערשטער שריט אין דער וויסענשאַפטליכער פאָרשונג, הייסט — אָהן אַ ברעקעל רעכט צו־

נויטמישען אין איינעם די אויפגאַבען פון דער וויסענשאַפט מיט די אויפגאַבען פון דער פילאָסאָפיע, צו זייער ביידענס שאָדען, און לכתחילה אַוועקשטעלען די פאָרשונג אויף אַ פאַלשען וועג.

די אמת'ע טובה, וואָס דער מאַרקסיזם האָט געטהאָן דער געשיכטס־וויסענשאַפט, ליעגט ניט אין זיין מאָניזם און אויך ניט אין דעם, וואָס ער האָט כלומרשט געפונען דעם „שם־המפורש", פאַר וועלכען עס עפענען זיך אַלע בעהאַלטענע סודות פון דעם געשיכטליכען לעבען, נאָר אין דעם, וואָס ער האָט אַ סך שטאַרקער, איידער אַלע סיסטעמען ביז צו איהם, אָנגעוויזען אויף איינעם פון די וויכטיגסטע ווירקערס אין דעם געזעלשאַפטליכען און דעם היסטאָרישען לעבען, אויף דעם עקאָנאָמישען פאַקטאָר, וועמעס היסטאָרישען אימפּעט מיר דאַרפען נאָך ערשט אינדוקטיוו אויס־שטודירען און פאָראייננס אויסגעפינען די פערשיידענע אַרטען פון זיין ווירקען. אין דער אָבשאַצונג פון זיין ענטדעקונג האָבען מאַרקס און די מאַרקסיסטען געווים אַריבערגעכאַפּט די מאָס. זיי האָבען, על כל פנים, ניט געהאַט קיין רעכט אַרויסצוגעבען פאַר אַ פאַרטיגען ר ע ז ו ל ט א ט דאָס, וואָס איז אין בעסטען פאַל געוועזען אַ פּראָבלעם, וועלכען מען דאַרף נאָך ערשט פערענטפערען.

אויף אַזאַ'ן אופן איז שוין גאָר אַ גרויסע שאלה, צי שטאַמלער'ס הלל הגדול צוליעב דעם מאַרקסיזם איז אין אַלע פרטים גענוג מאָטיווירט. מען מוז דערביי אויך ניט פערגעסען, אַז די „עקאָנאָמישע" דערקלעהרונג פון די געזעלשאַפטליכע אידעאַלען, וואָס האָט אַזוי בעצויבערט שטאַמלער'ן, ווערט פון איהם אויסגע־טייטשט אויף אַזאַ נייעם אופן, אַז אין איהם בלייבט ניט קיין איין מאַרקסיסטישע האָר.

## 12

אַ סך אַן ערנסטערען ווערטה האָט שטאַמלער'ס קריטיק פון דעם מאַרקסיזם, ווען אפילו אויך דאָ איז אַ גרויסער ספק, צי מען קאָן מסכים זיין מיט אַלץ, וואָס דער מחבר זאָגט.

זיין קריטיק פון קויטסקי'ס ביישפּיעל מיט די אינדיאַנער, מיט וועלכען קויטסקי האָט געוואָלט בעווייזען, אַז דורך דעם אי־

בערבייט אין דער טעכניק האָט זיך אויך איבערגעביטען דער אופן פון פערטיילען די פּראָדוקטען, טרעפט ניט אין גאנצען אין ציעל, ווי מיר האָבען דאָס שוין פריהער בעמערקט. דער פאקט בלייבט א פאקט, אז אין דעם געגעבענעם פאַל האָט די פערענדערונג פון דעם טעכנישען פּראָדוקציאָנס־אופן געווירקט אויף די פערענדערונג פון די יסודות, אויף וועלכע עס האָט גערוהט די פערטיילונג פון די פּראָדוקטען אין דער אינדיאַנער געזעלשאַפט.

דער ריכטיגער ענטפער אויף אַלע אַזעלכע איינצעלנע ביי־שפּיעלען ליעגט, נאָך מיין מיינונג נאָך, פּשוט אין דעם ארגומענט, אז איינצעלנע ביישפּיעלע האָבען אַלע מאָל זעהר א שוואכע בעווייז־קראַפט. אין דעם אונענדליך צונויפגעפּלאָנטערטען נעץ פון געזעלשאַפטליכע פאקטען איז שווער צו געפינען אַן ערשיינונג, וואָס זאָל ניט האָבען ערגעץ־ווען און ערגעץ־וואו געשפּיעלט די ראָליע פון אַן אורזאַך, וועלכע האָט אויף א בעשטימטען אופן גע־ווירקט אויף דעם סדר פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען.

די אונגעהויער וויכטיגע פראגע, אפשר טהוט דער אופן פון פערטיילען די פּראָדוקטען אין דער געזעלשאַפט אָבהענגען פון דעם אופן, ווי אַזוי זיי ווערען פּראָדוצירט, — די פראגע דאַרף פער־ענטפערט ווערען אויף דעם ריין אינדוקטיווען וועג דורך די טיעפע אויספאָרשונג פון דעם ווירקליכען גאנג, אין וועלכען די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פון דער מענשליכער געזעלשאַפט געהט. אויב מיר וואָלטען דעם ענטפער געפונען (ווי דאָס האָט מאַרקס געטאָן) נאָר א דאנק מעהר אָדער ווייניגער וואַהרשיינליכע דעדוקטיווע השערות, דאַרף דאָס לעצטע וואָרט אין דער שאלה פּאָרט געהערען דעם אינדוקטיווען אויספּרוב ; ס׳מוז אין איהם פערזיכערט ווערן, אז א ל ע היסטאָרישע פאקטען, פון וועלכע מיר קאָנען וויסען, שטי־מען מיט יענע שכל׳דיגע השערות. און דער דעדוקטיווער ענטפער וועט נאָר אויף אַזוי פיעל זיין וויסענשאַפטליך געזיכערט, אויף וויפיעל ער וועט אויסגעפּרובט ווערען און פער׳אמת׳ט ווערען אין דער אינדוקטיווער פאָרשונג.

דאָס איז די פאָדערונג פון א געזונטער וויסענשאַפטליכער מעטאָדאָלאָגיע, — וואָס איז דער איינציגער ריכטיגער באַזיס פאר יעדער ו ו י ס ע נ ש א פ ט.

מען וועט אונז אפשר זאָגען, אז ניט אַלע מענשליכע קענט־
ניסען, וועלכע מיר רעכענען פאַר ריכטיג, וואָלטען געקאָנט אויס־
האַלטען יענע שטרענגע פאָדערונגען פון וויסענשאַפטליכקייט. דאָס
איז אמת. מיר זענען אויך מודה, אז די גרעסטע העלפט פון
אונזער גייסטיגען לעבען בעשטעהט (און וועט אפשר אייביג בע־
שטעהן) פון אַלערליי היפּאָטעזען און פון מעהר אָדער ווענינער
ריכטיגע השערות. אָבער — וואָס בעווייזט דאָס ? דאָס בעווייזט
נאָר איין זאַך : אז אַ גוטע העלפט פון אונזערע קענטניסען האָט
נאָך ניט קיין רעכט צו פּרעטענדירען אויף וויסענשאַפטליכע זיכער־
קייט און אז מען דאַרף די זאַכען אָנרופען מיט זייערע ריכטיגע
נעמען און ניט אראָבנעהמען זיך אַ מוסטער פון יענעם וויציגען
גלח, וואָס האָט אָבגע'שמד'ט אַ חזיר'ל אין אַ שלייען און האָט
דערמיט צופרידענגעשטעלט זיין פרומען געוויסען.

די מאַכט, וואָס וויסענשאַפטליך־פעסטגעשטעלטע אמת'ען
האָבען אויף דעם גאַנג פון אונזערע געדאַנקען און האַנדלונגען, —
אַ מאַכט, וועלכע זיי האָבען כשר פערדיענט, — איז צו פיעל אָנ־
געלאָדען מיט אחריות, מען זאָל זי קאָנען אַוועקגעבען אין די
הענד פון אַזוינע היפּאָטעזען, טעאָריען און השערות, וואָס פער־
דיענען נאָך בשום אופן ניט דעם בכבוד'ען נאָמען : „זיכער־פעסט־
געשטעלטע אמת'ען". וואָס מעהר אָבשיי מיר ועלען האָבען פאַר
דער וויסענשאַפט, מיט אַלץ אַ גרעסערען רעספּעקט וועלען מיר
זיך אונטערוואַרפען אונטער איהרע האַרטע און קאַלטע פאָדערונגען.

ליידער איז שטאַמלער נאָך זעהר ווייט פון אַזאַ וויסענשאַפט־
ליכען ריגאָריזם. ער געהערט, הפנים, צו יענעם טיפּ דענקער, וואָס
פאַר זיי איז „דערקלערט" דיזעלביגע זאַך, וואָס „בעוויזען", און
וואָס פערגעסען, אַז אין דער געשיכטע פון דעם מענשליכען גע־
דאַנק געפינען זיך אַ סך „קלאָרע" קאָנסטרוקציעס, וועמעס וויסענ־
שאַפטליכער באַנקראָט איז שוין לאַנג דערוויזען געוואָרען אָהן אַ
ברעקעל ספק, און צוריק וויעדער, — אַ סך דערוויזענע אמת'ען
אָהן אַ ברעקעל ספק, וועמעס דערקלערונג עס גיט זיך נאָך עד
היום ניט דעם מענשליכען שכל.

צום גליק טרעפט דאָ שטאַמלער מיט זיין פאָדערונג פון אַב־
סאָלוטער קלאָרקייט גראָד אויף אַן אָנגעוועהטיגטען פונקט אין

דעם מאַרקסיזם, וועמעס גרונד־בעגריפען עס זענען נאָך עד היום געבליבען ניט אין גאַנצען אויפגעקלערט. אַריינגברענגען קלאָר־קייט אין דעם ענין, איז איינס פון די וויכטיגסטע פאָדערונגען, וועלכע מיר האָבע אַ רעכט צו שטעלען דעם מאַרקסיזם, ווייל וויסענ־שאַפטליך אויספּרובען אַ וועלכע עס איז היפּאָטעזע קאָנען מיר נאָר יעמאָלט, ווען איהר זין איז אין גאַנצען קלאָר.

אין די צאָהל פון די ניט־אויפגעקלערטע גרונד־בעגריפען, מיט וועלכע דער מאַרקסיזם אָפּערירט, רעכענט שטאַמלער אריין, ווי מיר האָבען געזעהן, אויך אַזעלכע טערמינען ווי „אַן עקאָנאָמישע ערשיינונג" און דער „אופן פון פּראָדוקציאָן". אַלע ווײַלע דער־מאָנט ער אונז, אַז די מאַרקסיסטען מישען צונויף, אָהן אַ ברעקעל רעכט, אין איינעם די טעכנישע און די יורידישע זייט פון דער זאַך, און אַלע ווײַלע שטעלט ער זיך איין פאַר זיין ליעבלינגס־געדאַנק, אַז אין דער ווירקליכקייט קאָן ניט געמאָלט זיין אַן עקאָ־נאָמישע „מאַטעריע" אָהן אַ יורידישער „פאָרם".

אָבער אין דעם פּאָרוואורף אַנטקעגען דעם מאַרקסיזם מאַכט שטאַמלער אַ טעות: דער א י נ ה א ל ט פון יענע טערמינען איז ביי מאַרקסען און ענגעלסען גראָד אויסגעאַרבייט היבש קלאָר און זיי געברויכען זיי כמעט אומעדום אין איין און דעמזעלביגען זין: אין דעם זין פון געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָנס־בעציהונגען, וואָס זענען פערשיידען סיי פון די באַלעבאַטיש־טעכנישע גרונד־לאַגען פון דער פּראָדוקציע, סיי פון יענע יורידישע נאָרמען, וואָס אין זייערע גרעניצען שפּיעלט זיך אָב דער געזעלשאַפטליכער פּראָ־צעס.

נעהמט דעם איצטיגען קאַפּיטאַליזם. די קאָנצענטרירונג פון קאַפּיטאַלען, די טעכנישע אַרבייטס־טיילונג און דער מאַשיניזם, — דאָס זענען די באַלעבאַטישע און טעכנישע גרונדלאַגען פון דעם קאַפּיטאַליזם. דאָס רעכט פון דער פרייער קאָנקורענץ, די גלייכ־הייט פאַר'ן געזעץ, דאָס רעכט צו קויפען און פערקויפען אַרבייטס־קראַפט, — דאָס זענען זיינע יורידישע פונדאַמענטען. אָבער ניט זיינע טעכנישע און ניט זיינע יורידישע יסודות פאַלען ניט צונויף מיט יענע ס אָ צ י א ל ע, געזעלשאַפטליכע איינענשאַפטען, וואָס געהערען צו דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס־אופן. דאָס

ר ע כ ט פון פרייען אָבמאַך, דער פרייער קאָנקורענץ, און דעם פרייען מקח־וממכר מיט מענשליכער אַרבייטס־קראַפט דעטערמי־נירט נאָך ניט מיט זיך דעם פ אַ ק ט פון יענע פרייע אָבמאַכען און האַנדלונגען, דעם פ אַ ק ט פון יענעם פרייען מקח־וממכר. דער גאַנצער קאַפּיטאַליזם רוהט אָבער אויף דעם פאַקט פון קויפען אַרבייטס־קראַפט און ניט אויף דעם רעכט. אין די גרעניצען פון איין־און־דעמזעלביגען רעכט קאָנען געמאָלט זיין סאָציאַל־פערשיי־דענע פאַקטען, אָבער ניט אַלע מוזען זיין דאָרטען. זאָלען די אַרביי־טער היינטיגע טאָג אויפהערען פערקויפען זייער אַרבייטס־קראַפט, ווערט דערפון אַ גאַנצע סאָציאַלע רעוואָליוציע, אָבער זייער ר ע כ ט צו פערקויפען זייער אַרבייטס־קראַפט קאָן דערביי בלייבען אומבע־ריהרט.

דער פאַקט פון „פרייען" קויף און פערקויף פון מענשליכע אַרבייטס־קראַפט איז דעריבער אַ סאָציאַלע, געזעלשאַפטליכע בע־ציהונג אויף דעם פעלד פון מענשליכע אַרבייט, אַ ד ר י ט ע ר עלעמענט אין דער אונז אינטערעסירענדער ערשיינונג, וואָס פאַלט ניט צונויף ניט מיט דער טעכניק, ניט מיט דער יורידישער זייט איהרער. אָט דעם ד ר י ט ע ן זין האָט קאַרל מאַרקס במעט אומעטום געהאַט אין אויג, ווען ער האָט גערעדט וועגען דעם „עקאָ־נאָמישען באַזיס" פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען.

טונקעל איז געבליבען אין די אַרבייטען פון מאַרקס און ענגעלס ניט דער אינהאַלט און דער מיין פון דעם דאָזיגען טערמין, נאָר די ראָליע, אָדער ריכטיגער, די צאָהלרייכע ראָליעס, וועלכע דער „עקאָנאָמישער באַזיס" קאָן שפּיעלען, בעת מיר זוכען אין איהם די דערקלערונג פון היסטאָרישע און געזעלשאַפטליכע ערשיינונ־גען. אָבער וועגען דעם האָבען מיר באריכות גערעדט אין אַן אַנדער אָרט. *)

*) זעה די „געשיכטס־פילאָסאָפיע און דער ענד־ציעל", אינ'ם דריטען באַנד פון אונזער ווערק.

## 13

לאָמיר איצטער איבערגעהן צו אַן אַנדער פּונקט: צו יענע וויכטיגע אויסבעסערונגען, וועלכע שטאַמלער טראָגט אריין אין דעם סיסטעם פון דעם מארקסיזם.

עס קאָן גאָר קיין ספק ניט זיין, אַז די פראגע וועגען די שיכות'ען צווישען „ווירטשאַפט" און „רעכט" ווערט, לויט דער שטאַמלערשער טעאָריע פונ'ם „סאָציאַלען מאָניזם", פילאָסאָפיש שעהנער און איינפאַכער פערענטפערט, איידער דאָז איז געווען ביז אהער; ממילא איז דער ענטפער אויך אַ סך בעקוועמער איידער דער, וואָס אונז גיט דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם.

אָבער אין דער סאָציאָלאָגיע האָבען מיר איצטער צו טהאָן ניט מיט די פראגען פון עלעגאַנץ און בעקוועמליכקייט פון אַ וועל־כער עס איז טעאָריע, ניט מיט די בעדינגונגען פון דעם וויסענ־שאַפטליכען קאָמפאָרט, נאָר מיט דער פערשאָלטענער שאלה וועגען וויסענשאַפטליכע בעווייזען, וועגען דעם טעגליכען ברויט מיט זאַלץ פון אַ וויסענשאַפטליכען אמת. און אין דעם פּרט ווייס איך ניט, צי שטאַמלער'ס „סאָציאַלער מאָניזם" זאָל האָבען וועלכע עס איז בעזונדערע מעלות, מיט וועלכע זי זאָל זיך קאָנען גרויסען אנטקעגען דעם מארקסיזם.

און אין דער אמת'ען! מיט וואָס בעווייזט שטאַמלער זיין גרונד־געדאַנק, אַז יעדער אַקט פון דעם געזעלשאַפטליכען לע־בען בעשטעהט פון צוויי עלעמענטען, ווירטשאַפט און רעכט, וואָס זענען לאָגיש פערשיידען, אָבער פאַקטיש ניט אָבצורייסען איינס פון דעם אַנדערן?

קודם כל פּרובט ער דאָס בעווייזען דורך דעם ארגומענט, אַז יעדער אַקט פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען שפּיעלט זיך אָב אין די גרעניצען פון אַ געוויסער יורידישער רעגלאָמענטאַציע, וואָס הערשט צו אַ געגעבענער צייט ביי אַ געגעבענעם פאָלק.

אָבער דער ארגומענט בעווייזט גאָר נישט. יעדער געזעל־שאַפטליכער אַקט שפּיעלט זיך אויך אָב אין די גרעניצען פון וועלכע עס איז רעליגיעזע אָדער עטישע אָנשויאונגען, פון געוויסע בעגריפען וועגען וועלט און מענש, און דערי־

בער וואָלטען מיר מיט דעם זעלביגען רעכט געקאָנט זאָגען, אז די רעליגיאָן און די עטיק און די פילאָסאָפיע זענען אינוועניגסטע עלעמענטען פון יעדער געזעלשאַפטליכער ערשיינונג, וואָס קאָנען ניט אוועקגענומען ווערען פון איהר. פון דעסטוועגען רעכענט זיי שטאַמלער ניט צו דער פ אָ ר מ א ל ע ר זייט פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, נאָר צו דער מאַטעריעלער.

א סך א גרעסערע בעדייטונג פאַר דער טעאָריע פון דעם סאָציאַלען מאָניזם האָט יענער געדאַנק שטאַמלערס, אז יעדע מיטאַרבייטערשאַפט פון מענשען נויטיגט זיך אין א געוויסען רעגלאַמענט און אז יעדער רעגלאַמענט איז א יורידישער אקט. אָבער שוין א חוץ דעם, וואָס דער בעגריף פון רעכט איז דאָ פאַנאַנדערגעצויגען געוואָרען ביז צו א גאַנץ מוטוויליגען אומפאַנג, דאַרף מען אויך ניט פערגעסען זעהר א וויכטיגען פונקט.

רעגלאַמענטען קאָנען אָפט האָבען א ריין טעכנישען כאַראַקטער, ווי צ. ב. יענע בעשטימונגען, וואָס א סך פרימיטיווע פעלקער פיהרען דורך, ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין ביים געיעג אָדער ביי דעם פיש־פאַנג. אַזעלכע בעשטימונגען, אויף וויפיעל זיי האָבען צו טהאָן ריין מיט דער מ י ט א ר ב י י ט ע ר ש א פ ט פון מענשען אין א געוויסען צווייג פון זייער באַלעבאַטישקייט און מישען זיך ניט אריין אין דעם ענין פון פערטיילען די פּראָדוקטען, ווערען דיקטירט ריין פון די טעכנישע בעדערפעניסען פון דער פּראָדוקציאָן, אָדער אפשר אויך נאָך פון געוויסע רעליגיעזע גלויבונגען וועגען „מזל'דיגע" און „ניט־מזל'דיגע" צייטען פאַר'ן געיעג און פאַר'ן פיש־פאַנג און פון געוויסע סגולות, ווי אַזוי נושא חן צו זיין אין די אויגען פון די געהיימע קרעפטען, — הייסט עס ווידער אמאָל פון געוויסע ט ע כ נ י ש ע מאָטיווען, וואָס מוזען נאַטירליך אויסוואַקסען אויף יענער שטופע פון דער קולטורעלער ענטוויקלונג.

טעכנישע קונסט־גריפען רעכענט אָבער שטאַמלער צו צו דער מאַטעריע פון דער סאָציאַלער בעוועגונג. איז, וואו זאָלען מיר אין אַזוינע פעלען זוכען זייער רעכטליכע פאָרם? און אויב מען זאָל די טעכנישע קונסט־גריפען פון דער מיטאַרבייטערשאַפט, וואָס זענען איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָנגענומען געוואָרען און געהייליגט

געוואָרען דורך דעם דין אָדער דורך דעם מנהג, אויב מען זאָל זיי, זאָג איך, רעכענען פאַר די יורידישע פאָרם, היינט וואו וועט יעמאָלט זיין די, צו איהר שטימענדע געזעלשאַפטליכע מאַטעריע?

עס איז קלאָר, אַז אין אַלע אַזעלכע פעלען גיסען זיך מאַטעריע און פאָרם לאָגיש צונויף אין איינעם, הייסט עס, אַז זיי קאָנען ניט זיין קיין צוויי עלעמענטען אָדער אפילו קיין צוויי זייטען פון איין און דערזעלביגער ערשיינונג.

אַ חוץ דעם איז פאַראַן אַ מאַסע פון פעלען אין דעם לעבען פון דער געזעלשאַפטליכער מיטאַרבייטערשאַפט, וואו די טעכנישע רעגלאַמענטאַציע טרעט ניט אַרויס אין דער פאָרם פון אַ פעסטגע־זעצטען דין. זי בייט זיך פון פאַל צו פאַל, לויט דעם פרייוויליגען אָבמאַך פון די מיטאַרבייטער. דאָ איז שוין קיין סמן ניטאָ פון אַ יורידישען עלעמענט, אויב מען זאָל ניט צורעכענען צו דעם פעלד פון רעכט י ע ד ע ן צונויפריידען זיך פון מענשען וועגען אַ וועלכען עס איז ענין, יעדען פרוב צונויפצושטימען זייערע האַנד־לונגען, כדי צו דערגרייכען בשותפות'שע ציעלען, — יעדען „ראַנדע־וואו", וואָס אַ פערליעבט פאָרעל מאַכט אָב צווישען זיך.

אַזוי ווייט געהט אָבער אויך שטאַמלער ניט אין זיין פאַנאַנ־דערציהען דעם בעגריף פון רעכט. פאַר איהם הייסט רעכט אַ פריי־וויליגער אָדער ניט פרייוויליגער ר ע ג ל אַ מ ע נ ט, וואָס איז בעשטימט פאַר אַ סך פעלען אויף אַ פריהער. און דאָ לאָזט ער אַרויס פון אויג, אַז אין די גרעניצען פון איינעם און דעמזעלבען רעגלאַמענט קאָנען מעגליך זיין פערשיידענע פאָרמען פון מיטאַר־בייטערשאַפט, פערשיידענע אַרטען ווי איינצואָרדנען די „סאָציאַלע באַלעבאַטישקייט".

נעהמט צ. ב. דאָס מאָדערנע פאַמיליען־רעכט. ווי פיעל־געשטאַלטיג זענען די בעציהונגען צווישען עלטערן און קינדער, אָדער צווישען מאַן־און־ווייב אויף דעם באָדען פון איין און דעמ־זעלבינען רעכט! אָדער נעהמט דאָס מאָדערנע בירגערליכע רעכט. אויך דאָ קאָן מען זיך משער זיין — און עס ווערען אויך טאָג טעג־ליך פערווירקליכט — די פערשיידענאַרטיגסטע פאָרמען פון דער באַלעבאַטישקייט, פון דעם אַרבייטען ביי אַ פאַבריקאַנט אין פרייער

לוין־אַרבייט ביז צו דעם לעבען אין אַ ריין קאָמוניסטישער גענאָ־סענשאַפט.

ווען מארקס רעדט וועגען עקאָנאָמישע פערהעלטניסען, האָט ער אין זין גראַד יענע געזעלשאַפטליכע בעציהונגען פון דער פּראָ־דוקציאָן, וועלכע מען קאָן זיך פאָרשטעלען אין די גרעניצען פון זעהר פערשיידענע רעכטס־פאָרמען. מארקס האָט נאָר געוואָלט בעווייזען, אַז אין דער אמת'ען מוזען זיך די רעכטס־פאָרמען שטרענג צופּאַסען צו די עקאָנאָמישע פערהעלטניסען. כדי פאַנאַנ־דערצוקלייבען זיך אין דער פראַגע, וועלכע מארקס האָט אַוועקגע־שטעלט פאַר דער פאָרשונג, מוז מען, אַקוראַט ווי קאַרל מארקס, האָבען שאַרף אין אויג דעם אונטערשייד צווישען די געזעלשאַפטליכע בעציהונגען און יענע יורידישע נאָרמען, וואָס אין זייערע גרעניצען שפּיעלט זיך אָב דער געזעלשאַפטליכער אַקט. דער סאָציאַלער מאָניזם אידענטיפיצירט אָבער ביידע זייטען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען און דערמיט פערפלאָנטערט ער די פראַגע, אָנשטאָט זי פאַנאַנדערצופּלאָנטערן.

## 14

איינער פון די וויכטיגסטע פעהלערן, וואָס שטאַמלער מאַכט אין זיין סאָציאַל־פילאָסאָפיע, בעשטעהט אין דעם, וואָס ער פאַסט אויף דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען נאָר ווי אַ מיטאַרבייטערשאַפט פון מענשען. אָבער אַזאַ אויפפאַסונג איז צו ענג, געזעלשאַפט איז ניט נאָר מיטאַרבייטערשאַפט; עס איז אויך אַ מיט־לעבען, אַ געוויסער געמיינזאַמער פּסיכישער פּראָ־צעס, וואָס שפּיעלט זיך אָב אין די מוחות און אין די הערצער פון די אינדיווידוען, אַ דאַנק דעם פאַקט, וואָס זיי לעבען ניט איזאָלירט איינער פון דעם אַנדערן, נאָר אין אַ געמיינשאַפטליכען צונויפבונד.

נעהמט דאָס גאַנצע ווייטע פעלד פון סימפּאַטיען און אַנטי־פּאַטיען, נעהמט אַלע אַרויסווייזען פון פריינדשאַפט, פון חבר־שאַפט און קאָנקורענץ, ווען מענשען קומען זיך באַלד צונויף אין איינעם און באַלד געהען זיי זיך פאַנאַנדער, און לאָזען פאָרט ניט

אַרויס אײנער דעם אַנדערן פונ'ם אויג; נעהמט די אַלע פיעלגע־שטאַלטיגע מענשליכע געפיהלען אָהן אַ צאָהל, וואָס פון זיי בע־שטעהט דער טאָג־טעגליכער לעבען פון דער געזעלשאַפט. נישיים זאָלען מיר זיי אַרויסוואַרפען פון דער סאָציאָלאָגיע פּשוט דער־פאַר, וואָס זיי טראָגען ניט אויף זיך דעם שטעמפּעל פון מיטאַר־בייטערשאַפט און ווייל נאָך וועניגער קאָן מען ענטדעקען אין זיי אַ וועלכען עס איז יורידישען עלעמענט?

מיר וואָלטען געקאָנט ברענגען נאָך אַ מאַסע ביישפּיעלען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, וואָס אין זיי פעהלט לגמרי דער יורידישער עלעמענט, אפילו ווען מען זאָל איהם פאַנאַנדערציהען אַזוי ווייט, ווי דאָס טהוט שטאַמלער. אָבער שוין פון דעם, וואָס מיר האָבען דאָ אין די פריהערדיגע קאַפּיטלען געזאָגט, מוז ווערען קלאָר, אַז אויב מיר ווילען בלייבען אויף דעם באָדען פון יענע פאַ־דערונגען, וועלכע שטאַמלערס טעאָריע שטעלט אַוועק פאַר דער וויסענשאַפט, האָבען מיר נאָך איין ברירה: אָדער אין גאַנצען אַרויס־וואַרפען פון דער סאָציאָלאָגיע אַזעלכע ערשיינונגען, אין וועמעס געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער עס קאָן קיין ברעקעל צווייפעל ניט זיין, אָדער צונויפוואַרפען זיי אַלע אין איין קאָרב און לכתחילה אָבזאָגען זיך פון אויספאָרשען זייערע בשותפות'שע שיכות'ען און וועקסעל־ווירקונגען.

אָבער דאָס איז נאָך ניט גאָר.

יורידיש נאָרמירען די געזעלשאַפטליכע באַלעבאַטישקייט איז אין דער איצטיגער צייט, — דער עיקר זינט עס איז אויסגעוואַקסען דער שטאַאַט, — אַליין געוואָרען אַ מין מענשליכע מ י ט א ר ב י י ־ ט ע ר ש א פ ט, אין וועלכער עס בעטהייליגען זיך גאָר ניט קיין קליינע צאָהל אינדיווידועןן. געזעצען, נאָרמען, „אוקאַזען" און פער־אָרדנונגען ווערען אין דער געזעלשאַפט אויסגעאַרבייט מיט דער הילף פון גאַנץ בעשטימטע פּראָפעסיאָנעלע טוערס: אַדוואָקאַטען, ריכטער, מיטגליעדער פון לעגיסלאַטורען, בעאַמטע פון אַלערליי קאַנצעלאַריעס, מיניסטאָרען א. אַז. וו.

די מיטאַרבייטערשאַפט פון די אַלע מענשען האָט צום ציעל די בעפריעדיגונג פון אַ געוויסער הצטרכות: — יורידיש נאָרמירען די „ווירטשאַפטליכע" ערשיינונגען און אכטונג געבען, אַז עס זאָלען

אָבגעהיט ווערען די רעגלאַמענטען, וואָס מען פיהרט אריין אין לעבען.

די טעטיגקייטען פון די יוריסטען און די בעאַמטע מוז, ווי א בעשטימטע מיטארבייטערשאַפט צוליעב א בעשטימטער הצטרכות, אריינגעהן, לויט שטאַמלער'ס טעאָריע גופא, אין דעם גדר פון „סאָציאַלע באַלאַבאַטישקייט", מחמת דעם זעלבינגען טעם, פאַר וואָס אהין געהען אריין די פעדאַגאָגיק, די רעליגיע, די וויסענשאַפט און אַלע אנדערע ארטען טעטיגקייט פון דעם „געזעלשאַפטליכען" מענשען.

צווישען די אַלע ארטען פון מענשליכער מיטארבייטערשאַפט מוז בלי ספק עקזיסטירען א געוויסע וועקסעל־ווירקונג. די פעדאַגאָגיק ווירקט אויף דער רעליגיע, די רעליגיע אויף דער פעדאַגאָגיק א. אז. וו. שטאַמלער לייקענט דאָס ניט, ווי מיר האָבען אויבען געזעהן. ער זאָגט מעהר נישט, אז די סאָציאַלע וויסענשאַפט דאַרף זיך ניט אריינמישען אין דער פראַגע און איבערלאָזען זי אין גאַנצען פאַר דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע.

אָבער וויבאַלד ער זאָגט זיך אָב אויסצופאָרשען די וועקסעל־ווירקען צווישען די איינצעלנע צווייגען פון דער געזעלשאַפטליכער באַלאַבאַטישקייט, מוז ער ממילא אויך לאָזען אין גאַנצען אָן א זייט יענע ווירקונגען, וואָס שפּיעלען זיך אָב צווישען דער „באַלאַבאַטישער" טעטיגקייט פון די מענשען אין זייער יורידישער טעטיגקייט. דאָס הייסט, ער מוז לכתחילה זיך אָבזאָגען פון אויספאָרשען יענעם פּראָבלעם, וואָס צוליעב איהם איז אָנגעשריבען געוואָרען זיין גאַנצעס בוך „ווירטשאַפט און רעכט".

אָבער גראָד דער ריכטיגער ענטפער אויף יענעם פּראָבלעם האָט זעהר א גרויסען בעדייט פאַר דער ריכטונג פון דער בעוואוסטזיניגער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט. איבערהויפּט, אז מען האָט אין זין יענעם צווייג איהרען, וואָס האָט צו טאָן מיט דער אויסארביי־טונג פון יורידישע און פּאָליטישע נאָרמען און מיט דער פראַגע, ווי אזוי אריינצופיהרען זיי אין לעבען.

פון דעם בליק, וואָס איינער האָט אויף דעם כאַראַקטער פון יע־

נער קויזאַל־שיכות, וועלכע הערשט צווישען „ווירטשאַפט“ און „רעכט“, מוז אויך אָבהענגען זיין אָבשעצונג פון זייער ביידענס לפי־ערך׳דיגער היסטאָרישער קראַפט און אויך די אָבשעצונג פון יענע האַפנונגען, וועלכע דער אָדער יענער געזעלשאַפטליכער טוער קאָן פערבינדען מיט זיין ארבייט אויף דעם אָדער יענעם פעלד פון דער געזעלשאַפטלכער טעטיגקייט.

א סאָציאָלאָג, וואָס וויל דורכאויס געפינען אן אבסאָלוט־אָביעקטיווען קריטעריום פאר דער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט קאָן בשום אופן ניט פערשווייגען דעם דאָזיגען פּראָבלעם. אבסאָלוט פערשווייגען איהם האָט אויך שטאַמלער ניט געקאָנט. ער האָט פּאַרט געפּרובט געבען אן ענטפער אויף איהם אין זיין טעאָריע פון דער סאָציאַלער דינאַמיק.

לאָמיר דעריבער זעהן, צו וואָס פיהרט אונז דער דאָזיגער ענטפער.

## .15

מיר האָבען שוין געזעהן, אז די ענטוויקלונג פון א וועלכען עס איז צווייג פון דער געזעלשאַפטליכער באַלאַבאַטישקייט פיהרט, ווי שטאַמלער מיינט, דערצו, אז די הערשענדע יורידישע נאָרם זאָל ווערען צו ענג פאר יענעם צווייג. דאָס רופט ארויס א „קלאַסען־קאַמף“ מיט דעם ציעל איבערצובייטען די ענג געוואָרענע נאָרם.

עס איז דעריבער קלאָר, אז צווישען דעם עקאָנאָמישען לעבען פון דער געזעלשאַפט און דעם „קלאַסען־קאַמף“ עקזיסטירט א ק ו י ז א ל ע ווערקסעל־ווירקונג, כמעט אזא, ווי דאָס האָט געלערנט קארל מארקס. אויך מארקס האָט געגלויבט, ווי יעדען איינעם איז בעקאַנט, אז דער עקאָנאָמישער אינהאַלט, ווען ער דער־גרייכט א געוויסע שטופע פון ענטוויקלונג, רייסט פאנאנדער זיין יורידישע העמדעלע דורך דעם מיטעל פון דעם קלאַסען־קאַמף.

די נפקא מיניה צווישען שטאַמלער׳ן און מארקס׳ען בעשטעהט אין דעם, ערשטענס, וואָס שטאַמלער ציהט פאנאנדער צו שטאַרק דעם בעגריף: „געזעלשאַפטליכע באַלאַבאַטישקייט“ און ממילא מוז אויך דער טערמין „קלאַסען־קאַמף“ אויסגעצויגען ווערען אזוי, אז מען קאָן איהם כמעט גאַר ניט דערקענען מעהר. א חוץ דעם זאָגט

זיך שטאַמלער אָב פון יענער אויפגאבע, וועלכע מארקס האָט אוועק־געשטעלט פאר דער וויסענשאפט: אויספאָרשען די ג ע ז ע צ ע ן, לויט וועלכע עס שפּיעלט זיך אָב די וועקסעל־ווירקונג צווישען „ווירטשאפט" און „רעכט". דעריבער לייקענט שטאַמלער לחלוטין אָב די מעגליוקייט, מיר זאָלען קאָנען ווען עס איז פאָר־אויס־זאָגען, ווער פון די שטרייטענדע קלאסען מוז געווינען דעם קאמף.

אויך מיר מוזען צוגעבען שטאַמלער'ן, אז אלע אזוינע נביאות קאָנען ניט זיין אין גאנצען וויסענשאפטליך, און ממילא האלטען אויך מיר פון זיי זעהר ווענינ. אין דעם פונקט זענען מיר אקוראט אזוי אנטי־מארקסיסטיש ווי שטאמלער. אָבער שטאַמלער פאלט פאָרט אריין אין א זעהר שווערען טעות, ווען ער מיינט, אז ווייל די וויסענשאפט קאָן ניט אויפבויען קיין סאָציאלע פּראָגנאָזען, איז דער סאָציאלאָג אין גאנצען פטור פון זיין וויסענשאפטליכען חוב — אוסצופאָרשען די קויזאלע וועקסעל־ווירקונגען, וואָס קומען פאָר צווישען אלע זייטען פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען.

אמת, שטאמלער גיט אונז אָן א פאָר טעמים, פאר וואָס דער סאָציאלאָג זאָל זיך אָבזאָגען פון אזא'ן אויפגאבע. דאָס געזעל־שאפטליכע לעבען, זאָגט ער, איז צו שטארק צונויפגעפלאָנטערט, און דערצו ליעגען אויף דעם גרונד פון יעדער סאָציאלער ערשיי־נונג ריין פּסיכישע עלעמענטען, מיט וועלכע קיין חשבון קאָן ניט פארטיג ווערען.

אָבער ביידע תירוצים זענען אין תוך אריין שוואך.

די פערוויקעלטקייט און צונויפגעפלאָנטערטקייט פון די גע־זעלשאפטליכע ערשיינונגען, ווי אויך אלע אנדערע „אָביעקטיווע שוועריגקייטען" פון דער געזעלשאפטליכער וויסענשאפט, וועלכע ספּענסער האָט, צ. ב. ש., אויסגערעכענט אין זיין „שטודיום פון דער סאָציאָלאָגיע", קאָנען ניט זיין קיין אבסאָלוטער שטער פאר דער וויסענשאפט, אריינצודרינגען אין די טיעפסטע טיפעניסען פון יענע קויזאלע שיכות'ען, וואָס הערשען צווישען די איינצעלנע זייטען פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען.

זאָל די וויסענשאפטליכע ארבייט פון די סאָציאָלאָגישע פאָר־שער זיין ראציאָנעל אָרגאניזירט; זאָל אין די מיטארבייטער־

שאַפט פון פערשיידענע דענקער אויף איין־און דעם זעלבינגען פאַר־שונגס־פעלד אריינגעבראַכט ווערן אַ גוט דורכגעטראַכטער פּלאַן, און די מענשהייט וועט גאַנץ געוויס, אין אַ משך פון יאָהרען אָדער אפשר אויך דורות, פּארטיג ווערן מיט דער דאָזיגער, ריין ט ע כ־נ י ש ע ר מניעה, מיט אַ שוועריגקייט, וואָס האָט אַ ריין קוואַנ־טיטאַטיווען כאַראַקטער.

פאַר דעם אָביעקטיווען קויזאַלען אויספאָרשען די געזעלשאַפט־ליכע ערשיינונגג קאָן אויך ניט זיין קיין גרויסער שטער, וואָס אויף זייער גרונד ליעגט אַלע מאָל אַ פּסיכאָלאָגישער מאָמענט. אדרבה, אונז דוכט, אַז דוקא דער פסיכאָלאָגישער כאַראַקטער פון אַלע סאָ־ציאָלאָגאָשיע ערשיינונגען פערשאַפט דער סאָציאָלאָגיע אזא פּילאָ־סאָפישע מעלה, וואָס קיין נאַטור־וויסענשאַפט קאָן ניט האָבען. אַ דאנק דעם פּסיכישען כאַראַקטער פון אַלץ, וואָס איז סאָציאַל, קאָן מען צו דעם ת ו ך פון אַלע סאָציאַלע ערשיינונגען אַ סך נרינגער צוקומען, איידער צו דעם תוך פון די וועלט־ערשיינונגען.

מיט יעדען פּסיכישען אקט, צו וועלכען עס קאָן אין דער לעצ־טער שורה צוריקגעפיהרט ווערן די אָדער יענע סאָציאַלע ערשיי־נונג, קאָנען מיר דירעקט און זעהר נאָהענט בעקאַנט ווערן פון אונ־זער אייגענעם פּסיכישען לעבען. עס זענען דאָ אַ סך טעמים, פאַר וואָס מיר קאָנען אָננעהמען, אַז די גרונד־עלעמענטען פון דעם נשמה־לעבען זענען ביי אַלע מענשען די זעלביגע, ווי אויך די פּראָטאָפּלאַז־מע איז דיזעלביגע, פון וואנען עס איז אויסגעוואקסען אַלץ, וואָס לעבט.

די סברה ווערט נאָך פיעל מעהר פערשטאַרקט, ווען מען דער־מאָנט זיך אָן די זעהר אינטערעסאַנטע רעזולטאַטען, צו וועלכע מען איז געקומען, אַ דאנק די עקספּערימענטען מיט דעם היפּנאָטיזם. יענע עקספערימענטען האָבען שוין ניט איין מאָל און בלי שום ספק דערוויי־זען, אַז דעם מענשען'ס נשמה קאָן, לויט דעם ווילען פון דעם היפּנאָטיזיאָר, ארויסרופען אין זיך אַלע מעגליכע געפילען, פאַר־שטעלונגען און ווילענס־אַקטען, און דורכרייסען אַלע גרעניצען, — קלאַסען, ראַסען — נאַציאָנאלע און אפילו געשלעכטליכע גרעניצען, — וואָס טיילען פונאנדער, ווי דאמבעס, די איין־איינציגע מענש־

ליבע נשמה אין פרעמדע און פיינדליבע קליינע טייכעלעך און לעי־
קען און לאָזען זיי ניט צונויפגיסען זיך אין איין ים.

לײדער איז אָט די „נשמה־האַרמאָניע" דערווײלע פאַר דאָס
רוב מענשען מעגליך נאָר אין דעם אונבעוואוסטען פּסיכישען לע־
בען, וואָס ווערט אויפגערודערט אויף א קינסטליכען אופן פון דעם
היפּנאָטיזיאָר. אָבער אויך אין דעם בעוואוסטען לעבען זיינען די
באַריערען, וואָס טיילען פאַנאנדער די מענשליכע נשמות ניט אזוי
שטאַרק, אז מען זאָל ניט קאָנען אריינדרינגען אין דעם אַנדערן'ס
פּסיכיק, אויב מען האָט נאָר דעם הייסען וואונש באמת צונויפצו־
גיסען זיך מיט זיין נשמה.

אויף אזא'ן אופן קאָן מען זיך אראָבלאָזען ביז צו דעם פער־
באָרגענסטען, טיעפסטען גרונד פון אלע סאָציאלע ערשיינונגען, ביז
צו יענע פּסיכישע און פּסיכאָפיזישע עלעמענטען, וואָס פון זיי האָ־
בען ארויסגעשפּראָצט אלע מעשים פון די אינדיווידועז און די
גרופּען.

עפּעס אזוינס איז בשום אופן אונמעגליך פאַר אונז בנוגע צו
די נ א ט ו ר ־ ערשיינונגען, וועמעס תוך עס וועט דעריבער מי־
זען בלייבען פערדעקט פאַר אונז אפשר אויף אייביג.

## 16.

די צרה פון דער סאָציאָלאָגיע ליעגט ניט אין די אָביעקטיווע,
נאָר אין די סוביעקטיווע שוועריגקייטען: אין יענער ניט בעוואוס־
טער און ניט־געוואָלטער סוביעקטיווער בעפאַרבונג פון די ערשיינונ־
גען, וואָס שפּרינגט אלע מאָל ארויס, ווי נאָר מיר נעהמען אויספאָר־
שען ניט דאָס, וואָס א י ז, אָדער וואָס עס ז אָ ל זיין, לויט
אונזער שכל און יושר, נאָר דאָס וואָס ו ו ע ט זיין, לויט דעם
„אייזערנעם גאַנג פון די פּאַסירונגען". אזא'ן אַרט פאָרשען, מיט
וועלכען עס האָבען זיך ביז אהער אָבגעגעבען כמעט אלע סאָציאָלאָ־
גען, איז אין תוך אריין ניט מעהר ווי א פערמאַסקירטע חקירה וועגען
דעם, וואָס עס ד א ר ף זיין, לויט דעם פאָרשער'ס מיינונג.

„איך וואָלט געוואָלט, אז אין דער צוקונפט זאָל זיין אזוי און
אזוי" — ווערט ביי דעם פאָרשער אומבעוואוסט פערוואַנדעלט אין
דער פאָרמעל „אזוי און אזוי וועט דאָס זיין" און אומגערן זוכט ער

אין דער פערגאַנגענהייט און געגענוואַרט יענע עלעמענטען און קרעפ־
טען, וואָס, ווען זיי וואָלטען געווירקט איינע אַליין און געווירקט,
אַזוי, ווי דאָס שטעלט זיך פאָר דער פאָרשער, וואָלטען זיי געמוזט מיט
אַן אונ־איינהאַלטבאַרער ענערגיע, מיט אַ שיקזאַל־שווערער פאַטאַ־
ליטעט, פיהרען ניט אַנדערס ווי צו דער פערווירקליכונג פון זיינע
וואונשען און האָפנונגען.

אָבער דאָס, וואָס מען זוכט מיט אַזאַ ליידענשאַפט, מוז מען
כּוף־כּל־סוף געפינען. און אויף אַזאַ'ן אופן ווערט די ווירקליכקייט
צוגעשניטען און צוגעפּאַסט אַזוי, אַז פון איהר זאָל בלי יפונה אַרויס־
פליעסען יענער „אונבעזיעגבאַרער גאַנג פון די פּאַסירונגען“, וואָס
איז אַזוי נויטיג פאַר דעם פאָרשער.

עס איז ניט דאָ דער אָרט אויסצוגעפינען אַלע יענע מעטאָדאָלאָ־
גישע מיטלען, וואָס מיט זייער הילף וואָלטען מיר קאָנען גובר זיין די
סוביעקטיווע שוועריגקייטען. איינער פון די דאָזיגע מיטלען, —
דערפאַר אָבער דער וויכטיגסטער פון זיי, איז — מען זאָל זיך
לכתחילה לגמרי אָבזאָגען פון וועלכע עס איז אַבסאָלוטע, סאָציאָלאָגי־
שע נביאות. אין דעם פּרט איז שטאַמלער דורכאויס גערעכט, ווען ער
אַטאַקירט די נאַאיווע דאָגמאַטיק פון דער מאָדערנער סאָציאָלאָגיע;
אָבער דערפון איז נאָך ניט געדרונגען, אַז מיר דאַרפען, אַזוי ווי ער,
באַנאַנדערשפּרייטען אונזער סקעפּטיציזם אויף דאָס גאַנצע פעלד פון
דער סאָציאָלאָגישער אָביעקטיווער פאָרשונג. אויך שטאַמלער האָט
דאָך געמוזט מסכים זיין, אַז דער „פּאָליטיקאָ־עקאָנאָם“ זאָל האָבען אַ
רעכט אויסצופאָרשען די פערשיידענע וועקסעל־ווירקונגען, וואָס קו־
מען פאָר צווישען די סאָציאַל־עקאָנאָמישע ערשיינונגען.

אָבער פון וואַנען נעהמט שטאַמלער, אַז די פראַגע וועגען די
קויזאַלע שיכות'ען אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען דאַרפען אינטע־
רעסירען נאָר דעם פּאָליטיקאָ־עקאָנאָם, און ניט דעם סאָציאָלאָג?
אפילו, אַז מען זאָל זיך אוועקשטעלען אויף זיין שטאַנדפּונקט, אַז דעם
סאָציאָלאָג'ס אויפגאַבע איז — אויסגעפינען יענעם ענד־ציעל, צו
וועלכען יעדער געזעלשאַפטליכער טהוער דאַרף שטרעבען, — אפילו
יעמאָלט ווערט די קויזאַלע אויספאָרשונג פון די געזעלשאַפטליכע ער־
שיינונגען ניט נאָר ניט קיין פרעמדע זאַך, — אדרבה! זי ווערט
דיקטירט דורך דער אויפגאַבע גופא.

כדי דער ענד־ציעל זאָל דערגרייכט ווערן, דאַרף מען קודם כל וויסען יענע מיטלען, דורך וועלכע מען וויל איהם דערגרייכען. דאָס הייסט, — ווי מיר האָבען דאָס שוין אין אן אנדער אָרט דערקלערט, — אז צווישען די מיטלען און דעם ענד־ציעל, מוז הערשען א געוויסע קויזאַלע שיכות. נאָר ווען מען איז מיט איהר גוט בעקאַנט, קאָן מען מיט זיכערקייט זאָגען, אז  א ו י ב  עס וועלען אָנגעווענדעט ווערן יענע מיטלען, וועט דערפון בלי ספק ארויסקומען דער אונז טייערער ענד־ציעל.

אזעלכע קריטיש דורכגערייניגטע  ר ע ל א ט י ו ו ע  נביאות — זענען ניט נאָר מעגליך, נאָר מען קאָן אָהן זיי זיך גאָר ניט פאָר־שטעלען אן עפענטליכע טעטיגקייט, וואָס זאָל זיין געבויט אויף ווי־סענשאַפטליכע יסודות. מען קאָן ניט ארויסברייננגען די טעלעאָלאָ־גישע שיכות צווישען ציעל און מיטעל, איידער מען פונדעוועט ניט איין די קויזאלע שייכות צווישען דער  א ו ר ז א ך, וואָס איהר ראָלע דאַרפען שפּיעלען די מיטלען, און דער  ו ו י ר ק ו נ ג  אין אונזער פאַל, דער ענד־ציעל, וואָס דאַרף ארויסוואַקסען ווי א פועל־יוצא פון די מיטלען.

א ו י ס ג ע פ י נ ע ן  ד י  ק ו י ז א ל ־ נ ו י ט ו ו ע נ ד י ־ ג ע  ש י כ ו ת ' ן,  ו ו א ָ ס  ה ע ר ש ע ן  צ ו ו י ש ע ן  ד י  צ י ע ל ע ן  א ו ן  ד י  מ י ט ל ע ן  פ ו ן  ד ע ם  ג ע ז ע ל ־ ש א ַ פ ט ל י כ ע ן  ל ע ב ע ן  א ו ן  ד ע ר  ג ע ז ע ל ש א פ ט ־ ל י כ ע ר  ט ע ט י ג ק י י ט — א י ן  ד ע ר י נ ע ן,  ד ו כ ט  מ י ר,  ל י ע ג ט  א י י נ ע  פ ו ן  ד י  וו י כ ט י ק ס ט ע,  מ ע ג ל י כ ע  א ו ן  נ ו י ט ו ו ע נ ד י ג ס ט ע  א ו י פ ג א ־ ב ע ן  פ ו ן  ד ע ר  וו י ס ע נ ש א פ ט ל י כ ע ר  ס א ָ צ י א ָ ־ ל א ָ ג י ע.

ווי דער לעזער געדענקט נאָך מסתמא, איז די קריטיק פון קוי־זאַליטעט אין דער סאָציאָלאָגיע ארויסגעוואקסען ביי שטאַמלער'ן פון זיין „אָביעקטיוויזם". דעם אָביעקטיוויזם האָט ער געהאָפט אָבצוזע־טען מיט דעם, וואָס ער האָט די „א־פּריאָרישע" קאַטעגאָריע פון קוי־זאַליטעט פערביטען אויף אן אנדער „א־פּריאָרישער" קאַטעגאָריע: די צוועקמעסיגקייט.

אָ ב ע ר  ד ו ר כ ד ע ם  ג ו פ א  א י ז  ז י י ן  ס א ָ צ י א ל ־

פ י ל אָ ס אָ פ י ע פ ע ר וו א נ ד ע ל ט ג ע וו אָ ר ע ן א י ן א מ אָ ר א ל ־ פ י ל אָ ס אָ פ י ע. אנשטאט סאָציאָלאָגיע גיט ער אונז סאָציאַלע עטיק, און זיין גאַנצער פאָרשען האָט אין תוך אריין נאָר איין איינציגען ציעל און זין, ווי אזוי אויסצוגעפינען אזא קריטע־ריום, וואָס מיט איהם זאָלען מיר קאָנען ארויסגעפינען די אָביעקטיוו־ע ט י ש ע האנדלונגען אין דער געזעלשאפטליכער טעטיגקייט.

לײדער בלייבט דער אָביעקטיוויזם שטאמלער'ס אונפרוכטבאר אפילו אויף דעם פעלד פון דער סאָציאַלער עטיק.

דער עטישער אָביעקטיוויזם, פאר וועלכען ער שטעלט זיך איין, יענער אידעאל פון „פריי וועלענדע מענשען", אָדער פון מענשען מיט א פרייען ווילען, אין וועלכען ער האָט דערבליקט דעם ענד־ציעל פון יעדער סאָציאַל־עטישער טעטיגקייט, איז לײדער צו־אָרים אין אינ־האלט, — ווי מאָראַליש שעהן ער זאָל ניט זיין, — ער זאָל אונז קאָ־נען אָנווייזען א וועלכע עס איז בעשטימטע ריכטונג פאר אונזער גע־זעלשאפטליכער טעטיגקייט.

די „פריי וועלענדע מענשען", דאָס זענען אלע יענע, וואָס בעת זייער טעטיגקייט, האָבען זיי אין זין ניט די אייגענע סוביעקטיווע אינדיווידועלע ציעלען, נאָר אזעלכע ציעלען, וואָס זענען אָביעקטיוו נויטיג פאר דער גאַנצער געזעלשאפט.

אָבער — וואָס איז נויטיג פאר דער גאַנצער געזעלשאפט? ווי קאָן מען זיך דאָ ארויסדרעהען פון דער נויטווענדיגקייט קריטיש איבערצוקוקען אלע געזעלשאפטליכע הצטרכות'ן? וואו זאָלען מיר נעהמען א מאָס אויף צו בעשטימען די „מאטעריע" פון דעם געזעל־שאפטליכען אידעאל, וואָס זאָל ווערן א חוב פאר אלע מענשען?

עס איז קלאָר, אז שטאמלער'ס פאָרמעל, וועלכע ער אליין אידענ־טיפיצירט מיט דער אלטער, אייביגער מאָראל: „ואהבת לרעך כמוך", האָט ניט די קראפט ארויסצופיהרען אונז פון דער פערלעגענ־הייט, קאָן אונז ניט געבען דעם צוגעזאָגטען „אָביעקטיוו־וויסענ־שאפטליכען־קריטעריום". ווי יעדע פ אָ ר מ א ל ע ל ע ה ר ע, איז זי אין איין פרט גלייך צו די געזעצען פון דער פאָרמאלער לאָגיק און דער פאָרמאלער ערקענטניס־טעאָריע: זי ווייזט אונז אָן אויף געוויסע ג ר ע נ י צ ע ן, וואָס טאָרען ניט אריבערגעטראָגען ווערן. אָבער אינווייניג, אין די גערוימע גרעניצען פון דער „אָביעקטיווער גע־

זעלשאַפטליכער טעטיגקייט", וואָס לאָזט צו אַזוי פיעל פערשיידענע ציעלען און וועגען, לאָזט זי אונז אליין און איז ניט ביכולת אפילו אויף וויפיעל עס איז לייכטער צו מאַכען אונזער פיין, אויף וויפיעל עס איז נעהנטער צו מאַכען דעם ענטפער אויף דער אייביגער שאלה: „וואָס טהאָן? און פאַרוואָס?"

וואָלט שטאַמלער ניט פערבלענדט געוואָרען פון זיין אבסטראַקט־פאָרמאַלען טעלעאָלאָגיזם, און וואָלט ער ריכטיגער אָבגעשעצט די ראָליע פון קויזאַליטעט אין דער וויסענשאַפטליכער סאָציאָלאָגיע, וואָלט ער יעמאָלט געמוזט א היבש ביסעל אנדערש אוועקשטעלען די פראַגע אין דעם גאַנצען גאַנג פון זיין אונטערזוכונג.

איין מאָל ארויסגעשטעלט דעם א י ד ע א ל זיינעם, — דעם, לאָז זיין, סוביעקטיווען שטאַמלער'שען אידעאַל: א געזעלשאַפט פון מענשען, וועמעס ווילען עס איז פריי פון אייגענע פניות און וואָס ווענדט זיך פון זיך אליין צו די פראַגען פון טובת הכלל, — וואָלט ער געקאָנט דערקלערען דעם אידעאַל פאַר דאָס ענד־ציעל פון אונזער געזעלשאַפטליכען שטרעבען, און ערשט יעמאָלט א נעהם טהאָן זיך, ווי דער סדר איז, פאַר די וויכטיגע ו ו י ס ע נ ש א פ ט ל י כ ע פראַגען, וואָס זענען פערבונדען מיט זיין אידעאַל: ו ו ע ל כ ע יורידישע נאָרמען און ו ו ע ל כ ע אלגעמיינע סאָציאַל־עקאָנאָמישע ערשיינונגען דאַרפען אריינגעפיהרט ווערן אין לעבען, זיי זאָלען קאָנען שפּיעלען די ראָלע פון אורזאַכען, וואָס פון זייער ווירקען זאָלען שוין ממילא ארויסוואַקסען די געפיהלען פון סאָציאַלער ליעבע און פון אינטער־הומאַנער סאָלידאַריטעט ביי יעדעם מיטגליעד פון דער געזעלשאַפט? ווי דאַרף מען אָרגאַניזירען די געזעלשאַפטליכע מיטאַרבייטערשאַפט, אז אויף איהר באָדען זאָלען ממילא קאָנען אויפבליהען מענשען, וואָס שטעלען זיך אזא'ן ערהאַבענעם אידעאַל, — „מענשען מיט א פרייען ווילען"?

און אויב עס וואָלט זיך שטאַמלער'ן באמת איינגעגעבען וויסענשאַפטליך איינצופונדעווען די אָביעקטיווע קויזאַלע שיכות'ן, וואָס הערשען צווישען זיין אידעאַל און די מיטלען, וועלכע ער שלאָגט פאָר, וואָלט יעמאָלט די וויסענשאַפטליכע סאָציאָלאָגיע געווים רייכער געוואָרען מיט א סך אונצווייפעלבאַרע אָביעקטיווע אמת'ען. עס פערשטעהט זיך, אז די דאָזיגע אמת'ען וואָלטען ניט געקאָנט געבען קיין

אָביעקטיווען קריטעריום פאַר דער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט, וואָס זאָל זיין א חוב פאַר יעדען איינעם.

די מענשען, וועמען דער שטאַמלער׳שער ענד־ציעל איז גאָר אין גאַנצען ניט סימפּאַטיש, וועלען זעהען ניט צו דערלאָזען, אז זיינע מיטלען זאָלען אריינטרעטען אין לעבען, ווען זיי וואָלטען פריהער גאָרנישט ניט געהאַט אנטגעגען אזעלכע ענדערונגען אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. די מענשען, וועמען דער שטאַמלער׳שער ענד־ציעל איז זעהר סימפּאַטיש, אָבער וועמען עס געפעלען ניט די מיטלען, וואָס זענען נויטיג, כדי צו דערגרייכען איהם, וועלען אָדער זיך מוזען אויס־איינען מיט די דאָזיגע זעהר ניט־אנגענעהמע מיטלען, אָדער זיך אין גאַנצען אָבזאָגען פון דעם ענד־ציעל.

דערפאַר וואָלטען די מענשען, וואָס זיי איז דער ענד־ציעל טייערער איידער אַלץ, וועלכע ווערן ניט דערשראָקען פאַר קיינע מיטלען, שוין געוואוסט, וואָס זיי דארפען טהאָן: זיי וואָלטען בעקומען פון דער וויסענשאַפט יענעם אריאַדנא־פאָדים, וואָס נאָר ער קאָן אונז פערהיטען פון טעות׳ען און גרייזען.

קאַרל מאַרקס האָט פּרינציפּיעל ניט געוואָלט וויסען פון א וועלכער עס איז טעלעאָלאָגישער בעהאַנדלונג פון סאָציאָלאָגישע פּראָבלעמען. פון דעסטוועגען קאָן מען ביי איהם געפינען אַן ענד־ציעל, וואָס נעהמט אין זיך אריין, ווי איינע פון זיינע מאָדיפיקאַציעס, אויך שטאַמלער׳ס אידעאַל; מען קאָן ביי איהם אויך געפינען א קלאָרען אָנווייז אויף יענע מיטלען, וואָס דארפען אָנגעווענדט ווערן, כדי דעם ענד־ציעל צו דערגרייכען. מען קאָן ביי מאַרקס׳ען געפינען אַן ענטפער אויף יענע שאלות, וואָס מיר האָבען אויבען פאָרמולירט, און וועגען וועלכע שטאַמלער קאָן מאַכען א שווייג, א דאַנק זיין טעלעאָלאָגישען פאָרמאַליזם.

## 17

פון דעם גאַנצען אַנאַליז, וואָס מיר האָבען אָנגעווענדעט אויף שטאַמלער׳ס ווערק, קומט ארויס, אז אין איהם איז אייגענטליך ניטאָ קיין איין גרונד־זאַץ, וואָס זאָל ניט ארויסרופען ערנסטע טענות אנטגעגען זיך.

אָבער זעהר פיעל אין זיין ארבייט פערדיענט די טיעפּסטע אויפ־

מערקזאַמקייט. זיין קריטיק פון דעם מאַרקסיזם און בפרט פון די מאַרקסיסטען, וואָס מיר האָבען אין גאַנצען אין אַרויסגעלאָזען, זענען אמת ניט אַלע ניי, אָבער דאָס רוב פון זיי טרעפט ריכטיג אין ציעל. זיכער האָט ער געטראָפען דעם אמת, בעת ער האָט אָנגעוויזען דערויף, אַז די גרויסע איבערקעהרענישען אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען וואַקסען אַרויס פון יענע ענדערונגען, — קליינע און גרויסע, רעש׳יגע און שטילע, פאַרביגע און אומבעמערקליכע, — וואָס פּאַסירען אין אַלע צווייגען פון דער מענשליכער טעטיגקייט: אין דער אינדוסט־ריע, דער ערציהונג, דער רעליגיע, די זיטען, דער וויסענשאַפט, א.אַז. וו.

אויך וואָס די טעאָריע פון דעם סאָציאַלען מאַניזם רוקט אַרויס אויף דעם ערשטען פּלאַץ די פראַגע וועגען די געזעלשאַפטליכע פ אָ ר מ ע ן פון דער מענשליכער מיטאַרבייטערשאַפט, איז געוויס ניט גאָר אָהן אַ וויסענשאַפטליכע בעדייטונג: דאָס דאַרף צוציהען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון יעדען ערנסטען סאָציאָלאָג.

און די גרעסטע אַכטונג פערדיענט שטאַמלער דורך דעם, וואָס ער קעמפט אַזוי ענערגיש פאַר דעם עטישען עלעמענט אין דער וויסענשאַפט, פאַר דער פראַגע: „וואָס זאָל זיין לויט אונזער שכל און יושר?“ — אַ פראַגע, וואָס די אָביעקטיווע סאָציאָלאָגיע האָט ממאס געווען צו איהר אייגענעם שאָדען.

אָבער נעהמט מען די טעאָריע פון דעם סאָציאַלען מאָניזם, ווי אַ גאַנצען בנין, מוז מען איינזעהן, אַז ס׳איז אַ גרויסער ספק, צי זי האָט אַ רוק געטהאָן די וויסענשאַפטליכע סאָציאָלאָגיע און די גע־שיכטס־פילאָסאָפיע אפילו אויף איין שריט ווייטער.

אין דער אַרטיקעל־סעריע: „די געשיכטס־פילאָסאָפיע און דער ענד־ציעל“ האָבען מיר געהאַט צו טהאָן מיט דעם פּרוב, וואָס דער מ אַ ר ק ס י ז ם האָט געמאַכט, — אויסצוגעפינען אַ ריין אָביעקטי־ווען קריטעריום פאַר דער בעשטימונג פון דעם ענד־ציעל.

אין דער איצטיגער אַרטיקעל־סעריע זענען מיר בעקאַנט געוואָ־רען מיט אַ צווייטען פּרוב פון דעם זעלביגען מין: שוין אויף דעם פעלד פון דער מאָראַל־פילאָסאָפיע.

אויך דער פּרוב האָט זיך ניט איינגעגעבען.

קאָן מען אפשר דעם „ענד־ציעל“ איבערהויפּט ניט בעשטימען אָביעקטיוו?

# דער מאַטעריאַליזם און די דיאַלעקטישע לאָגיק *)

די יסודות פון דעם אזוי אָנגערופענעם „וויסענשאפטליכען“ סאָציאַליזם, וואָס הערשט נאָך עד היום איבער דאָס רוב מוחות פון דער אַל־וועלטליכער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ליעגען אין די טעאָריעס פון קאַרל־מאַרקס און פרידריך ענגעלס, דער עיקר אין זייער געשיכטס־פילאָסאָפיע. לכתחילה האָבען א סך געמיינט, אז אַלע טייַלען פון דער מאַרקסיסטישער טעאָריע זענען אויסגעשמידט פון רייַנעם, „וויסענשאפטליכען“ אייַזען און קיין ברעקעל מעטאַפיזישע פסולת איז אין זיי ניטאָ. שפּעטער האָט א גרויסע צאָהל אפילו פון די אָרטאָדאָקסיש־גלויביגע מאַרקסיסטען, ווי צ. ב., דער רוסי־שער דענקער פּליעכאַנאָוו, איינגעזעהן, אז דער „וויסענשאפטלי־כער“ בנין פון דעם מאַרקסיזם איז אויפגעבויט אויף אַ פ י ל אָ־ס אָ פ י ש ע ן פונדאַמענט. ממילא האַלט זיך דער גאַנצער שטאָלצער בוי אויף דער פעסטקייט פון זיינע ריין־פילאָסאָפישע גע־דאַנקען.

פאַר די קריטיקער פון דעם מאַרקסיזם איז דאָס קיין נייס ניט געווען. זיי האָבען שוין לאַנג דערבליקט, אז דאָ האָבען מיר צו טאָן ניט מיט אַ וויסענשאפטליך־איינגעפונדעוועטער פילאָסאָפיע פון דער געשיכטע, נאָר מיט אַ זעהר אינטערעסאַנטען קאַפּיטעל אויס דער געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע. דער קאַפּיטעל איז אויסטער־ליש אינטערעסאַנט דורך דעם, וואָס מאַרקס'ן און ענגעלס'ן האָט זיך פאַרוועלט איינצופלאַנצען אין דעם באָדען פון דער מאַטעריאַליס־טישער פילאָסאָפיע אַזאַ ריין מעטאַפיזישע געוועקס, ווי העגעלס

*) געדרוקט פריהער אין דייטש, דערנאָך אין רוסיש (אין דעם זשור־נאַל „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ“ און שפּעטער אין אַ בעזונדער ביכעל אין דעם פערלאַג פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען) דערנאָך אין אידיש אין „דאָס נייע לעבען“, לעצטען יאָהרגאַנג.

דיאַלעקטיק, וואָס גיט אונז אַ גאַנץ נייע לאָגיק, אַ נייע ענטוויק־לונגס־טעאָריע און אַ נייע מעטאָדען־לעהרע.

די שאלה איז אָבער קודם־כל: קאָן העגעל׳ס דיאַלעקטיק איבערגעפלאַנצט ווערן אין אַ מאַטעריאַליסטישער וועלט־אַנשוי־אונג? קאָן זי ציהען איהר חיונא פון אַ מאַטעראַליסטישען באָ־דען? איז אפשר יענער באָדען אָנגעזאַפּט מיט אַזעלכע זעפטען, וואָס זענען אַ סם־המות פאַר דער דיאַלעקטיק און מוזען סוף־כל־סוף פיהרען צו איהר טויט?

איך ווייס גאַנץ גוט, אַז דער ענטפער אויף דער שאלה וועט אונז גאָר נישט ניט, אָדער זעהר ווייניג, דערצעהלען מכח דעם ווערטה פון דעם מאַטעריאַליזם פאַר זיך און וועגען דער לעבענס־קראַפט פון דער דיאַלעקטיק, ווען מען זאָל זי לאָזען אומבערירט אין איהר פריהערדיגער היים, אָדער אריבערפלאַנצען זי אין אַן אַנדער פילאָסאָפישען בלומען־גאָרטען (קיין פּרוכט־בוים איז דאָס סיי ווי סיי ניט!) פון דעם זעלביגען מעטאַפיזישען קלימאַט. מיר דוכט צ. ב., אַז אויף דעם באָדען פון בערגסאָן׳ס פילאָסאָפיע, וואָס ליגט אין די זעלביגע פילאָסאָפישע ברייט־גראַדען, ווי העגעל׳ס מעטאַ־פיזיק, האָט די דיאַלעקטיק זעהר פיעל שאַנסען זיך גאָר פיין פאַ־נאַנדערצוביליהען. און נאָך מעהר: איך מאַך אפשר קיין טעות ניט, ווען איך זאָג, אַז די בערגסאָנישע פילאָסאָפיע מוז אין איהר לאָ־גישען טייל קומען פון זיך אליין צו רעזולטאַטען, וואָס שטימען אין אַ סך פונקטען צונויף מיט העגעל׳ס דיאַלעקטישען דענקען.

אָבער אונזער היינטיגע אונטערזוכונג האָט ניט קיין ריין פי־לאָסאָפישע ציעלען אין זין. אַ מעהר פּראַקטישע פראַגע שטעהט דאָ אין קאָן: די פראַגע וועגען דער טעאָרעטי־שער פעסטקייט פון דעם גאַנצען מאַרק־סיסטישען סיסטעם. לאָזען זיך מאַטעריאַליזם און העגעלשע דיאַלעקטיק צונויף־פּאָרען אין איינעם? איז די היס־טאָרישע אידעען־פערבינדונג, וואָס מאַרקס האָט בעשאַפען אין זיין פילאָסאָפיע אַזאַ, וואָס קאָן האָבען אַ וועלכע עס איז ממשות?

אַ טייל פון דער דאָזיגער פראַגע ווילען מיר איצטער פער־ענטפערן. מיר שטעלען זיך אָב אויף דעם לאָגישען צווייג פון דער דיאַלעקטיק, אויף דער אַזוי אָנגערופענער „ווידערשפּרוכס־

לאָגיק", און ווילען בעווייזען, אז זי און די גרונד־געדאנקען פון דעם מאַטעריאַליזם זענען עלעמענטען, וואָס קאָנען בשום אופן נים הוי־זען אין איין איינציגען פילאָסאָפישען סיסטעם.*) (1913).

### .1

## דיאַלעקטיק און לאָגיק

אויב די דיאַלעקטיק, ווי א געוויסע טעאָריע פון דער אלוועלט־ליכער ענטוויקלונג, האָט נאָך וואָס עס איז בשותפות מט אונזערע מאָדערנע אנשויאונגען, געהט זי אין איהר לאָגיק זיך אין גאנצען פאנאנדער מיט אלע טעאָריען און היפאָטעזען פון דער איצטיגער וויסענשאפט. און נים נאָר דאָס. איהר הויפט־ציעל איז אָנצו־גרייפען יענע פונדאמענטען פון דער לאָגישער וויסענשאפט, וואָס זענען אויסגעארבייט געוואָרען נאָך פון אריסטאָטעל'ן און האָבען פון יענער צייט אָן נים אויפגעהערט פאַר'אמת'ט צו ווערען אין אלע טעאָרעטישע און פּראקטישע וויסענשאפטען, אזוי גוט ווי אויף דעם פעלד פון דעם טאָג־טעגליכען דענקען.

מיר מיינען דאָ די דריי אויבערשטע כללים פון דעם דענקען: **דעם געזעץ פון אידענטיטעט**, וואָס זאָגט אונז, אז יעדע זאַך איז גלייך צו זיך אליין, **דעם געזעץ פון ווידערשפּרוך**, לויט וועלכען קיין זאַך קאָן נים טראָגען אין זיך דעם אייגענעם היפך, און **דעם געזעץ פון דעם אויסגעשלאָסענעם דריטען**, וואָס פער־ווערט אונז צו דענקען, אז איין־און־דיזעלביגע זאַך זאָל אין דער־זעלביגער צייט זיך קאָנען געפינען אין צוויי צושטענדען, וואָס שלי־סען איינער דעם אנדערן אויס, אז זי זאָל קאָנען עקזיסטירען און נים עקזיסטירען אין דער זעלביגער צייט.

די דריי לאָגיש ענג צונויפגעבונדענע געזעצען האָבען אין דער וויסענשאפטליכער פאָרשונג, אמת, זעהר א קליינעם מעטאָדאָלאָגי־

*) וועגען העגעל'ס דיאַלעקטישער פילאָסאָפיע, זעה אונזער „די פי־לאָסאָפיע", בד. 2, ז. 128 ביז 146, דער עיקר ז. 131 ביז 135. וועגען מאַרקס' דיאַלעקטישען מאַטעריאַליזם, ד. ג. ז. 166 ביז 175.

שען ווערטה. אָבער זיי זענען בשום אופן ניט איבעריג אין איהר. זייער פערדינסט בעשטעהט אין דעם, וואָס זיי גיבען אונז אָן, — ווי מיר האָבען דאָס שוין אין אַן אנדער אָרט בעמערקט, — יענע גרעניצען, וועלכע קיין ריכטיגער דענקער טאָר ניט אריבערטרעטען, ווייל פון יענער זייט גרעניץ הערט בכלל אויף די מעגליכקייט פון א ריכטיגען דענקען.

אָבער די דיאלעקטישע דענק-מעטאָדע, דאָרטען, וואו זי בלייבט טריי זיך אליין, מוז מוטיג אָבלייקענען דעם „זאץ פון ווידערשפרוך“ און ממילא אויך די צוויי אנדערע העכסטע כללים פון דער לאָגיק. און אָט די „כפירה בעיקר“ געפינען מיר ניט נאָר ביי פיכטע, שעללינג און העגעל, וואו זי פאסט אזוי גוט צו דעם גאנצען פרצוף פון זייער פילאָסאָפיע, נאָר אויך ביי מארקס און ענגעלס.*) אויך די צוויי לעצטע דיאלעקטיקער האָבען זיך ניט געשעהמט אָפען צו דערקלערען, אז יעדע זאך עקזיסטירט יע און עקזיסטירט ניט אין איין און דערזעלביגער צייט.**)

א דאנק דעם, וואָס די דיאלעטיק האָט עובר געווען אויף דעם גרעסטען „לאו“ פון דער לאָגישער וויסענשאפט, זענען אויף איהר אָנגעפאלען כמעט אלע דענקער פון אלע ניט-דיאלעקטישע ריכטונגען, וואָס האָבען זיך נאָר אָבגעגעבען מיט העגעל׳ס פילאָסאָ-פיע. ווען מיר דערמאָנען זיך אויף די נעמען פון שאָפּענהויער, לאנגע, טרענדעלענבורג, אול׳ריצי, עקסנער, עדוארד פאָן הארטמאן, דיוה-רינג און נאָך, ווערט אונז קלאָר, ווי איינשטימיג עס איז דער פּראָ-טעסט, וועלכען די גאנצע פילאָסאָפיע (א חוץ דער ספעקולאטיווער ריכטונג) האָט ארויסגעטראָגען אנטקעגען דער דיאלעקטישער לאָגיק.

דער אייגענער אומשטאנד האָט געמוזט פיהרען דערצו, אז צווישען די געגנער און די אָנהענגער פון דער דיאלעקטיק זאָלען אזוי צו זאָגען איבערגעריסען ווערען אלע פילאָסאָפישע מחזקות. ווי באלד די דיאלעקטיקער דערקלערען מיט א גאנץ ערנסטער מינע, אז „אלץ עקזיסטירט יע און עקזיסטירט ניט“, בלייבט פאר די

---

*) וועגען פיכטע זעה: „די פילאָסאָפיע“, בד. 2, ז. 105 ביז 116. וועגען שעללינג: ד. ג. 121 ביז 128.

**) זעה ענגעלס פּאָלעמיק אָנטקעגען דיוהרינג׳ן, ז. 5: „אָלעס איסט אונד איסט אויך ניכט“.

אנטי־דיאַלעקטיקער, באמת, קיין אנדער זאַך ניט, סיידען א מאַך טהאָן אויף די געגנער מיט'ן האנד, ווי אויף איינגעעקשן'טע מאַניאַקען, און גאָר ניט נתפעל ווערען, וואָס צו די דאָזיגע „מאַניאַקען" האָט אַ לאַנגע צייט בעלאַנגט כמעט דאָס גאַנצע פּראָגרעסיוו־דענקענדע דייטשלאַנד.

וועניגסטענס, קאָן מען אזוי גלויבען אויפ'ן ערשטען בליק און מען ווערט נאָך פערשטאַרקט אין דעם גלויבען, ווען מען הערט זיך צו צו די ביטערע קלאָגען, וואָס עדוארד פאָן הארטמאַן גיסט אויס אויף די דיאַלעקטיקער אין זיין, אגב, זעהר גוטען בוך: „די דיאַלעקטישע מעטאָדע".

„דער אַלגעמיינער הסכם מכח דער אויבערהערשאַפט פון דעם וויעדערשפּרוך־כלל", זאָגט הארטמאַן, „אָט דאָס איז דער מינימום פון אַ שותפות'שען באַדען, אָהן וועלכען קיין וכוח איז ניט דענקבאר. אָבער דער דיאַלעקטיקער לאַכט זיך דערפון אויס, ווי פון אן אבערגלויבען, וואָס איז אויסגעוואַקסען אויף דעם באָדען פון דער פאָרמאַלער לאָגיק. עס איז דעריבער ניטאָ קיין ברעקעל מעגליכקייט צו דיסקוטירען מיט איהם. דער דיאַלעקטיקער שרעקט זיך ניט אפילו פאַר אן אבסאָלוטער אונמעגליכקייט: זאָגט דאָך העגעל, אז אַלץ איז אונמעגליך. („אַלעס איסט איין אונמעגליכעס", באנד 4 ז. 203) און אויב איהר שטעלט פאַר איהם אוועק אן אבסאָלוטע אַלטערנאַטיווע, שפּרינגט דער דיאַלעקטיקער אריבער אייער נעץ מיט דעם בעמערק, אז דער אמת קאָן ניט זיין איינגעשלאָסען נאָר אין איין אורטייל, אז די דיאַלעקטיק האַלט ניט פון דער פאָרמעל „ענטוועדער־אָדער", ווייל אויף דער געזעץ פון דעם אויסגעשלאָסענעם דריטען איז פאַר איהר אַ שוין לאַנג ארויסגעוואָרפענער באַלאַסט."

דערפון קומט ארויס, אז „אן עכטען דיאַלעקטיקער קאָן מען מיט זיין איינגענער הסכמה בשום אופן ניט צופיהרען צו אן אבסורד. מחמת דאַרטען, וואו פאַר אַלע מענשען הויבט זיך אָן דער אבסורד, — נאָמענטליך, מיט דעם פעלד פון ווידערשפּרעכונגען, — הויבט זיך פאַר דעם דיאַלעקטיקער ערשט אָן דאָס פעלד פון חכמה. עס פרעגט זיך אָבער: איז דאָ אַ וואָסער עס איז אנדער מיטעל, צו בעווייזען די פאַלשקייט פון אַ וועלכער עס איז בעהויפּטונג, אַ

חוץ ווען מיר פיהרען זי צו צו אַן אַבסורד, ווען מיר ציהען פון איהר אַזעלכע שלוסען, אָדער שטעלען זי אַרוים אויף אַזאַ אַרט, אַז איהר רעזולטאַט מוז על פּי הכרח זיין אַ ווידער־אַנאַנד ? נאָר דער דיאַלעקטיקער מאַכט אַן אויסנאַהם פון דעם דאָזיגען אַלגעמיינעם כלל. פאַר איהם בעשטעהט, אדרבה, דער פּרוב־שטיין פון פאַלש אין דעם, וואָס עס איז נ י ט אַ קיין ווידערשפּרוך, און דער אַלגעמיינער פאָרמאַלער קריטעריום פון אמת ליעגט פאַר איהם אין דער איינהייט פון דעם ווידערשפּרוך מיט דער אידענ־טיטעט, אין דער אידענטיטעט פון ווידעראַנאַנדיגע הנחות און בעגריפען. מיר ווילען דערמיט לחלוטין ניט זאָגען, אַז יעדער ווידעראַנאַנד, און ממילא יעדער שטות און ווידערזין ווערט פון דעם דיאַלעקטיקער דערקלערט פאַר אַן אמת. אָבער איין זאַך איז פון דעסטוועגען געוויס, אַז זיין קריטעריום פון דעם אמת געהט ניט ווייטער, איידער די פאָדערונג פון אַ ווידערשפּרוך. אָבער פאַנאַנדערקלייבען זיך, וועלכער ווידעראַנאַנד איז אַן אמת און וועל־כער איז אַ פּידרעך, — אויף דערויף האָט ניט דער דיאַלעקטיקער קיין פאָרמאַלען קריטעריום".

מען מוז מודה זיין, אַז דער לעצטער פאָרוואורף האַרטמאַן'ס, וועמעס בוך עס איז אַרוים אַ סך פריהער איידער ענגעלס'ס ארבייט וועגען דיוהרינג'ן, קאָן ניט האָבען קיין שיכות צו מאַרקס'ן און צו זיין דיאַלעקטישער מעטאָדען־לעהרע. מאַרקס האָט זיך אָבגעזאָגט, — על כל פּנים, אין פּרינציפּ, — פון אַלע אַ־פּריאָרישע קאָנסטרוק־ציעס. ממילא קאָן ער אָננעהמען אַ קריטעריום פאַר די ווירקליכ־קייט גופא. יענער ווידער־אַנאַנד וועט פאַר איהם זיין אַן אמת, וואָס געפינט זיך באמת אין דער ווירקליכקייט. כדי אָנצואווענדען אַזאַ קריטעריום אין דער פאָרשונג, דאַרף מען נאָר האָבען אויגען און אויערן און פּינקטליכע מעטאָדען פון דער אינדוקציע מיט דעם איינציגען תנאי, אַז מען זאָל זיך ניט שרעקען פאַר אַ ווידער־אַנאַנד, נאָר אדרבה ! — וואַרטען אויף איהם אַלע רגע.

קאָן מען מסכים זיין אפילו מיט אַזאַ אויפפאַסונג פון דער דיאַלעקטישער מעטאָדען־לעהרע ? און — זענען מאַרקס און ענגעלס אַליין געבליבען איהר טריי ? — דאָס זענען פראַגען, וואָס זענען שוין נוגע די דיאַלעקטישע מעטאָדאָלאָגיע, און ממילא טרעטען זיי

אריבער די גרעניצען פון אונזער איצטיגער ארבייט, וועלכע איז געווידמעט שפּעציעל דער דיאַלעקטישער לאָגיק. לאָמיר דעריבער אויסהערען ביז׳ן סוף הארטמאַן׳ס קלאָגען.

„מיט דער הילף פון געוועהנליכע לאָגישע בעוויזען", טענה׳ט ער ווייטער, „קאָן מען קיין מאָל ניט פאַרטיג ווערן מיט א דיאַלעקטיקער". דערצו מוז מען נאָך צוגעבען דעם אומשטאַנד, וואָס זיינע בעגריפען האַלטען אין איין פליעסען. „מחמת דער צווייטער תנאי־בלי־יפונה פון איטליכען וכוח בעשטעהט אין דעם, אז מען זאָל זיך האַלטען פאַר דער איינמאָל אָנגענומענער דעפיניציע און ווען מען רעדט וועגען „אלף", זאָל מען שוין אויך דענקען וועגען „אלף" און ניט וועגען „בית". אָבער פאַר דעם דיאַלעקטיקער בעשטעהט די גרונד־איינענשאַפט פון דעם „אלף" צו זיין אין דערזעלבינער צייט אויך א „בית". און ווען איהר האָט זיך נאָר וואָס איבערצייגט, אז איהר האָט איינגענומען דעם געגנער בנוגע צום „אלף", ערשט ער האָט זיך שוין פון אייך אוועקגעגליטשט צום „בית"... עס איז זעהר וויכטיג, אין גאַנצען קלאָר צו ווערען וועגען דעם ענין. דער נים־דיאַלעקטיקער וויל, פערשטעהט זיך, אויך אויף דעם דיאַלעקטיקער אויספּרואוּווען די געוועהנליכע גאַנגען פון זיין קריטיק, און דעריבער וואונדערט ער זיך, וואָס ער מאַכט ניט אפילו קיין איין שריט פאָרווערטס, וואָס ער געפינט זיך אין א לאַגע פון איינעם, וואָס יאָגט זיך נאָך געשפּענסטער: אָט־אָ האָט ער, דוכט זיך, אריינגעטריבען א געשפּענסט אין ווינקעל אריין און וויל איהם שוין כאַפּען, ערשט יענער לאַכט איהם שוין אויס פון אַנאַנדער ווינקעל."*)

הארטמאַן׳ס תרעומות אויף אזא פערדראָסליכע און לעבערליכע סיטואַציע קאָן מען גאַנץ גוט פערשטעהן און מען מוז איהם פון גאַנצען האַרצען מוחל זיין. עס איז דעריבער קיין חדוש נים, וואָס די קריטיקער פון דער „ווידעראַנאַנד־לאָגיק" האָבען זיך ניט איבעריגס פערטראַכט וועגען איהר פילאָסאָפישער בעגרינדונג. זיי האָבען זיך דער עיקר אָבגעגעבען מיט דעם פאָרמעל־לאָגישען אַנאַליז פון

*) עדוואַרד פאָן הארטמאַן, די דיאַלעקטישע מעטאָדע, בערלין, 1869, זז. 43—44.

איינצעלנע דיאַלעקטישע זאַצען, און דער פּועל־יוצא דערפון איז געווען יענע אַנטפּלעקונג, אַז די געזעצען פון דער פאָרמאַלער לאָ־גיק געהען להיפּך צו דער דיאַלעקטיק, ד. ה., מיט אַנדערע ווערטער, אַז די אַנטי־לאָגישע דיאַלעקטיק איז דיאַלעקטיק און ניט לאָגיק, — אַ רעזולטאַט, וואָס האָט געקאָנט צופרידען שטעלען ביידע צדדים אין גלייכער מאָס.

עס טאָר, פערשטעהט זיך, ניט געלייקענט ווערן, אַז אַזאַ מין קריטיק איז זעהר ניצליך, כדי צו דיסקרעדיטירען די דיאַלעקטישע מעטאָדע פון דענקען. מען דאַרף דאָך, סוף־כל־סוף, איינזעהן איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז די פּאַקטישע בעווייזען, מיט וועלכע דער דיאַלעקטיקער וויל פערשטאַרקען זיינע גרונד־בעהויפּטונגען, שיטען זיך פאַנאַנדער אין שטויב, ווי נאָר מען ווענדט אויף זיי אָן אַ ביסעל אַ טיעפערען לאָגישען אַנאַליז.

און פון דעסטוועגען, דוכט זיך, אַז ביי דער אָבשעצונג פון דער דיאַלעקטיק טאָרען מיר זיך ניט בענוגענען מיט תרעומות און קלאָגען און מיט בעווייזען, אַז די דיאַלעקטיק האַלט ניט אויס די קריטיק פון דער פאָרמאַלער לאָגיק. לאָמיר ניט פערגעסען, אַז די דיאַלעקטישע דענק־מעטאָדע, מיט איהר כפירה אין די העכסטע געזעצען פון דער לאָגיק, איז דאָך ניט פון הימעל אַראָבגעפאַלען אין דער פילאָסאָפיע. ממילא מוז דאָך זיין אַ וועלכע עס איז אורזאַך, וואָס האָט זי אַרויסגעבראַכט.

ס'איז אמת: ניט פיכטע, ניט שעללינג, ניט העגעל, ניט מאַרקס האָבען אונז קיין מאָל ניט בעוויזען, פאַר וואָס און ווי אַזוי זיי זענען געקומען צו דעם דיאַלעקטישען דענקען. העגעל האָט אויך שוין געהאַלטען אין דורכפיהרען דעם געדאַנק, אַז אויף דעם באָדען פון דעם פאָרמאַל־לאָגישען דענקען (דעם „מעטאַפיזי־שען", ווי העגעל האָט איהם אָנגערופען) קאָן מען בכלל ניט ברענ־גען קיין בעוויז פאַר דער דיאַלעקטיק. און אויך דאָס איז אמת, אַז ווען דער מיסטיקער אויגען היינריך שמיטט וויל אונז איינ־שמועסען, אַז העגעל האָט געפונען „דאָס גענעטישע אור־ווערען אַלעם דענקענס אין דען טיעפען דעם גייסטעס", *) האָט אַזאַ בע־

*) אויגען היינריך שמיטט, דאָס געהיימניס דער העגעלשען דיאַלעק־טיק. האַללע אַ. ס. 1888. ז. 93.

הויפּטונג אַ וועלכען עס איז זין נאָר פאַר אַזעלכע אָנהענגער פון דער דיאַלעקטיק, ווי ער אַליין.

אָבער — ווי עס זאָל ניט אויסזעהן, אַז די דיאַלעקטיק איז אַ ברעקעל ניט בעגרינדעט, ווי וועניג זי זאָל קאָנען אויסהאַלטען קריטיק פון אַ פאָרמעל־לאָגישען שטאַנדפּונקט, מוזען מיר דאָך צוגעבען, אַז עס זענען געווען געוויסע טעמים, פאַר וואָס זי האָט זיך געמוזט בעוויי‍זען אין דער פילאָסאָפיע און פאַר וואָס זי האָט גענומען הערשען איבער די בעסטע מוחות פון דייטשלאַנד אין דעם סוף דרייסיגער און דעם אָנהויב פערציגער יאָהרען פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט.

שוין דאָס אַליין, וואָס אַזעלכע באמת קאָלאָסאַלע מוחות, ווי פיכטע, שעללינג און העגעל; אַזעלכע גאַנץ געוויס גרויסע און ניכטערע דענקער, ווי דוד פריעדריך שטרויס, קאַרל מאַרקס און פערדינאַנד לאססאַל, — נאָר אָנרופען נעמען, וואָס זענען אַלעמען בעקאַנט, — האָבען געקאָנט פערבלענדעט ווערען פון אַזאַ „עורבא פרח“, — שוין דאָס אַליין, זאָגען מיר, בעווייזט גאַנץ גענוג, אַז מיר האָבען דאָ צו טהאָן ניט מיט געדאַנקען־שוואַכקייט, ניט מיט קאַפּריזען פון אַ צולאָזענעם זשעני, נאָר מיט טיעפע און ערנסטע מחשבות פון דעם פילאָסאָפישען שאַפען, ווען אַפילו די מחברים און די אָנהענגער פון דער דיאַלעקטיק האָבען אפשר אַליין ניט געוואוסט, וואָס פאַר אַ בעדייט יענע מחשבות האָבען געהאַט פאַר איהר גאַנצען אויפבוי.

אויפדעקען אָט די אַלע פילאָסאָפישע גרונד־הנחות און ווירקונגען, וואָס האָבען אין זייער טאָטאַליטעט געבראַכט צו דעם דיאַלעקטישען מעטאָד פון דענקען, — אין דעריבען דאַרף ליעגען, ווי מיר גלויבען, די אויפגאַבע פון יעדען איינעם, וואָס וויל אַריינדרינגען אין די „סודות פון דער העגעל׳שער דיאַלעקטיק.“

און אַזוי ווי אַלע יענע מחשבות און פילאָסאָפישע ווירקונגען האָבען דאָך עקזיסטירט איידער עס איז געבאָרען געוואָרען די „ווידער־אַנאַנד־לאָגיק“, הייסט עס, אַז זיי זענען אויסגעוואַקסען אויף דעם פעלד פון דעם נאָרמאַלען מענשליכען דענקען, נאָר זיי אַלע אין איינעם האָבען אין זייער סכום געבראַכט צו

דער כפירה אין לאָגיק, איז מוז די אויפדעקונג פון יענע פילאָסאָ־
פישע גרונד־הנחות געבען אונז דעם „מינימום פון בשותפות'שען
באָדען", וואָס אָהן איהם קאָן דער אנאַליז פון דער דיאַלעקטישער
טעאָריע קיין מאָל ניט זיין פרוכטבאַר.

זאָל זיך אַרויסווייזען, אַז אַלע פילאָסאָפישע הנחות, וואָס
זענען נויטיג, כדי צו בעגרינדען די דיאַלעקטיק (און וואָס האָבען
היסטאָריש געפיהרט צו איהר) קאָנען אין דער אמת'ן בשום אופן
ניט אָבגעפרעגט ווערן אין דער פילאָסאָפיע, איז יעמאָלט מוז מען,
באין ברירה, אָננעהמען יענעם משונה'דיגען רעזולטאַט, וואָס
שפּרינגט פּלוצלונג אַרויס פון זייער גאַנצען סכום.

אָבער אויב עס וועט אויסקומען, אַז, לאָז זיין, אפילו איינע
פון יענע נויטווענדיגע הנחות איז ניט ריכטיג, אָדער זעהר ניט
וואהרשיינליך, אָדער, — אַזוי ווי מיר האָבען צו טהאָן מיט דער
מ א ט ע ר י א ל י ס ט י ש ע ר דיאַלעקטיק, — געהט גאָר להיפך
צו די אַנדערע פילאָסאָפישע גרונד־געדאַנקען פון דעם מאַטעריאַ־
ליזם,—יעמאָלט וועט יעדער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליסט,—אויב
ער האָט נאָר אַ שאָטען פון טעאָרעטישען יושר אין האַרצען, —
מוזען מודה זיין, אַז אין דער פעסטונג פון זיין תורה איז דורכ־
געשלאָגען געוואָרען אַ ברעש.

## .2

## „די סודות פון דער העגעל'שער דיאַלעקטיק".

דער גרונד־געדאַנק פון מאַרקס'עס דיאַלעקטישע לאָגיק בע־
שטעהט אין דעם, וואָס פאַר איהם האָבען די געזעצען פון דעם
פאָרמאַל־לאָגישען דענקען, מיט זייער אויבערשטען פּרינציפּ אויס־
צושליסען היפּכים, נאָר אַ ר ע ל א ט י װ ע ן ווערטה. מאַרקס
גלויבט, אַז מיר קאָנען זיך אויפהויבען אויף אַ העכערע שטופע פון
מענשליכער דערקענטנים, וואָס אויף איהר זעהט מען קלאָר איין,
ווי אַזוי אין אַלע ערשיינונגען פון דער וועלט מוזען על פּי נויט־
ווענדיגקייט ליעגען אינוועניגסטע סתירות. מיר האָבען אין אונזער
שכל אַ חוץ דעם „געוועהנליכען" דענקען נאָך אַן אויסערגעוועהנלי־

כען, וואָס ווערט בעהערשט פון דורכאויס אנדערע געזעצען, איידער דער טאָג־טעגליכער מענשליכער געדאַנק.

ווייל איינס דאַרף מען ניט פערגעסען: אויך דער דיאַלעקטי־קער לייקענט, פערשטעהט זיך, אויף קיין פאַל ניט, אַז אונזער „טאָג־טעגליכער", „פערשטענדיגער" אָדער „מעטאַפיזישער" דענ־קען איז אין גאַנצען אונטערוואָרפען אונטער דער שליטה פון דער פאָרמאַלער לאָגיק. ער מוז זיך בויגען פאַר דעם געזעץ פון ווידער־שפרוך, ווי פאַר זיין אויבער־קריטעריום. דער דיאַלעקטיקער זאָגט נאָר: אין אונזער שכל ליעגט בעהאַלטען אַ דערקענטנים־פּראָצעס, וואָס איז פערדעקט מיט דעם געוועהנליכען לאָגישען דענקען. די געזעצען פון יענעם העכערען דערקענטנים־פּראָצעס האָבען זיך, שטופע נאָך שטופע, אנטפּלעקט פאַר דעם גייסטיגען אויג פון דער דענ־קענדער מענשהייט, ביז זיי האָבען ביי העגעל'ן געפונען זייער העכ־סטע ענטוויקלונג, ווען אפילו זיי זיינען ביי יענעם דענקער נאָך גע־ווען איינגעוויקעלט אין אַ מיסטישער פאָרם. אָבער נאָך דער קאַטאַס־טראָפע פון דער אידעאַליסטישער פילאָסאָפיע האָט זיך מארקס'ען און ענגעלס'ען איינגעגעבען „אַריבערצוררעטען" די דאָזיגע בעוואוס־טע דיאַלעקטיק, אָבריייניגען זי פון אַלע מיסטישע פאָרמען און אריינטראָגען זי אין די מאַטעריאַליסטישע אויפפאַסונג פון נאַטור און געשיכטע. *)

אַזאַ בליק אויף דעם ענין איז אויפגעבויט אויף דער פעסטער מיינונג, אַז דער בוי פון אונזער שכל שליעסט אין זיך איין צ ו ו י י פ ע ר ש י י ד ע נ ע אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י אָ נ ס־ ט י פּ ע ן: דעם לאָגישען און דעם דיאַלעקטישען טיפּ, און אַז דער לאָגישער טיפּ, וואָס איז אונטערוואָרפען אונטער די געזעצען פון דער פאָר־מאַלער לאָגיק, קאָן אונז געבען נאָר אַן איינזייטיגע און פּ י ק־ ט י ו ו ע דערקענטנים, בעת דער דיאַלעקטישער טיפּ, וואָס שפּרינגט אַריבער די געזעצען פון דער לאָגיק, קאָן אונז פיהרען צו אַ ריכטיגען בליק אויף דער וועלט.

אָט די פעסטע מיינונג, אַז דער כח פון אונזער דערקענטנים איז דואַליסטיש אויפגעבויט, איז דער ערשטער פילאָסאָפישער תנאי

*) אַנטי־דיוהרינג, 14—15.

פאַר דער מעגליכקייט פון אַ דיאַלעקטישען דענקען און מיר געפינען זי טאַקע ביי אַלע יענע דענקער, וואָס האָבען מעהר אָדער ווייניגער אָנגענומען די דיאַלעקטישע דענק־מעטאָדע. דעקאַרט, ספּינאָזאַ, פיכטע און שעללינג האָבען די „העכערע" פאָרמען פון דעם דענקען צוגעשריבען צו דער „אינטעלעקטועלער אַנשויאונג". העגעל גיט איבער זייער ראָליע דעם „דיאַלעקטישען" שכל, וועלכען ער שטעלט אַוועק אַנטקעגען דעם פערשטאַנד, ווען אפילו ער גיט צו, אַז זיי שטעהען ביידע אין אַ גענעטישען צונויפבונד. מאַרקס און ענגעלס שיידען פאַנאַנדער צוויי פאָרמען אָדער צוויי מעטאָדען פון דענקען: דעם ניעדריגערען, דעם מעטאַפיזישען מעטאָד, און דעם העכערען, דעם דיאַלעקטישען. *)

דער גלויבען אין דער דואַליטעט פון אונזער שכל שפּיעלט זעהר אַ וויכטיגע ראָליע אין דער טעאָריע פון דעם דיאַלעקטישען דענקען. ער מאַכט, אַז די טעאָריע זאָל זיך ערשט קאָנען אָנהויבען לעגען אויף דעם מענשליכען שכל. און אין דער אמת'ן! שטעלט מען זיך אַוועק אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז אונזער שכל האָט אין זיך צוויי דענק־מעטאָדען, קאָן מען, אין איינעם מיט דעם דיאַלעקטיקער, קלאָר פערשטעהן, פאַר וואָס מענשען, ביי וועמען דער צווייטער טיפּ, דער העכסטער טיפּ פון אונזער שכל, איז נאָך פערשטעלט מיט דעם ניעדריגערען, לאָגישען טיפּ, — פאַר וואָס אַזוינע מענשען מוז די דיאַלעקטיק אויסווייזען ווי דער ריינסטער פידרעך.

דאָס איז גאָר אַ פשוט'ער טעם. ווען מיר לאָזען צו, אַז דער פאָרמאַל־לאָגישער טיפּ זאָל ווערען דער איינציגער באַלעבאָס אויף אונזער שכל, קאָנען מיר יעמאָלט לחלוטין ניט ענטדעקען קיין וואָ־סערע עס איז אינווענייגסטע סתירות אין די נאַטירליכע ערשיינונ־

---

*) וועגען דעקאַרט זעה: „די פילאָסאָפיע", בד. 1, זז. 189, 205 און בפרט ז. 194 (דער שכל'דיגער איינזעהן). וועגען ספּינאָזאַ, ד. ג., זז. 239—260 און בפרט ז. 257 (דאָס אינווענייגסטע שכל'דיגע זעהען, די אינטואיציע); וועגען פיכטע, בד. 2, בפרט ז. 112; וועגען שעללינג, ד. ג., בפרט 122—123. וועגען העגעל'ן, ד. ג. ז. 128—146 און שפּעטער אין אונזער היינטיגער אַרבייט; דאָס זעלבע וועגען ענגעלס'ען און מאַרקס'ען.

גען, ווייל דער פערשטאַנד איז פּשוט ניט ביכולת צו „בענעהמען“ די דאָזיגע סתירות. אָבער אַזאַ בעגרעניצטקייט פון אונזער פערשטאַנד גיט אונז ניט קיין רעכט אָנצונעהמען, אַז אויך די גאַנצע וועלט מוז זיך רעכענען מיט זיינע גרעניצען. מיט די גרונד־אייגענשאַפטען פון אונזער לאָגישען דענקען האָבען מיר אַ רעכט צו בעגעהן זיך אַקוראַט אַזוי סקעפּטיש, ווי מיר בעגעהען זיך, לאָמיר זאָגען מיט די עדות פון אונזערע דרויסענדיגע חושם.

די אָרגאַנען פון אונזערע חושים זאָגען אונז, צום ביישפּיעל, — און זיי טהוען דאָס מיט אַ זיכערער פעסטקייט, וואָס ניט גובר צו זיין, — אַז די זון דרעהט זיך אַרום דער ערד און ניט די ערד אַרום דער זון. מיט אַקוראַט אַזאַ זיכערער פעסטקייט, ניט גובר צו זיין, זאָגט אונז דער פערשטאַנד, אַז עס קאָן ניט געמאָלט זיין, איין און דיזעלביגע זאַך זאָל עקזיסטירען און ניט־עקזיסטירען אין איין און דערזעלבער צייט. אָבער — וואָס בעטייט דאָס? דאָס בעטייט, אַז אונזער פערשטאַנד קאָן זיך ניט דערהויבען צו דער מדרגה פון דעם דיאַלעקטישען שכל, אַקוראַט אַזוי ווי אונזערע אָרגאַנען פון די דרויסענדיגע געוואָהר־ווערונגען האָבען קיין כח ניט אויפצוהויבען זיך אויף דעם שטאַנדפּונקט פון דער וויסענשאַפט. דער פערשטאַנד איז ניט ביכולת צו בעפרייען זיך פון זיינע **סוביעקטיווע לאָגישע געזעצען** אין דערזעלביגער מאָס, ווי אונזערע דרויסענדיגע חושים קאָנען זיך ניט אָבזאָגען פון זייערע סוביעקטיווע געהער־עמפּינדונגען און זעה־עמפּינדונגען.

נאָך אַזאַ לאַנגער צייט פון וויסענשאַפטליכע אונטערזוכונגען גלויבען מיר איצטער וועניג אונזערע „געזונטע מענשליכע אויגען“. מיר אַפּעלירען צו אַ העכערען בית־דין. פאַר וואָס זאָלען מיר אויך דעם „געזונדען מענשליכען שכל הישר“ ניט דערמאָנען אָן זיין קאַפּול?

— טהו דאָך אַ קוק, ווי די ערד דרעהט זיך אַרום דער זון, ווי די קאָלירען זענען גאָר ניט קיין קאָלירען, נאָר אַ פאַרבלויזער טרייסלען־זיך פון דעם עטהער!

— ניין, **זעהן** קאָן מען דאָס ניט. דאָס קאָן מען נאָר דענקען!

— איז פּרוואוו אַ דענק טהאָן, אַז „אַ“ איז ניט גלייך צו „אַ“, אַז איין־און־דיזעלביגע זאַך איז ניט גלייך צו זיך אַליין, אַז זי עקזיסטירט און עקזיסטירט ניט אָן איין־און־דערזעלבגער צייט!

— ניין, ד ע נ ק ע ן קאָן מען דאָס ניט. דאָס קאָן מען נאָר ו ו י ס ע ן.

אזוי קאָן טענה'ן דער דיאַלעקטיקער און דעריבער איז קיין חדוש ניט, וואָס אַלע פאָרמאַל־לאָגישע אָנפאַלען אויף זיין דאָקטרין האָבען געמוזט אָבשפּרינגען פון איהם, ווי עס שפּרינגען אָב פון אַ וויסענאַפטליך געבילדעטען פיזיקער אַלע יענע ארגומענטען, וואָס ווענינ־וויסענדע מענשען ברענגען אנטקעגען איהם מצד די „געזונטע מענשליכע אויגען“.

אַ ד ע ר ק ע נ ט נ י ס ־ ט ע אָ ר ע ט י ש ע ר ד ו אַ ־ ל י ז ם, — אין אַזאַ אָדער אין אַן אַנדער פאָרם, — איז, ווי מיר זעהען, דער ערשטער נ ו י ט ו ו ע נ ד י ג ע ר פ אָ ר ב ע ד י נ ג פ אַ ר י ע ד ע ן ד י אַ ל ע ק ט י ש ע ן ד ע נ ק ע ן. אָבער אויב דער דיאַלעקטישער מעטאָד איז על פּי הכרח צונויפגעבונדען מיט דעם דערקענטניס־טעאָרעטישען דואַליזם, איז דערפון נאָך ניט געדרונגען אַז יעדער דואַליזם מוז, פון זיין צד, זיין נויטווענדיג צונויפגעבונדען מיט דעם דיאַלעקטישען דענקען. עס זענען דאָ אַ סך דואַליסטען אין דער דערקענטניס־טעאָריע, וואָס זענען פון דעסטוועגען גאַנץ ווייט פון אָבלייקענען די פאָרמאַל־לאָגישע געזעצען. לאָמיר זיך דערמאָנען נאָר אָן קאַנט'ן, וואָס האָט אויך דורכגעפיהרט אַ שאַרפען צווישען־שייד צווישען פערשטאַנד און שכל, וואָס האָט אָבער אין דערזעלביגער צייט מודה געווען, אַז דער געזעץ פון דעם ווידערשפּרוך איז די העכסטע נאָרם פאַר אונזער דענקען, ווען אפילו ער האָט קנאַפּ־וואָס געהאַלטען פון זיין דער־קענטניס־טעאָרעטישען ווערטה, ווי ער האָט אויך די בעדייטונג פון דער גאַנצער פאָרמאַלער לאָגיק דערקענטניס־טעאָרעטיש אראָב־געזעצט ביז צו דעם מעגליכען מינימום. *)

קאַנט איז ניט געווען קיין דיאַלעקטיקער. אָבער אין זיין סיס־

---

*) וועגען קאַנט זעה די קאַפּיטלען וועגען איהם אין „פילאָסאָפיע“. בד. 2, בפרט וועגען די קוואַלען פון דער דערקענטניס, 34 און ווייטער.

טעם געפינען זיך אַ סך קערענדלעך פון׳ם דיאַלעקטישען דענקען. אָבגעהאַלטען קאַנט׳ן פון דער דיאַלעקטיק האָט דער גרונד־געדאַנק פון זיין פילאָסאָפישען קריטיציזם, אַז די „זאַך אין זיך גופא“ קאָן קיין מאָל ניט דערקענט ווערן פון׳ם מענשליכען שכל. *) אזא געדאַנק איז בשום אופן ניט קיין גינציגער באָדען פאַר דעם דיאַלעקטישען דענק־מעטאָד. ווי אַזוי קאָן איך זיין זיכער, אַז אין יעדער זאַך פון דער וועלט ליעגט אַן אינווענינגסטער ווידערשפּרוך, ווען איך ווייס לכתחילה, אַז דעם מענשענ׳ס שכל קאָן ניט משיג זיין די זאַך, ווי זי איז אין זיך?

דערפאַר איז אָבער אויך קיין וואונדער ניט, אַז ווי נאָר דער סקעפּטיציזם פון שלמה מימון האָט פון קאַנט׳ס סיסטעם אויסגעפּרעסען די גאַנצע „זאַך אין זיך“, אַזוי האָבען די דיאַלעקטישע קערענדלעך אין קאַנט׳ס סיסטעם אויפ׳ן שטעל גענומען לאָזען וואַרצלען. שוין ביי שלמה מימון גופא געפינען מיר שטעלען, וואו ער רעדט וועגען יענע בעדינגונגען, וואָס אונטער זיי מוז אַן „אבסאָלוטעס איך“ דענקען אַ ווידערשפּרוך.**)

ביי פיכטע׳ן בעגעהט זיך שוין „דאָס אבסאָלוטע איך“ דורכ־אוים דיאַלעקטיש. ער ווערט ניט אָבגעשראָקען פאַר׳ן ווידערשפּרוך און קוקט אויף די געזעצען פון דער פאָרמעלער לאָגיק פון אויבען אַראָב, ווי אויף עפּעס אַ ניעדריגערעס, אַ שפּעטער צוגעקומענעס, וואָס מוז זיך בויגען פאַר דער קאָמפּעטענץ פון דעם אבסאָלוטען איך.

אין נאָך אַ גרעסערער מאָס איז דאָס ריכטיג בנוגע שעללינג׳ן, שוין אָבגערעדט פון העגעל׳ן, ביי וועמען די ווידערשפּרוך־לאָגיק איז די נשמה פון זיין גאַנצעם סיסטעם.

עס וואָלט געווים ניט געווען קיין עולה אָבצושטעלען זיך אויף אַלע יענע איינצעל־געדאַנקען פון קאַנט, וואָס האָבען געווירקט אויף דער ענטוויקעלונג פון דעם דיאַלעקטישען מעטאָד. אָבער אונזער אַרבייט האָט ניט די פּרעטענזיע אויסצושעפּען דעם גאַנצען ענין פון דיאַלעקטיק. פאַר אונזער ספּעציעלען צוועק, — די מ א ר ק־

---

*) ד. ג. זעה 45 און ווייטער.

**) וועגען מימון זעה: „פילאָסאָפיע“, 2, ז. 99—103, די שטעלען וואָס איך האָב דאָ אין זין, געפינען זיך אין זיין „פערזוך איבער די טראַנסצענדענטאַלע פילאָסאָפיע“. 1790, ז. 153 און בפרט ז. 249.

ס י ס ט י ש ע ווידערשפּרוך לאָגיק, — וועט זיין געגוג, ווען מיר וועלען נאָר בעריהרען יענע רעזולטאַטען, צו וועלכע העגעל, מארקס'עס דירעקטער רבי אין הלכות דיאַלעקטיק, איז געקומען אין זיין קריטיק פון קאַנט'ס לעהרע וועגען די „אַנטינאָמיען".*)

אין זיין לעהרע וועגען די אַנטינאָמיען, וואָס איז אַזוי ענג פערבונדען מיט זיין דערקענטניס־טעאָרעטישען דואַליזם (און איז פּאַנאַנדערגעלעיגט אין אַ קאַפּיטעל, וואָס טראָגט טאַקי דעם נאָמען: „די דיאַלעקטיק פון דעם ריינעם שכל") האָט קאַנט געוואָלט בעווייזען, ווי אַזוי אונזער שכל מוז זיך פערפּלאָנטערן אין סתירות, ווי נאָר ער פערלאָזט דאָס פעלד פון ערפאַהרונג. אויף יעדער שאלה וועגען זאַכען, וואָס ליעגען מחוץ פון דער ערפאַהרונגס־וועלט מוז ער מיט דערזעלביגער נויטווענדיגקייט אַרויסשטעלען ענטפערס, וואָס געהען להיפך איינער דעם אַנדערן. די וועלט מוז האָבען אַ גרעניץ — און האָט ניט קיין סוף. זי מוז האָבען אַ בעשאַפער און — קאָן ניט זיין קיין פּראָדוקט פון אַ בעשאַפונג. און אַזוי ווייטער.

קאַנט איז דערמיט אויסען געוועזען צו בעקרעפטיגען דעם גע־דאַנק, אַז די פערענטפערונג פון אַזעלכע פראַגען שטייגען אריבער די כחות פון דעם מענשליכען שכל. אָבער אָט דער דערקענטניס־טעאָרעטישער געדאַנק האָט געמוזט פאַלען אין איינעם מיט דער גאַנצער טעאָריע וועגען דער „זאַך אין זיך". העגעל'ן איז שוין אויסגעקומען נאָר משונה'דיג, אַז דער שכל זאָל ניט קאָנען דערקענען דעם אין־סוף. „אַ משונה'דיגער רעזולטאַט", שרייבט ער, „בעת דאָס אונענדליכע איז דאָס שכל'דיגע, איז גאָר זאָגען, אַז דער שכל קאָן ניט דערקענען דאָס שכל'דיגע."**)

איז — וואָס האָט קאַנט בעוויזען מיט זיינע אַנטינאָמיען?

ניט קיין אַנדער זאַך, ענטפערט העגעל, ווי נאָר דאָס, אַז דער ווידערשפּרוך איז „אַ נויטווענדיגע טהואונג פון דעם שכל גופא".***)

לויט העגעל'ס מיינונג, האָט קאַנט געמאַכט נאָר אַזאַ גרייז. ער, קאַנט, האָט ניט בעמערקט, אַז „די אַנטינאָמיע געפינט זיך ניט

*) וועגען די אַנטינאָמיען זעה ד. ג. 55—57.
**) העגעל'ס לאָגיק, בד. 1, ז. 44.
***) דאָרטען.

נאָר אין די פּיער ענינים, וועלכע ער האָט ארויסגעכאַפּט פון דער קאָסמאָגאָניע, נאָר אין אַלע ענינים פון אַלע ארטען, אין אַלע פאָרשטעלונגען, בעגריפען און אידעען".*)

אָבער לאָמיר קאנט'ן דערווייל לאָזען אן אַ זייט. שוין פון דעם, וואָס מיר האָבען דאָ געזאָגט, ווערט קלאָר, אז צו דעם דער-קענטניס-טעאָרעטישען דואליזם מוז צוטרעטען נאָך אַ פילאָסאָפישער פּרינציפּ, כדי עס זאָל קאָנען בעגרינדעט ווערן די טעאָריע פון דעם דיאַלעקטישען דענקען. דער פּרינציפּ איז יענער קארדינאַלער פּונקט פון יעדער מעטאַפיזיק, לויט וועלכען אונזער שכל קאָן אריינדרינגען אין דעם פערבאָרגענסטען תוך פון די וועלט-ערשיינונגען. שעללינג און העגעל האָבען געהאַלטען די דיאַלעקטישע דענק-מעטאָדע פאַר די איינציגע נויטווענדיגע געצייג פון דעם „ספּעקולאַטיווען שכל", מיט וועלכער ער קאָן אויפדעקען אַלע סודות פון דער וועלט.

אַ דריטער וויכטיגער פאָרבעדינג פאַר דער ווידערשפּרוכס-לאָגיק איז דער נאַטור-פילאָסאָפישער מאָניזם, די לעהרע, אז די וועלט בעשטעהט אין אַלע איהרע טיילען און ערשיי-נונגען פון איין-איינציגער סובסטאַנץ. „דאָס איינע און דאָס גאָר" פון די עלעאַטען, — אָט וואו עס ליעגט דאָס וויעגעלע פון דער דיאַ-לעקטישער לאָגיק.**)

און עס איז אַלץ איינס: זאָל מען, אין איינעם מיט די עלעאַטען און ספּינאָזאַ, אוועקשטעלען אַנטגעגען דער וועלט פון די ערשיינונגען דאָס אייביגע „זיין" אָדער די אייביגע „סובסטאַנץ", אָדער מען זאָל, אין איינעם מיט העראַקליט און דער קלאַסישער דייטשער פילאָסאָ-פיע, בעטראַכטען די וועלט ווי אַ פּראָצעס פון אייביגען ווערן, — אַלץ איינס מוזען מיר פון דעם מאָניסטישען שטאַנדפּונקט אָננעהמען, אז די סתירות פון דער עמפּירישער וועלט זענען עפּעס אזוינס, וואָס זענען אין תוך אריין איין-און דיזעלביגע ניט פאַנאַנדערצורייסענדע זאַך. און אָט די איינהייט פון דער וועלט דאַרף ליעגען ניט ערגעץ וואו דרויסען פון די עמפּירישע געגענזעצען, נאָר דוקא אינווענייג אין זיי, דורכאויס צונויפגעפאַלען מיט זיי. וואָס פאַר דעם געוועהנליכען

---

*) העגעל'ס ענציקלאָפּעדיע, עד. ראָזענקראַנץ, זז. 71, 72.

**) וועגען די עלעאַטען זעה: „פילאָס." בד. 1, זז. 41-44 און 46-47.

שכל קומט אויס, אז עס איז א ווידערשפּרעכנדער איינס אויף דאָס אנדערע, מוז, ביי דעם טיפערן אריינדרינגען אין דעם תוך פון דער זאך זיך ארויסשטעלן, אז עס איז א צונויפפאלן פון איינעם מיט דעם אנדערן.

מאטעריע און גייסט, רוה און בעוועגונג, פּאסיוו און אקטיוו, איינפאך און צונויפגעזעצט, אינווייניג און דרויסן, ליכט און פינ־סטערניש, ליבע און האס, אורזאך און ווירקונג, גוט און שלעכט, אמת און שקר, שיין און מיאוס, פרייהייט און נויטווענדיגקייט, געזעץ און צופאל, לעבן און טויט, — דאָס אלץ מוז אין דערזעלביגער צייט זיין א י נ ס מיט זיין היפּך — אין דער אלוועלטליכער איינהייטליכער סובסטאנץ.

„גאָט איז טאָג און נאכט, ווינטער און זומער, קריעג און פריע־דען, זאטקייט און הונגער“, זאָגט העראקליט.*) און אין אן אנדער אָרט שטעהט ביי איהם געשריבן: „לעבעדיגעס און טויטעס, וואַ־כעדיגעס און שלאָפעדיגעס, אלט און יונג זענען נאָר ארויסווייזונגען פון איין און דערזעלביגער סובסטאנץ, ווייל וואָס אין דער איצטיגער צייט שטעלט מיט זיך פאָר אָט ד י זאך, וועט באלד ווערן י ע נ ע זאך, און דאָס, וואָס איז אין דער איצטיגער צייט יענע זאך, וועט פון איהר צד ווערן אזא, ווי אָט די, ווארום אקוראט ווי מען קאָן פון דעם זעלביגען לעהם פאָרמירען פיגורען און ווידער צונויפקנעטען, און ווייטער פאָרמירען, און ווידער צונויפקנעטען און אזוי, איבערגע־ביטען, עד אין סוף, אזוי האָט אויך די נאטור פון דער זעלביגער מא־טעריע אפריהער בעשאפען אונזערע אור־עלטערן, דערנאָך אונזערע עלטערן און דערנאָך אונז אליין“.**) אָט דער בליק זיינער שטימט אין גאנצען צונויף מיט זיין שפּרוך: „דאָס אנטגעגענגעזעצטע איז איינס“, אָדער, ווי אריסטאָטעל פאָרמולירט זיין געדאנק: „אלץ עקזיסטירט און עקזיסטירט ניט אין איין און דערזעלביגער צייט.“

עריגענא, ניקאָלאי דער קוזאנער און דזשיאָרדאנאָ ברונאָ זענען אין דערזעלביגער צייט געווען מאָניסטען און דיאלעקטיקער, — דיאלעקטיקער, לכל הפחות אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל זיי האָבען

*) פויל שוסטער, העראקליט פאָן עפעזוס (אקטא סאָצ. פילאָלאָג. לפּס. בד. 3) ז. 186, פראגמענט 67.

**) דאָרטען גופא, ז. 173, פראגמענט 59. פגל. „פילאָס.“ 1, 44-45.

געהאַלטען פון דעם פּרינציפּ, אַז די היפּכים טרעפען זיך צונויף.*) ביז צו אַ געוויסען גראַד איז אויך ספּינאָזאַ, דער פאָטער פון דעם מ אָ ד ע ר נ ע ם מאָניזם, — דעם נ י ט מאַטעריאַליסטישען און נ י ט אידעאַליסטישען, — געווען אַ דיאַלעקטיקער, און זיין מימרא: „יעדע בעשטימונג איז אַ פערניינונג" („אָמניס דעטערמינאַציאָ עסט נעגאַציאָ") ווערט בעזונדערס אונטערגעשטריכען פון העגעל'ן און פון מאַרקס'ן. „די בעשטימונג געהערט ניט צו דעם זיין פון דעם ענין, נאָר גיכער צו זיין נ י ט ־ ז י י ן", זאָגט ספּינאָזאַ היבש דיאַלעקטיש.**)

דאַרף מען נאָך צוגעבען, אַז דער פּאַנאַנדערבליהען פון דער דיאַלעקטיק אין דער דייטשער קלאַסישער פילאָסאָפיע איז געווען ענג צונויפגעבונדען מיט דעם אידעאַליסטישען מאָניזם? דער עטישער פּאַנטעאיסט פיכטע איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט צונויפגעפּאָרט דעם מאָניזם מיט דער דיאַלעקטיק. שעללינג, העגעל און מאַרקס זענען נאָר געגאַנגען אין זיינע שפּורען.***)

יעדער דיאַלעקטיקער איז אַ מאָניסט, אָבער ניט יעדער מאָניסט מוז דוקא זיין אַ דיאַלעקטיקער. געוויס האָט דער מאָניזם אַ נאַטירליכע אינוועניגסטע טענדענץ צו דיאַלעקטיק, אָבער די טענדענץ קאָן געהאַלטען ווערען אין צוים, ווען מען זאָל אָננעהמען, אַז רוים און צייט האָבען אַ רעאַלע עקזיסטענץ אין דער דרויסענדיגער וועלט. אויב רוים און צייט זיינען אין דער אמת'ן אייביגע רעאַלע יסודות פון דעם זיין, קאָן יעמאָלט אויך דער מאָניסט גאָרנישט האָבען אנטקעגען דעם, אַז די אנטקעגע־

*) זעה „פילאָס." בד. 1, זז. 165 און 175 און פאָל..

**) זעה ספּינאָזאַ'ס בריעף־וועקסעל, דייטשע אויסגאַבע פון קירכמאַן, 1871, זייטע 176.

***) וועגען דעם דיאַלעקטישען מאָניזם ביי העגעל'ן זעה ספּעציעל זיין לאָגיק, בד. 1, זז. 116—117, וואו עס ווערט בעוויזען, אַז גאָט, וואָס איז „דער קבוץ פון אַלע רעאַליטעטען" מוז איינשליסען אין זיך אַלע ווידערשפּרוכען. ווייל רעאַליטעט איז בעשטימונג און „אָמניס דעטערמינאַציאָ עסט נעגאַציאָ". „דיעזער זאַטץ איז פאָן אונענדליכער וויכטיגקייט". זאָגט העגעל. דיזעלביגע ווערטער חזר'ט איבער מאַרקס אין „קאַפּיטאַל", בד. 1. ז. 619 און אויך אין בד. 2 און בד. 3. דאָס זעלבע טהוט ענגעלס אין אַנטי־דיוהרינג, ז. 145.

גענגעזעצטע אייגענשאַפטען און ערשיינונגען פון דער וועלט, — ווי גרויס זייער אינווענייגסטע איינהייט זאָל ניט זיין, — זאָלען זיך פאַנאַנדערשיידען איינס פון דעם אַנדערן אָדער לפי דעם אָרט, וואָס זיי פערנעהמען אין דעם רוים, אָדער לפי דער צייט, אין וועלכער זיי טרעטען ארויס.

עס פערשטעהט זיך, אז דאָ ווערט גערעדט וועגען אזעלכע אייגענשאַפטען און ערשיינונגען, וואָס שליסען איינע די אַנדערע לגמרי אויס, ווי אַן ערך, לעבען און טויט. ווי איינערליי עס זאָלען ניט זיין די פּראָצעסען, וועלכע מיר רופען אָן לעבען און טויט (און זיי קאָנען ווערען אידענטיש, ווען מיר פיהרען זיי, צום ביישפּיעל, צוריק צו איין־און־דערזעלביגער ארט פון בעוועגונג), — אָבער ד אָ ר ט ע ן, וואו עס איז דאָ לעבען און כ ל ז מ ן עס איז דאָ לעבען, האָט דער ט ו י ט קיין אָרט ניט.

אויף אזא'ן אופן קאָן מען מציל זיין דעם געזעץ פון ווידער־שפּרוך און דעם זאַץ פון דעם אויסגעשלאָסענעם דריטען און איין־און־דיזעלביגע זאַך וועט אין א י י ן ־ א ו ן ־ ד ע ר ז ע ל־ ב ע ר צ י י ט ניט דאַרפען זיין „זי אַליין און נאָך עפּעס אַן אַנדער זאַך“. רוים און צייט איז אַ שוץ־וואַנד אַנטקעגען דער דיאַ־לעקטיק און דעריבער געהערט צו די וויכטיגסטע פאָרבעדינ־גונגען פון דער דיאַלעקטישער לאָגיק, אז מען זאָל אָבלייקענען די רעאַלע עקזיסטענץ פון רוים און צייט און בעטראַכטען זיי אין דעם ליכט פון דער אידעאַליסטישער פילאָסאָפיע, לכל הפחות, אין דעם זין, ווי דאָס האָט געטהאָן קאַנט אין זיין „טראַנסצענדענטאַלער עסטעטיק“: רוים און צייט זיינען דאַרטען „אַ־פּריאָרישע“ פאָרמען פון אונזער „אַנשויאונג“, — פאָרמען וואָס בעלאַנגען נאָר צו דער אָרגאַניזאַציע פון דעם מענשליכען גייסט, און וואָס קאָנען ניט אַנגעווענדעט ווערען אויף דעם „דינג־אין־זיך“.*)

דער אידעאַליסטישער בליק אויף רוים און צייט, די אָבלייי־קענונג פון זייער רעאַלער עקזיסטענץ דרויסען פון דעם מענשליכען גייסט, ברענגט ארויס די דיאַלעקטישע לאָגיק ניט אַזוי דורך דעם פ י ל אָ ס אָ פ י ש ע ן תוך פון אזא לעהרע, ווי דורך דעם

*) פגל. „די פילאָסאָפיע“ באַנד 2, זז. 24—32.

פּ ס י כ אָ ל אָ ג י ש ע ן פונדאַמענט, אויף וועלכען זי רוהט. לאָזט מען אָן אַ זייט די פערוויקעלטע פילאָסאָפישע בעדייטונג פון אָבלייקענען רוים און צייט און שטעלט מען אָן די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף דעם פּ ס י כ אָ ל אָ ג י ש ע ן פּראָצעס, וואָס שפּיעלט זיך דערביי אָב אין אונזער דערקענטניס, איז יעמאָלט ניט שווער אָנצושטויסען זיך אויף אַזאַ מין זעהר וויכטיגען פּרט: בעת מיר שמועסען זיך אַליין איין, אַז אין תוך אריין איז ניטאָ קיין רוים, ווערט יעמאָלט די פאָרשטעלונג פון דעם גאַנצען אונענדליכען וועלט־אַרט אונבעוואוסט פערוואַנדעלט אין די פאָרשטעלונג פון אַ „מאַטעמאַטישען פּונקט“, און ווען מיר ווילען זיך פאָרשטעלען אַ וועלט אָהן אַ צייט, ווערט די רעאַלע צייט אונבעוואוסט צונויפגעשרומפּט אין איין־איינציגען, אונענדליך קליינעם ה ר ף ־ ע י ן. אָט דער פּסיכאָלאָגישער גלגול פון דעם אונענדליכען רוים און דער אונענדליכער צייט אין איין־איינציגען הרף־עין׳דיגען פּונקט איז אונענדליך וויכטיג פאַר דער דיאַלעקטישער לאָגיק.

אויב די גאַנצע וועלט איז אין תוך אריין ניט מעהר ווי איין מאָמענטאַלער פּונקט, און אויב אַלע געגענזעצען און סתירות פון דעם וועלט־געשעהן בלייבען אין זייער גאַנצער קאָנקרעטקייט, איז יעמאָלט מ ו ז דער מאָמענטאַלער פּונקט ממילא זיין פול און פּיעל פון איבּוועניגסטע ווידערשפּרוכען און סתירות.*)

---

*) אַז העגעל, דער גרעסטער און טיעפסטער דיאַלעקטיקער, האָט געגלויבט אין דער טראַנסצענדענטאַלער אידעאַליטעט פון רוים און צייט, קאָן מען זעהן פון אַ וויכטיגער שטעל אין זיין „ענציקלאָפּעדיע“. „דאָס דינג“, זאָגט ער, „האָט צוויי בעשטימונגען“: ערשטענס צו זיין „דיעזעס“ און צווייטענס צו זיין דאָס „אויך“. דאָס „אויך“ איז יענס, וואָס קומט פאָר אין דער דרויסענדיגער אָנשויאונג, ווי די רוים־אויסשפּרייטונג“ (פּעּ־גלייך העגעל׳ס „ענציקלאָפּעדיע“, ראָזענקראַנץ׳ס אויסגאַבע, ז. 216—213). באריכות וועגען דער זייט פון העגעל׳ס לעהרע רעדט ראָזענקראַנץ אין זיין זעהר טיעפען בוך: „קריטישע ערלויטערונגען דעס העגעל׳שען סיסטעם׳ס“, קעניגסבערג, 1840, אין דעם קאַפּיטעל: „פּראָבע איינעם קאָמענטאַרס צו העגעל׳ס לעהרע פון רוים און צייט“. אָבער — ווי זאָל מען צונויפבינדען דאָס אָבלייקענען פון רוים און צייט מיט דער לעהרע פון דער ק אָ נ ק ר ע ט ע ר ענטוויקלונג, וואָס איז מעגליך נאָר אין דער צייט? אויף דער פראַגע האָט מען ביי העגעל׳ן ניט קיין קלאָרען ענטפער. אַ פּרוב פּטור צו ווערען פון אַלע שוועריגקייטען, וואָס זענען

יע, אזוי איז דאָס: קאַנט׳ס „טראַנסצענדענטאַלע עסטעטיק״ האָט אַליין געמוזט העלפען אויסאַרבייטען אַ דענק־מעטאָדע, וואָס האַרמאָנירט אַזוי שלעכט מיט זיין לעהרע, אז די „זאַך־אין־זיך״ קאָן ניט דערקענט ווערען. אָבער ניט נאָר די לעהרע פון דער „טראַנסצענדענטאַלער אידעאַליטעט״ פון רוים און צייט, כמעט אַלע אַנדערע געשפּענסטערהאַפטע זייטען פון קאַנט׳ס פילאָסאָפיע האָבען געמוזט אריינטראָגען זייער חלק, כדי צו בעגרינדען די געשפּענסטערהאַפטע ממשלה פון דער דיאַלעקטיק.

לאָמיר דאָ אָנמערקען יענע ראָליע, וואָס זיין לעהרע וועגען די קאַטעגאָריען פון דעם פערשטאַנד האָט געשפּיעלט אין דער בעגרינדונג פון דעם דיאַלעקטישען דענקען.*)

מיר רעדען שוין ניט וועגען דעם, וואָס די טאַבעלע פון יענע קאַטעגאָריען איז ביי קאַנט׳ן צונויפגעשטעלט ט ר י כ אָ ט אָ־ מ י ש, לויט דעם בעריהמטען טריאַדישען פּרינציפּ פון טעזיס, אַנטי־טעזיס און סינטעזיס, — אַ פּרט, וואָס האָט, — ווי דער לעזער, וואָס איז בעהאַוונט אין דער מאַרקסיסטישער פילאָסאָפיע, שטויסט זיך אָן, — געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם אויפבוי פון דער דיאַלעקטישער מעטאָדענלעהרע און דער דיאַלעקטישער ענטוויקלונגס־לעהרע. שוין אַ חוץ דעם איז גרינג איינצוזעהן, ווי אַזוי קאַנט׳ס לעהרע, אז די קאַטעגאָריען פון דעם פערשטאַנד זיינען אַ־פּריאָריש און אז מען קאָן זיי ניט אָנווענדען אויף דעם תוך פון דער וועלט, האָט געמוזט ווירקען אויף די ענטשטעהונג פון דער דיאַלעקטישער לאָגיק: דער פערשטאַנד שטעלט דאָך מיט זיך פאָר, לויט קאַנט׳ן, אַ ניעדריגען ארט פון דענקען, איידער דער שכל און צו די „בעגרעניצטע״ קאַטעגאָריען פון דעם פערשטאַנד געהערען האָך אויך אַזוינע קאַטעגאָריען, ווי רעאַליטעט און נעגאַ־ציע, אורזאַך און ווירקונג, זיין און ניט זיין, נויטווענדיגקייט און צו־פאַל.

*) פגל. „די פילאָסאָפיע״, בד. 2, ז. 41 און 44-46.

---

פערבונדען מיט אַזאַ פּראָבלעם, האָט ניט לאַנג געמאַכט ב ע ר ג ס אָ ן, מיט דעם פאַנאַנדערשיידען אין דעם בעגריף פון דער צייט גופא צוויי עלע־מענטען: די „צייט״ און די „רעעלע דויער״, וואָס איז שאַפעריש — עוואָ־לוציוו.

עס איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואָס די שפּעטערדיגע פילאָ־סאָפן האָבן זיך געפּלייסט צו בעווייזן, אַז דער פערשטאַנד מיט זיינע קאַטעגאָריען קאָן ניט זיין קיין בעפעהל פאַר דער „אינטע־לעקטועלער אַנשויאונג" אָדער פאַר דעם „ספּעקולאַטיווען שכל". זיי, די לעצטערע, וועלען גאַנץ געווים אַראָברייסן דעם שלייער פון אַלע וועלט־סודות, ווי נאָר זיי וועלען פערלאָזען דעם שטאַנד־פּונקט פון דער „בעגרעניצטער רעפלעקסיע" מיט איהר שטרעבען פאַנאַנדערצורייסען און אַנטקעגענצושטעלען אַזעלכע בעגריפען, ווי רעאַליטעט און אַבלייקענונג, זיין און ניט־זיין.

אָבער אויב עס איז אַזוי, איז יעמאָלט ממילא קלאָר, אַז אַלע אָט די אַנטקעגענזעצונגען און היפּכים האָבן ניט קיין ברעקעל אבסאָלוטען בעטייט. אָדער זיי שפּיעלען גאָר קיין ראָליע ניט אין דעם לעבען פון דער וועלט־סובסטאַנץ, ווי דאָס האָט געמיינט שעללינג (און יעמאָלט איז די סובסטאַנץ, ווי העגעל דריקט זיך אויס, „די נאַכט, אין וועלכער אַלע בהמות זיינען שווארץ"); אָדער די היפּכים ליעגען אין דער סובסטאַנץ גופא ווי בפירוש'ע אינווענינגסטע סתירות.

צו דעם לעצטען שלום איז געקומען העגעל. „די קריטיק פון דעם פערשטאַנד'ס פאַרמען", זאָגט ער וועגען קאַנט'ס פילאָסאָפיע, „האָט אַרויסגעבראַכט דעם רעזולטאַט, אַז יענע פאַרמען קאָן מען ניט אַנווענדען אויף די זאַך־אין־זיך... אָבער אויב זיי זיינען ניט גענוג פאַר דער זאַך־אין־זיך, איז דער שכל ניט מחויב אונטערצו־ווארפען זיך אונטער זייער ממשלה. אויך ער איז דאָך א זאַך־אין־זיך, ממילא מוז ער אויך פאַרשטעלען מיט זיך עפּעס אַזוינס, וואָס געהט להיפּך צו זיך אליין". *)

אָט די אַלע דערקענטניס־טעאָרעטישע און מעטאַפיזישע אַר־גומענטען, וואָס האָבן געמאַכט מעגליך די דיאַלעקטיק, טרעטען ארויס נאָך מיט א שטאַרקערער קראַפט אין העגעל'ס פילאָסאָפיע,

---

*) העגעל'ס לאָגיק, בד. 1, ז. 31. דער פּרט, וואָס פיכטע און העגעל האָבן אַרויסגעפונען אַנדערע קאַטעגאָריען, איידער קאַנט, פערענדערט ניט בשום אופן דעם עצם ענין, ד. ה. די שטעלונג פון אָט די דענקער צו די פערשטאַנד־קאַטעגאָריען בכלל.

וואָס קאָן באמת בעטראכט ווערען פאַר דעם העכסטען שטאַפּעל פון דעם מעטאַפּיזישען דענקען.

העגעל האָט, ווי בעקאַנט, געזעהען די אינווענינגסטע נאַטור פון יעדער זאַך אין איהר לאָגישען בעגריף. *) היות אָבער ווי יעדער בעגריף איז אַן אַקט פון דענקען, מוז ממילא דער סך־הכל פון אַלע זאַכען, אָדער די גאַנצע וועלט, האָבען איהר אינווענינגס־טען תוך אין דעם סך־הכל פון די בעגריפען, ד. ה. אין דעם דענקען. דערפון דרינגט העגעל אַרויס זיין לאָגישען פּאַנטעאיזם; דערפון אויך וואַקסט אַרויס זיין לעהרע, אַז דער אַבסאָלוטער בע־גריף, וואָס איז כולל אין זיך אַלע אַנדערע בעגריפען, איז די וועלט־נשמה, „די זעעלע דער וועלט".**)

עס וואָלט אונז אַוועקגעפיהרט צו ווייט, ווען מיר וואָלטען געוואָלט בעווייזען בפרטיות, ווי אַלע פילאָסאָפישע פאַרבעדינגונ־גען פון דעם דיאַלעקטישען דענק־מעטאָד האָבען געמוזט בעקומען אַ גאַנץ בעזונדערען פנים אויף דעם באָדען פון דער העגעל'שער פילאָסאָפיע.

מיר וועלען זיך בענוגענען מיט דעם בעמערק, אַז די אָבלייקע־נונג פון דעם ווידערשפּרוך־געזעץ, — יענער צענטראַל־פּונקט פון דער דיאַלעקטישער לאָגיק, — האָט געמוזט על פּי הכרח אַרויס־פליסען שוין פון יענעם זין אַליין, וואָס העגעל לעגט אַריין אין דעם וואָרט: „בעגריף". ער פערשטעהט אונטער דעם וואָרט „בעגריף" ניט נאָר די סומע פון אַלע עהנליכע בשותפות'ע סימנים, וואָס בע־לאַנגען צו אַ וועלכער עס איז אַרט ערשיינונגען אָדער זאַכען. העג־געל'ס בעגריף נעהמט אין זיך אַריין אַ חוץ דעם—דעם גאַנצען סכום פון אַלע יענע ערשיינונגען און זאַכען, וואָס ווערן אַרומגענומען מיט אַ וועלכען עס איז בשותפות'ען נאָמען. אַזוי אויסגעטייטשט, איז דער בעגריף ניט קיין פּראָדוקט פון דער אַבסטראַהירענדער אַרבייט פון דעם מענשליכען געדאַנק, נאָר אַ מעטאַפּיזישער עצם, וואָס ליעגט דרויסען פון דעם מענשליכען געדאַנק און וואָס מוז על־פּי הכרח

*) „די נאַטור איינעס געגענשטאַנדעס הייסט זאָ פיעל אַלס זיין בעגריף". העגעל'ס פילאָסאָפיע דער געשיכטע, 1837, ז. 41. פּגל. וועגען דעם ענין אונזער „די פילאָסאָפיע", בד. 2 זז. 131—132.

**) העגעל'ס „פענאָמענאָלאָגיע דעס גייסטעס" (1882), ז. 126.

איינשליסען אין זיך ניט נאָר די עהנליכע סמנים, נאָר אויך אַלע אַנדערע סמנים, פון די ערשיינונגען און זאַכען, אפילו יענע סימנים, וואָס געהן להיפך איינער דעם אַנדערן.

„בעטראַכט מען די זאַך פילאָסאָפיש", זאָגט העגעל, „איז דער בעגריף די הויפּטזאַך, די סובסטאַנץ, עהנליך צו אַ שפּראָצלינג, פון וועלכען עס ענטוויקעלט זיך דער גאַנצער בוים... אויף אַזאַ'ן אופן איז דעם בעגריף'ס אינהאַלט די גאַנצע נאַטור פון דער זאַך, און די דערקענטניס גופא איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי די ענטוויקלונג פון דעם בעגריף, די ענטוויקלונג פון דאָס, וואָס איז אין איהם איינגעשלאָסען." *)

כדי קלאָרער צו מאַכען די ראָליע פון העגעל'ס בעגריף־לעהרע פאַר דער דיאַלעקטישער לאָגיק וועלען מיר דערמאָנען יענעם ביי־שפּיעל מיט דעם דריי־עק, וועלכען מיר האָבען שוין בענוצט אמאָל ביי דער דערקלערונג פון העגעל'ס פילאָסאָפיע.**)

בעטראַכט מען דעם בעגריף „דריי־עק" נאָר ווי אַן אַבסטראַק־טען אַלגעמיינעם בעגריף, קאָן ער האָבען אין זיך נאָר יענע סימנים, וואָס טרעפען גלייך צו פאַר אַלע דריי־עקען בכלל; לאָמיר זאָגען: דריי זייטען און דריי ווינקלען. דער פאַקט, אַז ס'איז פאַראַן גלייכ־שענקליגע און ניט־גלייכשענקליגע, רעכט־ווינקליגע, שאַרף־ווינקליגע און שטומפּ־ווינקליגע דריי־עקען ווערט אַראָבגעוואָרפען פון חשבון, בעת מען בויט דעם אַלגעמיין אַבסטראַקטען בעגריף: „דריי־עק בכלל", אָדער „סתם דריי־עק". אויב אָבער דער בעגריף דאַרף אַריינגעהמען אין זיך ניט נאָר די סימנים, וואָס אַלע דריי־עק האָבען בשותפות, נאָר אויך יענע, וואָס בעלאַנגען צו יעדען דריי־עק בעזונדער, יעמאָלט מוז דער מעטאַפיזישער דריי־עק, די דריי־עק סובסטאַנץ, זיין אין איין־און־דערזעלביגער צייט אַ רעכט־ווינקליגער און אַ שטומפּ־ווינקליגער, אַ גלייכזייטיגער און אַ ניט־גלייכזייטי־גער, ווייל אַלע יענע סימנים געפינען זיך אין איהם, ווי אין אַ שפּראָצ־לינג, פון וועלכען עס ענטוויקעלט זיך דער גאַנצער בוים. אָבער מחמת דעם גופא מוז יעדער אַלגעמיינער בעגריף איינשליסען אין זיך אַן אינוועניגסטען ווידערשפּרוך.

*) העגעל'ס „רעליגיאָנס פילאָסאָפיע" (1832), ערשטער באַנד. ז. 33.
**) „די פילאָסאָפיע", צווייטער באַנד, ז. 132.

„יעדער בעגריף“, זאָגט דעריבער העגעל, „שטעלט מיט זיך אין תוך אריין פאַר די א י י נ ה י י ט פון די פערשיידענע און פערשיידבאַרע מאָמענטען, וואָס ווערען א היפך איינער צו דעם אנדערן“.*)

אָבער היות ווי דער בעגריף איז די נאַטור פון יעדער זאך, איז מוז יעדע זאך ממילא על פי טבע איינשליסען אין זיך אינוועניגסטע סתירות. „אַלע זאַכען“, זאָגט דעריבער העגעל, „זיינען אין זיך גופא סותר זיך אליין“.**)

אָט אין דערינען, הייסט עס, ליעגט, לויט אונזער מיינונג, דער גאָר־גאָר פשוט'ער פירוש אויף „די סודות פון דער העגעל'שער דיאַ־לעקטיק“, וואָס זענען אוועקגעלעגט געוואָרען אין דעם פונדאמענט פונ'ם פילאָסאָפישען מאַרקסיזם.

.3

## די פילאָסאָפישע פאַרבעדינגען פון דער דיאַלעקטישער לאָגיק ביי מאַרקס'ן און ענגעלס'ן.

אויב אונזער שכל איז ביכולת צו בענעהמען די „וועלט־סוב־סטאַנץ“; אויב יענע „סובסטאַנץ“ איז מאָניסטיש און רעאַליזירט זיך אין אַלע גענענזעצען און ווידערשפּרוכען פון דער וועלט אזוי, אַז אַלע אין איינעם זענען זיי ניט קיין אַנדער זאך, ווי נאָר ארויס־שיינונגען פון יענעם אייביגען, איין־איינציגען תוך; אויב, ווייטער, רוים און צייט, וואָס וואָלטען געקאָנט פאַנאַנדערנעהמען די ווידער־אַניידיגע, סתירות'דיגע ערשיינונגען און פערטיילען זיי האַרמאָניש אין פערשיידענע ערטער אָדער אין פערשיידענע צייטען, זענען אין

---

*) העגעל'ס „לאָגיק“, צווייטער באַנד, ז. 72. דערפון ווערט אויך קלאָר, פאַר וואָס העגעל מוז שוין אין דער פשוט'ער פערשיידענקייט זעהן אַ ווידערשפּרוך. די פערשיידענע רעספּעקטיווישע סימנים פון איין־און־דערזעלביגער אַרט ערשיינונגען (ווי צ. ב., רעכט־ווינקעליג און שטומפּ־ווינקעליג א. אַז. וו.) מוזען סותר זיין איינער דעם אַנדערן, ווען מען שרייבט זיי צו איין־און־דערזעלביגער זאך. פגל. נאָך ז. 71.

**) „אַלע דינגע זינד אַן זיך זעלבסט ווידערשפּרעכענד“. לאָגיק ב. 2, ז. 67.

דער אמת׳ן ניט מעהר ווי אידעאַלע פּראָדוקטען פון דעם מענשליכען בעוואוסטזיין, וואָס האָבען קיין ברעקעל ממשות ניט אין דער ווירקליכער וועלט; און לסוף: אויב די טבע פון א וועלכער עס איז זאַך דאַרפען מיר זוכען אין איהר בעגריף, און אויב יעדער בעגריף איז, ווי העגעל וויל, א מין „העןַ־קאַי־פּאַן“ („איינס־און־אַלץ“) אין מיניאַטור, — יעמאַלט מוז פון אַלע אָט די הנחות על פי הכרח ארויספליסען דער רעזולטאַט, אז אַ דענקען, וואָס איז אויפגעבויט אויף די יסודות פון דעם פערשטאַנד, מיט זיינע קאַטעגאָריען פון „יע“ און „ניין“, וואָס ציטערט פאַר א ווידערשפּרוך, — אז אַזא דענקען דאַרף מען בעטראַכטען ווי א ניעדעריגערען טיפּ פון דער מענשליכער דערקענטניס און די רעזולטאַטען, צו וועלכע ער קומט, קאָנען ניט זיין קיין חוב פאַר א טיעפערען בע־גרייפען די וועלט.

קאָן דאָ, ביי אַזא לאַגע, די פאָרמאַל־לאָגישע קריטיק פאַרטיג ווערן מיט דער פראַגע פון דער דיאַלעקטיק, אפילו ווען יענע קרי־טיק זאָל זיין אַזוי גלענצענד דורכגעפיהרט, ווי ביי טרענדעלענ־בורג׳ען און הארטמאַנ׳ען? מיר רעכענען, אז ניין. לאָזט מען אומבעריהרט די פילאָזאָפישע פאָרבעדינגען פון דער דיאַלעקטיק, וועלכע מיר האָבען אויבען פאַנאַנדערגעלעגט, איז יעמאָלט קאָן דער ריין לאָגישער אַנאַליז בשום אופן ניט דערגרייכען דעם ציעל.

העגעל אַליין איז דאָך אויך ניט געווען קיין קליין קינד אין דער פאָרמאַלער לאָגיק. כמעט אויף יעדעם זייטעל, וואו מיר טרע־פען אָן זיינע גרעבסטע חטאים אַנטקעגען די געוועהנליכע געזעצען פונ׳ם דענקען, שעהמט זיך העגעל ניט אַנצופיהרען אויך יענע ריין לאָגישע טענות מצד דער „דרויסענדיגער רעפלעקסיע“, וואָס מיט זייער הילף קאָן יעדער איינער גאַנץ גרינג פאַנאַנדערפלאָנ־טערען זיינע סאָפיזמען. אָן אַנדערש מאָל בענוגענט ער זיך דער־ביי מיט א פעראַכטענדען ווינק אין זייער זייט, אָבער אָפטמאָל איז איהם וועניג, סאַטיריש אויסצולאַכען זיך פון דעם פערשטאַנד מיט זיינע אַרגומענטען: ער פלייסט זיך אין זיי גופא צו ענטפּלע־קען אינגעוויגסטע סתירות און דערביי פערפלאָנטערט ער זיך אליין אַלץ מעהר אין ווידער־אַנאַנדען און ווידערשפּרוכען.

דאָס אַלץ לאָזט איבער אויף דעם אויפמערקזאַמען לעזער זעהר

א משונה'דיגען, — לאָמיר זאָגען נאָך מעהר: א שפּאַסיגען איינ־דרוק. אָבער, וואָס בעווייזט דאָס? דאָס בעווייזט, אז פאַר העגעל'ן וואָלט זיך א סך בעסער געלוינט, ער זאָל האָבען ארויסגע־זאָגט זיינע געדאַנקען אין דעם דאָגמאַטישען טאָן פון א נביא און זיך ניט האָבען אריינגעלאָזט אין קאמף מיט דעם „גראָבען פער־שטאַנד", ווייל אָט דעם „רעספּעקטאַבלען בחור", ווי ענגעלס רופט איהם אָן, „איז אין דער היימישער ספערע פון זיינע פיער װענד פשוט ניט בייצוקומען", ווי דערזעלביגער ענגעלס בעמערקט... דעריבער האָבען טאַקע די העגעליאַנער געטהאָן א שכל גדול, ווען זיי האָבען זיך אָבגעזאָגט פון יעדער פּאָלעמיק אויף דעם פעלד פון דער פער־שטאַנדס־לאָגיק און האָבען בעפעסטיגט זייערע פּאָזיציעס פון יענער זייט פערשטאַנד, מחוץ למחנה פון דעם ווידערשפּרוך־זאַץ.

דער ערשטער אָנפאַל אויף דער דיאַלעקטיק האָבען איהרע געג־נער געדאַרפט מאַכען ניט אויף איהר, נאָר אויף יענע פילאָסאָפישע בעגרינדונגען, אויף יענע מאָטיווען, וואָס האָבען על פּי נויטיגקייט געמוזט פיהרען צו איהר. און אָט די אויפגאַבע איז שוין ווירקליך דורכגעפיהרט געוואָרען אַזוי גרינדליך, אז מען דאַרף גאָר בעסער ניט. און דורכגעפיהרט איז זי געוואָרען ניט פון דעם אָדער יענעם איינצעלנעם דענקער, נאָר פון דער גאַנצער היסטאָרישער ענטוויק־לונג פון דער פילאָסאָפיע, זינט העגעל'ס צייטען ביז אויף אונ־זערע טעג.

פייערבאַך האָט געמאַכט א תל פון העגעל'ס לעהרע וועגען דעם בעגריף.*) די פּסיכאָלאָגיע און די דערקענטניס־טעאָריע פון אונזער צייט האָבען אָבגעשאַפט דעם געפעהרליכען דואַליזם פון שכל און פערשטאַנד. יענע אַלט־געבאַקענע טיילען פון קאַנט'ס סיסטעם, וואָס פאַר זיי האָבען זיך אָנגעכאַפּט די דיאַלעקטיקער, זענען גאָר ניט שלעכט פאַנאַנדערגעקליבען געוואָרען און פערוואָר־פען געוואָרען. די פראַגע וועגען דער אידענטיטעט פון „זיין" און „דענקען", וועגען דער מעגליכקייט צו בענעהמען די סובסטאַנץ, איז נאָך מעהר פערשאַרפט געוואָרען, א דאַנק די ערפאָלגען פון דער

*) וועגען פייערבאַך'ן זעה „די פילאָסאָפיע", 2, ז. 157—166. בע־זאָנדערס זז. 159—160.

נערוועזן־פיזיאָלאָגיע. און דער מאַניזם אַליין, ווען מען נעהמט איהם אָן נאָר ווי אַ בעשיידענע היפּאָטעזע, וואָס דאַרף תמיד שטעהן אונטער דער קאָנטראָלע פון דעם קריטיציזם, קאָן שוין פון זיך ניט פיהרען צו דער דיאַלעקטישער לאָגיק.

ניט ווילענדיג שווימט ארויף די פראַגע: ווי אַזוי האָט די „ווידערשפּרוך־לאָגיק" געקאָנט געפינען חן אין די אויגען פון אַזא וואַגיגען דענקער, ווי קאַרל מאַרקס? ווי אַזוי האָט געקאָנט זיך לאָזען פערפיהרען פון איהר דערזועלבינגער מאַרקס, וואָס האָט געשריעבען הילכיגע שירות ותשבחות אויף פייערבאַכ'ן פאַר זיין אויפדעקען די סודות פון דעם העגעל'שען סיסטעם און דערפאַר, וואָס ער האָט געמאַכט אַ תל פון דער בעגריפס־דיאַלעקטיק?*) דערזועלבינער מאַרקס, וואָס האָט נאָך אין דעם יאָהר פינף און פערציג פון דעם פאַריגען יאָהרהונדערט, ארויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגען דער העגעל־שער פילאָסאָפיע אין אַזוינע קורצע און כאַראַקטעריסטישע ווערטער: זי איז און בלייבט אַן אַלט ווייב, די פערוויאַלעטע און פער'אַלמנ'טע העגעל'שע פילאָסאָפיע, וואָס פאַרבט און פוצט אויס איהר ביז צו דער חלשות'דיגער אבסטראַקציע אויסגעדאַרטען לייב און וואַרפט אויגלעך איבער גאַנץ דייטשלאַנד נאָך אַ חתן."**)

ווי אַזוי האָט ער געקאָנט, זייענדיג אַזוי נאָהענט צו דעם אמת, קומען צו דעם פעסטען גלויבען, אַז די העגעל'שע פילאָסאָפיע „טאָר מען ניט פשוט אָבשטופּען אָן אַ זייט", אַז אָט די אַלטע, פערוויאַלעטע „אַלמנותא" מוז מען קודם „קריטיש בייקומען", ד. ה. „אָוועקוואַרפען איהר דרויסענדיגע פאָרם און אויסנוצען איהר אינווענינסטען תוך" — די בעוואוסטזיניגע דיאַלעקטיק?***)

ליידער געהען די ענטפערס אויף די פראַגען ניט אריין אין די גרעניצען פון אונזער היינטיגער ארבייט. איצטער איז פאַר אונז וויכטיג אויסצופאָרשען, ווי האָבען מאַרקס און ענגעלס איינגע־

---

*) זעה: מאַרקס אונד ענגעלס. די הייליגע פאַמיליע. פראַנקפורט אַ. מ. 1845, ז. 139.

**) ד. ג. ז. 16.

***) אַנטי־דיוהרינג, ז. 14.

פונדעוועט זייער דיאַלעקטיק און צי האָט זיך זיי איבערהויפּט איינגעגעבען „אריבערצוראַטעווען" זי אין זייער סיסטעם.

אין זיין פּאָלעמיק אנטקעגען דיוהרינג'ען פּלייסט זיך ענגעלס מיט אַ סך ביישפּיעלען צו בעווייזען די ריכטיגקייט פון דער דיאַ־לעקטישער לאָגיק. עס איז מיט זיינע בעוויזען דיזעלביגע מעשה, וואָס מיט הענגעל'ס בעווייזען, פון וואַנען ענגעלס האָט זיי דאָס רוב אריבערגענומען. דער „געזונטער מענשליכער פערשטאַנד" געפינט אין זיי ניט קיין בעזונדערע שוועריקייטען און ווען ער איי־בערזעצט אין זיין לשון די ביישפּיעלען, וואָס מען ברענגט אנטקעג־נען איהם, ווערט דער אונטערגעשטראָכענער ווידערשפּרוך, מיט וועלכען מען וויל איהם די אויגען אויסשטעכען, אין גאַנצען פער־שוואונדען און דער דיאַלעקטישער רעזולטאַט פון דעם ביישפּיעל בלייבט הענגען אין דער לופטען.

מיט דעם ענין וועלען מיר נאָך שפּעטער בעקאַנט ווערן באריכות. דערווייל וועלען מיר זיך אַ פרעג טהאָן וואָס איז ביי מאַרקס'ן געוואָרען פון יענע פילאָסאָפישע פּאָרבעדינגונגען וואָס זע־נען נויטיג כדי צו בעגרינדען דעם דיאַלעקטישען דענקען? האָט ער זיי אפשר מאָדיפיצירט, בשעת ער האָט זיי אריבערגעפּלאַנצט אויף אַ מאַטעריאַליסטיש פעלד? האָבען זיי אויף אַזאַ'ן אופן אפשר אין גאַנצען פערלאָרען דעם כח צו העלפען בעגרינדען די ווידער־שפּרוך־לאָגיק?

וואָס מעהר מען טראַכט זיך אריין אין די פילאָסאָפישע אָנ־שויאונגען פון דעם מאַרקסיזם, אַלץ קלאָרער ווערט איינעם, אַז ביי מאַרקס'ן פעהלען אַ סך פון יענע פילאָסאָפישע פּאָרבעדינגנגען, וואָס האָבען אונז אינטערעסירט ביז אַהער און וואָס דערקלערען, ווי אַזוי די דיאַלעקטיק האָט געקאָנט ארויסוואַקסען אין דער געשיכ־טע פון דער פילאָסאָפיע; אַז, אָנשטאָט זיי, האָט ער אריינגעבראַכט אין זיין סיסטעם אַנדערע פילאָסאָפישע הנחות, וואָס מאַכען די דיאַלעקטיק ניט נאָר איבעריג און אומדערוויעזען, נאָר אפשר אויך גאָר אוממעגליך, און אַז די לאַגע ווערט בשום אופן ניט פערבעסערט דורכדעם, וואָס עס געפינען זיך אין זיינע אָנשויאונגען אַ היבש פּאָר פון יענע פּאָרבעדינגגען, וואָס זענען נויטיג פאַר אַ דיאַלעק־טישען דענקען.

כדי קלאָר איינצוזעהן דאָס, לאָמיר בעקאַנט ווערן מיט דעם גורל פון יענע פילאָסאָפישע פאַרבעדינגען אויף דעם פעלד פון דעם מאַרקסיזם.

מיר ווערען דאָ קודם כל געוואָהר, אַז מאַרקס האַט, — ווי מען האָט דאָס לכתחילה געקאָנט דערוואַרטען, — אַריבערטראָגען אין זיין סיסטעם דעם ד ע ר ק ע נ ט נ י ס - ט ע אָ ר ע ט י ש ע ן ד ו א ל י ז ם. אויך מאַרקס שיידט פאַנאַנדער צוויי טיפּען פון דענקען: דעם „מעטאַפיזישען“ (אָדער ריכטיגער: דעם פאָרמאַל-לאָגישען) און דעם דיאַלעקטישען. אָט ווי ענגעלס כאַראַקטעריזירט די פאַנאַנדערשיידענדע שטריכען פון דעם מעטאַפיזישען טיפּ.

„פאַר דעם מעטאַפיזיקער“, זאָגט ער „זענען די זאַכען און זייערע אָבשטעמפּלונגען אין געדאַנק, — די בעגריפען, — פאַנאַנדערגעשיידטע, פעסטע, אומבעוועגליכע, איין פאַר אַלע מאָל געגעבענע ענינים פון דער פאָרשונג, וואָס מוזען בעטראַכט ווערן איינער נאָך דעם אַנדערן און אָהן אַ צונויפבונד מיט דעם אַנדערן. ער טראַכט אין אוממיטעלבאַרע געגענזאַצען. זיינע רעיד בעשטעהען פון יע — יע, ניין — ניין און וואָס איבער דעם שטאַמט פון שטן. פאַר איהם קאָן אַ ענין ניט זיין ער אַליין און אין דער זעלביגער צייט עפּעס אַן אַנדער זאַך. פּאָזיטיוו און נעגאַטיוו שליעסען איינס דעם אַנדערן אַבסאָלוט אויס. אורזאַך און ווירקונג זענען אויך אַקוראַט אַזוי געגענזאַצליך איינע צו דער אַנדערער.“

„אָט דער אופן דענקען“, איז מוסיף ענגעלס, „דוכט אונז אויס אויף דעם ערשטען בליק דערפאַר אַזוי העכסט גלויבענסווערט, ווייל ער שטעלט מיט זיך פאַר דעם דענק־אופן פון דעם אַזוי אָנגערופענעם געזונטען מענשליכען פערשטאַנד. אָבער דער דאָזיגער געזונטער מענשליכער פערשטאַנד, וואָס פאַר אַ חשוב'ער בחור ער זאָל ניט זיין אין דער שטוב־ספערע פון זיינע פיער ווענד, לעבט איבער דורכאויס וואונדערבאַרע אַוואַנטיורען, ווען נאָר ער טהוט זיך אַ לאָז אין דער ברייטער וועלט פון פאָרשונג; און דער מעטאַפיזישער דענק־אופן, אויף ווי ווייטע פעלדער ער זאָל, לויט דער טבע פון דעם ענין ניט זיין געזעצליך און אפילו נויטיג, מוז אַלע מאָל, פריהער אָדער שפּעטער, אָנשטויסען זיך אָן אַ גבול, וואָס אויף יענער זייט פון איהם פאַלט ער אַריין אין איינזייטיגקייט, בעגרעניצטקייט, אַבסטראַקט־

קיים און פערליערט זיך אין ניט צו פאַנאַנדערבינדענדע ווידער־שפּרוכען, ווייל איבער די איינצעלנע זאַכען בעמערקט ער ניט זייער צונויפבונד, איבער דעם „זיין" זעהט ער ניט דעם „ווערן" און דעם „פערשווינדען" און איבער דער רוה פערגעסט ער די בעוועגונג. מיט איין וואָרט, איבער די בוימער זעהט ער ניט דעם וואַלד." *)

אזוי טהוט זיך בעגעהן דער מעטאַפיזיקער. „וחילופיהן", פער־שטעהט זיך, ביי דעם דיאַלעקטיקער. ער בעטראַכט די זאַכען נאָר אין זייער צונויפבונד, „סוב ספּעציע עטערני", און טראַכט דורכאויס אין סינטעזען. פאַר איהם עקזיסטירט יעדע זאַך און עקזיסטירט ניט. זיינע רעיד בעשטעהען פון יע — ניין, ניין — יע א. אז. וו.

דער דערקענטניס־טעאָרעטישער דואַליזם, וואָס ליעגט אין דעם פונדאַמענט פון דער נאָר וואָס געבראַכטער ציטאַטע, שפּיעלט אין דעם מאַרקסיסטישען סיסטעם דיזעלביגע ראָליע, וואָס אין אַלע אַנ־דערע דיאַלעקטישע סיסטעמען. פון איין זייט מאַכט ער, אז די מעגליכקייט פון דעם דיאַלעקטישען דענק־מעטאָד זאָל זיך לעגען אויפ'ן שכל; פון דער אַנדער זייט איז ער אליין א פועל־יוצא פון דעם אָבלייקענען אַלע דריי העכסטע געזעצען פון דער לאָגיק.

ווייל די גאַנצע כאַראַקטעריסטיק, וואָס ענגעלס מאַכט פאַר דעם מעטאַפיזישען דענק־טיפּ, איז אין תוך אריין ניט קיין אַנדער זאַך, ווי א קורצע און שעהנע ווידערדערצעהלונג פון דעם, וואָס הענגעל האָט ארויסגעשטעלט אנטגעגען דעם געזעץ פון אידענטיטעט, ווענעם רעיד עם זענען „יע — יע" און „ניין—ניין", דעם געזעץ פון ווידערשפּרוך, פאַר ווען א זאַך אָדער זי עקזיסטירט אָדער ניט, און דעם געזעץ פון דעם אויסגעשלאָסענעם דריטען, לויט וועלכען פּאָזיטיוו און נעגאַטיוו שליעסען איינס דעם אַנדערן אַב־סאָלוט אויס.

אמת, די געבראַכטע כאַראַקטעריסטיק בענוגענט זיך ניט מיט דעם אינדירעקטען לויב אויף די דיאַלעקטיק און כאַפּט נאָך אריין די ענטוויקלונגס־טעאָריע. אויף דעם ערשטען בליק קאָן מען דערי־בער מיינען, אז זי ליידט א ביסעל פון א מוטווילליגער קאָנסטרוקציע.

*) אַנטי־דיוהרינג, ז. 7.

אין דער אמת'ען. לאָמיר נעהמען אַזעלכע דענקער, ווי צ. ב. קאַנט, לאַמאַרק, דאַרווין, ספּענסער, העקקעל א. ד. גל. לויט ענגעלס'־עס כאַראַקטעריסטיק דאַרפען מיר זיי אַלעמען אָנרופען מעטאַפיזי־קער. ווייל אויף וויפיעל זיי גלויבען אין דעם געזעץ פון אידענטי־טעט, בעשטעהען זייערע רעיד פון יע — יע, ניין — ניין. אויף וויפיעל זיי האַלטען פון דעם ווידערשפּרוך־זאַץ, אויף אַזוי פיעל מוזען זיי אָננעהמען, אַז אַ זאַך — אָדער זי עקזיסטירט אָדער ניט. און אויף וויפיעל זיי זענען ניט מסופק אין דעם געזעץ פון דעם אויס־געשלאָסענעם דריטען, שליעסען פאַר זיי פּאָזיטיוו און נעגאַטיוו איינס דעם אַנדערן אַבסאָלוט אויס. און די אַלע געזעצען נעהמען זיי אָן, ווייל זיי דענקען, ווי די גאַנצע איבעריגע מענשהייט, אויף דעם יסוד פון דער פאָרמאַלער לאָגיק.

הייסט עס, אַז זיי זענען „מעטאַפיזיקער". און פון דעסטוועגען וועט קיינעם ניט אַרויף אויפ'ן זין צו בעשולדיגען זיי, אַז זיי בעטראַכטען די זאַכען „ווי פאַנאַנדערגעשיידטע, פעסטע, אומבעוועג־ליכע, איין מאָל פאַר אַלע מאָל געגעבענע אָביעקטען פון דער פאָר־שונג". דאָס זענען גראַד די דענקער, וואָס האָבען מעהר פאַר אַלע־מען אויפגעטהאָן פאַר דעם ענטוויקלונגס־געדאַנק און פאַר דעם בע־טראַכטען די זאַכען אין זייער צוזאַמענבונד, און ענגעלס אַליין ווייס גאַנץ גוט, אַז מיט דער אונטערייקייט זייערער צו דער „מעטאַפיזיק" האָבען זיי גאָר גישט ניט וואָס צו פערדאַנקען דעם דיאַלעקטיקער העגעל'ן, ווייל אין דעם פּרט פון ענטוויקלונג אין דער נאַטור זענען העגעל'ס געדאַנקען געשטאַנען אַ סך נידעריגער איידער די נאַטור־וויסענשאַפט פון זיין צייט. *)

מוז מען זיך דעריבער פרעגען: פאַר וואָס וואַרפט דאָ ענגעלס צונויף אין איין טאָפּ זאַכען, וואָס האָבען קיין ברעקעל שיכות ניט איינע מיט די אַנדערע? אין דער אמת'ן אָבער איז אַזאַ פראַגע גע־רעכט נאָר אויף דעם ערשטען בליק. ענגעלס גלויבט בפועל, אַז עס איז דאָ אַן אינוועניגסטער צוזאַמענבונד צווישען דער דיאַלעקטישער לאָגיק און דער ענטוויקלונגס־טעאָריע. ער איז זיכער ביי זיך, אַז דער וואָס נעהמט נאָר אָן די ענטוויקלונג בכלל, מוז אויף אַ קאָנ־

*) זעה: אַנטי־דיוהרינג, ז. 16.

סעקווענטען אופן דערגעהן ביז צום אָבלייקענען די העכסטע געזעצען פון דער לאָגיק. דערביי וואָלט ער אויף קאַנט׳ן, דאַרווינ׳ען א. אַז. וו. געקוקט ניט ווי אויף ניט־קאָנסעקווענטע „מעטאַפיזיקער“, נאָר גיכער ווי אויף ניט־קאָנסעקווענטע דיאַלעקטיקער, וואָס זיי אליין איז נאָך ניט קלאָר דער פאַקט, אַז שוין די ערשיינונג פון ב ע וו ע ג ו נ ג אליין קעהרט איבער מיט׳ן דעק ארויף אַלע געזעצען פון דער לאָגיק, ווייל די בעוועגונג געהט לגמרי להיפך צו דעם זאַץ פון ווידערשפרוך.

אַזאַ בליק אויף דער בעוועגונג און ענטוויקלונג, ווי די גאַנצע דיאַלעקטישע לאָגיק, איז אריבערגעטראָגען אין דעם מאַרקסיזם גלייך פון דעם העגעל׳שען סיסטעם, ווי מיר וועלען דאָס שפּעטער אונטען זעהן. דערווייל לאָמיר פאַרטיג ווערן מיט דער דורכמוסטערונג פון אונזערע פילאָסאָפישע פאַרבעדינגען ביי מאַרקס און ענגעלס.

איידער מיר פערלאָזען דעם פונקט פון דואליזם, דאַרפען מיר נאָך מאַכען אַ קליינע בעמערקונג. עס קאָן אויסדוכטען, אַז ענגעלס געהט זיך אַ ביסעל פאַנאַנדער מיט העגעל׳ן אין דער אָבשאַצונג פון דער פאָרמאַלער לאָגיק, ווייל ער מאַכט דאָ אַזעלכע גרויסע און שווער וועגענדע הנחות דעם „געזונטען־מענשען־פערשטאַנד“. אין דער אמת׳ן אָבער געהן אויך די הנחות ניט ארויס פון דעם גדר פון העגעל׳ס דערקענטניס־טעאָרעטישען דואליזם. אויך העגעל האָט ניט געלייקענט, אַז די „מעטאַפיזישע“ דענק־מעטאָדע האָט געוויסע רעכט. פאַר איינינגע פעלען האָט אויך ער איינגעזעהן, אַז דער פערשטאַנדעס־דענקען איז אבסאָלוט נויטווענדיג. „אויף אַלע פעלדער, סיי טעאָרעטישע, סיי פּראַקטישע“, זאָגט העגעל, „טאָר דער פערשטאַנד ניט פעהלען, ווייל אָהן דעם פערשטאַנד קאָנען מיר ניט קומען צו קיין פעסטעם און בעשטימטעם.“ דערהויפּט אָבער איז דאָס, לויט העגעל׳ן, אמת בנוגע דער פּראַקטיק, ווייל „פאַר האַנדלונגען איז דער עיקר נויטיג כאַראַקטער; אָבער אַ מענש פון כאַראַקטער איז אַ מענש פון פערשטאַנד, וואָס האָט, ווי אַזוינער, בעשטימטע ציעלען פאַר די אויגען און געהט צו זיי ניט אָבגעקעהרט.“ *) הייסט עס, אַז

*) זעה: פראַנטץ אונד היללערט. העגעל׳ס פילאָסאָפיע אין ווערטליכען אויסציגען. בערלין (1893), ז. 30.

אויף לויט העגעל'ן זענען „די שטוביגע פיער ווענד" פון דעם פער־שטאַנד גאַנץ גערוים.

דערפון קאָן מען אגב איינזעהן, ווי אומגערעכט עדוואַרד פאָן־האַרטמאַן איז געווען, ווען ער האָט פון דעם דיאַלעקטיקער געפאָדערט, אַז ער זאָל אויך אויף דעם פעלד פון דער פּראַקטיק בלייבען טריי זיין אויסדערוועהלטען דענק־מעטאָד. „אַז דער דיאַלעקטיקער וויל", זאָגט ער, „געהן איבער אַ דינעם אייז אָדער איבער אַ דינער שטאַנג און איז זיך משער, צי דער אייז אָדער די שטאַנג וועט אויס־האַלטען זיין משא אָדער ניט, צי זיי וועלען בלייבען גאַנץ אָדער זיי וועלען דורכברעכען, וועט ער דען באמת ענטפערן זיך אליין מיט דעם דיאַלעקטישען סינטעז פון דער אַלטערנאַטיווע? איז דאָס ניט ריכ־טיגער אַז ער וועט זיך זאָגען, אינווענינג טראַכטענדיג לויט דעם נבזה'דיגען ווידערשפּרוך־זאַץ: האַלטען הייסט ניט דורכברעכען און דורכברעכען הייסט ניט האַלטען. וועט דאָס האַלטען, געה איך, אַז ניט, בלייב איך." האַרטמאַן דרינגט דערפון אַרויס, אַז „דער דיאַלעקטיקער קאָן ניט בלייבען ביים לעבען. ער מוז שוין אין דעם ערשטען טאָג ברעכען האַלז און פיס, אויב ער וועט נאָר ניט אויפ־הערען זיין אַ דיאַלעקטיקער און וועט זיך ניט איינאָרדענען אין דער פּראַקטיקע, לויט דעם, וואָס ער לייקענט אָב אין דער טעאָריע".*)

האַרטמאַן'ס אַרגומענט אַנטגעגען דער דיאַלעקטיק טרעפט דאָס מאָל גראָד ניט אין ציעל. דער דיאַלעקטיקער, וואָס האָט אויסגעביטען די פערשטאַנדעס־פאָרמעל: „אָדער — אָדער" אויף דער דיאַלעקטישער פאָרמעל: „ניט נאָר, נאָר אויך", בלייבט געטריי צו זיינע פּרינציפּען אויך אין דעם פונקט: „ער איז „ניט נאָר" אַ דיאַלעקטיקער, „נאָר אויך" — אַ ניט־דיאַלעקטיקער. אַ ניט־דיאַלעקטיקער אויף דעם פעלד פון דער פּראַקטיקע.

און אויך דער דואַליזם פון טעאָריע און פּראַקטיקע שטימט זעהר גוט מיט דעם אַלגעמיינעם דואַליזם אין דער דערקענטניס־טעאָ־ריע, וואָס מוז אַלע מאָל פיהרען צו אַ וועלכער עס איז „דאָפּעלטער בוכהאַלטעריע", פון וועלכער די דיאַלעקטיק קאָן קיין מאָל ניט זיין פריי.

---

*) האַרטמאַן, אינ'ם ציטירטען בוך, ז. 92.

האַנד אין האַנד מיט דעם דואַליזם אין דער דערקענטניס־ טהעאָריע, גערט ביי מאַרקס'ן, ווי ביי אַלע דיאַלעקטיקער, דער נאַטור־פילאָסאָפישער מאָניזם, אָבער מיט דעם גרויסן און פילאָסאָפיש וויכטיגען אונטערשייד, וואָס ער זעהט די איינהייט פון דער וועלט אין דער מאַטעריע און ניט אין אַ וועלכער עס איז גייסטיגער אָדער איבער־מאַטעריעלער סובסטאַנץ. „די איינהייט פון דער וועלט", זאָגט ענגעלס בפירוש, „בעשטעהט אין איהר מאַטעריאַליטעט".*)

אָט דער פילאָסאָפישער אונטערשייד איז ניט נאָר וויכטיג פאַר דער אַלגעמיינער וועלט־אַנשויאונג. פון איהם העננגט זעהר פיעל אָב דער גורל פון דער דיאַלעקטישער לאָגיק און קודם כל איהר פילאָסאָפישע בעגרינדונג. ס'איז אמת, אַז דער מאָניזם איז, ווי מיר האָבען געזעהן, לויט זיין אינוועניגסטער נאַטור נאָך, נוטה אָבצולייקענען דעם געזעץ פון ווידערשפּרוך. אָבער דער מאַטעריאַליסטישער מאָניזם איז שוין בשום אופן ניט אַזאַ גינסטיג פעלד פאַר דער דיאַלעקטישער לאָגיק, ווי דער אידעאַליסטישער מאָניזם. דאָס קומט, דער עיקר, דערפון, וואָס אויף דעם פעלד פון דעם מאַטעריאַליזם פערלירען אַ סך פילאָסאָפישע פאַרבעדינגען זייער בעווייז־קראַפט, אָדער זיי בעקומען אַזאַ זין, וואָס פאַרט זיך שוין זעהר שלעכט מיט דעם דיאַלעקטישען דענקען.

לאָמיר נעהמען דעם וויכטיגסטען פון די פילאָסאָפישע פאַר־בעדינגען, וואָס אין זיי נויטיגט זיך די ווידערשפּרוך־לאָגיק: די לעהרע, אַז דער מענשליכער שכל קאָן אריינדרינגען אין דעם תוך פון דער וועלט. איך רעכען זי פאַר דעם וויכטיגסטען פאַרבעדינג דער־פאַר, ווייל קודם דאַרף מען זיין זיכער, אַז דער שכל שפּיגעלט ריכטיג אָב דעם תוך פון דער וועלט, איידער מען נעהמט זיך אונטער ארויסצוזאָגען דעם פסק, אַז דער וועלט־תוך איז פול מיט אינ־וועניגסטע ווידערשפּרוכען. עס איז, ווי איך האָב שוין אין אַן אַנדער אָרט בעוויזען,**) זעהר גרינג צו בעמערקען, אַז די לעהרע פון דער אידענטיטעט פון „זיין" און „דענקען" איז אַ סך וועניגער

*) ענגעלס, אַנטי־דיוהרינג, ז. 31

**) אין מיינע פאַרלעזונגען וועגען דעם נאַטור־פילאָסאָפישען מאַטע־ריאַליזם, געזאַמעלטע שריפטען, בד. 2, ז. 66 ביז 75.

בעגרינדעט אויף דעם פעלד פון דעם מאַטעריאַליסטישען מאָניזם, איידער אויף דעם פעלד פון דעם אידעאַליסטישען.

אז דער מענשליכער ג ײ ס ט קאָן אריינדרינגען אין די סודות פון דעם װ ע ל ט־גייסט, וואָס איז אזוי ענג אויסגע־בונדען מיט אונזער אייגענער נשמה, — דאָס דאַרף אויסדוכטען דעם אידעאַליסט אזוי קלאָר ווי דער טאָג. ס'איז אָבער א גרויסע שאלה, צי אויך פאַר דעם מאַטעריאַליסט מוז זיין קלאָר ווי דער טאָג, אז דער מענשליכער מ א ר ך זאָל, ווי א קליין פיצעלע וועלט־מאַטעריע, דוקא קאָנען וויסען אלץ, וואָס עס שפּיעלט זיך אָב אין די איבעריגע טיילען פון דער וועלט־מאַטעריע.

אמת, ענגעלס טראָגט אריבער אין זיין מאַטעריאַליסטישע פילאָסאָפיע העגעל'ס ארגומענט, פאַר וואָס מיר מוזען קאָנען דער־קענען „דאָס אונענדליכע", און זאָגט, אז וויבאַלד דענקען און בע־וואוסטזיין „זענען פּראָדוקטען פון דעם מענשליכען מארך" און דער מענש אליין איז אויך „ניט מעהר ווי א פּראָדוקט פון דער נאַטור, וואָס ענטוויקעלט זיך אינאיינעם מיט זיין סביבה", איז יעמאָלט „ממילא מובן, אז די פּראָדוקטען פון דעם מענשליכען מארך, וואָס זענען דאָך אין דער לעצטער אינסטאַנציע אויך פּראָדוקטען פון דער נאַטור, ווידערשפּרעכען ניט, נאָר שטימען צונויף מיט די איבעריגע ערשיינונגען איהרע".*)

אָבער דאָ הענגט בעשיינפּערליך אלץ אָב פון דעם, וואָס איהר וועט אָנרופען „צונויפשטימען". א צילינדרישער שפּיגעל, צ. ב., שטעלט אויך מיט זיך פאַר „א פּראָדוקט פון דער נאַטור" אפשר נאָך אין א „נאַטירליכערען" זין, איידער בעוואוסטזיין און דענקען. און פון דעסטוועגען ווערען אלע זאכען, וואָס שפּיגלען זיך אין איהם אָב, אזוי פערהויקערט, אז אויב אויך אין אונזער מארך בעקומען זיי אקוראַט אזא פערהויקערטען פנים, ווייס איך ניט, צי מען קאָן נאָך דאָ רעדען וועגען א „צונויפשטימען" פון „דענקען" און „זיין".

שווער קאָן אויסהאַלטען די קריטיק אויך אן אנדער ארגומענט, וואָס ענגעלס ברענגט אנטקעגען די „קאַפּריזען" פונ'ם קריטיציזם און פון יענע פילאָסאָפישע שטרעמונגען, וואָס „פרעגען אָב די

*) אנטידיוהרינג, ז. 22.

מעגליכקייט צו דערקענען אָדער לפּחות פֿאַלשטענדיג צו דערקענען די וועלט".*) דעם הויפּט־ענטפער אויף די אלע „קאַפּריזען" זעהט ענגעלס אין דער פּראַקטישער טעטיגקייט פון דעם מענשען, אין דעם עקספּערימענט און אין דער אינדוסטריע. „אז מיר קאָנען", זאָגט ער, „בעווייזען די ריכטיגקייט פון אונזער בעגריפען א וועלכע עס איז נאַטור־ערשיינונג דורך דעם, וואָס מיר מאַכען זי אַליין, וואָס מיר בויען זי אויף פון איהרע בעדינגונגען און צווינגען זי צו דיענען אונזערע ציעלען, איז יעמאָלט מוז זיין סוף צו קאַנט'ס „דינג אין זיך".**)

ענגעלס פערגעסט, משמעות, אז פאר דעם קאָנסקווענטען סוּ־ביעקטיוויסט אין דער דערקענטניס־טעאָריע איז אונזער פּראַקטישער בענעהמען זיך און די ערפאָלגען, וואָס מיר ברענגען ארויס דורך איהם, אַקוראַט אזעלכע פ אָ ר ש ט ע ל ו נ ג ע ן אין אונז, ווי אלע אנדערע פּאַרקומעניסען פון אונזער לעבען, — פּאַרקומע־ניסען, וואָס זייער דערקענטניס־טהעאָרעטישען ווערטה האָט שוין דעקאַרט אַראָבגעדריקט ביז צו נול אין זיין פּאָלעמיק אַנטקעגען גאַסענדי.***) פאר די אָבער, וואָס לייקענען אָב די מעגליכקייט צו דערקענען דעם תוך פון דער וועלט, איז די עדות פון דער פּראַקטיקע נאָך גאָר א קליינער בעוויז. כדי פּראַקטיש אויסצונוצען א וואַסער עס איז זאַך, אָדער כדי אפילו אויפצובויען די זאַך, איז גאָר ניט נויטיג צו זיין בעקאַנט מיט אלע איהרע אייגענשאַפטען. עס איז גענוג, ווען מיר ווייסען אין וואָס פאַר א שייכות עס שטעהען עטליכע אייגענשאַפטען איהרע צו עטליכע אייגענשאַפטען פון די אנדערע זאַכען, כדי מען זאָל קאָנען פּראַקטיש אויסנוצען זי צוליעב אונ־זערע ציעלען, — אויב אזא בעדיענען זיך מיט דער זאַך ליגט בכלל אין די כחות פון א מענשען.

א גוטע באַלעבאָסטע, צום ביישפּיעל, קאָן בענוצען די ווייסלען פון אייער, כדי צו מאַכען דעם בעסטען פּודינג פון דער וועלט און פון דעסטוועגען פאַרט ניט האָבען קיין שום ידיעה וועגען די מערק־ווירדיגע אייגענשאַפטען פון יענעם כעמישען שטאָף. עס וואָלט

*) פערגל.: „די פילאָסאָפיע", בד. 1, זז. 192—193.

**) דאָרטען גופא.

***) פר. ענגעלס. לודוויג פייערבאַך (1888), ז. 18.

אויך פאר איהר ניט געווען קיין גרויסע מיה צו פּראָדוצירען אייער „פון זייערע נאַטירליכע בעדינגונגען". צוליעב דעם דאַרף זי נאָר קויפען אויפ'ן מארק יענע „בעדינגונגען" אין דער פאָרם פון א האָהן מיט הוהן.

איך האָף, מען וועט מיר מוחל זיין דעם א ביסעל צו גראָבען אָבער פאָרט זעהר פּאסיגען ביישפּיעל. האָט דען דער ארגומענט, אז מיר קאָנען אין דער לאַבאָראַטאָריע אויפבויען פערוויקעלטע כעמישע פּראָדוקטען א דערקענטניס-טהעאָרעטיש גרעסערע וואָג, איידער דער ביישפּיעל מיט דעם האָהן און דער הוהן? דעם תוך פון דער פּשוט'ער כעמישער אַפיניטעט פערשטעהען מיר דאָך אַקו־ראַט אזוי וועניג, ווי דעם תוך פון די פערפּלאָנטערסטע ערשיי־נונגען פון דעם לעבען!

לאָמיר אויך דאָס ניט פערגעסען, אז די פּראַקטישע אויבער־הארשאַפט איבער געוויסע, זעהר פערוויקעלטע ערשיינונגען אין דער נאַטור איז ניט זעלטען אָנצוטרעפען אויך אין דער ממשלה פון דער טיער־וועלט. אייניגע מינים מילבען, צ. ב., קלויבען צונויף די איי־עלעך פון די גראָז־לייז, טראָגען זיי אריין אין זייערע קאַמערן און גיבען אַכטונג, אז פון זיי זאָלען ארויס די יונגע רמשים, וואָס שפּילען ביי זי די ראָליע פון שטוב־פיה. אָבער — וועט וועמען עס איז ארויף אויפ'ן זין ארויסצודרינגען אויף דעם סמך, אז די מילבען האָבען „אַן אויסשעפּענדע דערקענטניס פון יענע ביאָלאָגישע ערשיינונגען, וואָס ווערען געצוואונגען צו דיענען צו זייערע ציעלען?"

וואָס פאר א ראָליע די פּראקטיק זאָל ניט שפּיעלען אין דער דערקענטניס־טעאָריע, — און דער איצטיגער פּראגמאַטיזם, צ. ב., האַלט פון איהר אַן „עולם ומלואה", — איין זאך איז פון דעסטט־וועגען קלאָר, אז די אידענטיטעטס־לעהרע, וואָס זאָגט, דאָס „דענ־קען" קאָן ריכטיג אָבשפּיעגלען דאָס „זיין", קאָן זיך זעהר וועניג אָנשפּארען אָן איהר; און נאָך וועניגער ווערט איהר בעטייט, ווען מען וויל פון איהר מאַכען א פילאָסאָפישען פאָרבעדינג פאר דער דיאַלעקטישער לאָגיק, מחמת דעם גאָר פּשוט'ען טעם, וואָס די פּ ר א ק ט י ק א י ז א נ ט י ־ ד י א ל ע ק ט י ש, — א זאך, וואָס אויך די דיאלעקטיקער מוזען, ווי מיר האָבען געזעהן, מודה זיין. און אויב הארטמאַן האָט ניט געהאָט קיין רעכט, אויף דעם סמך

פון דער פּראַקטיקע אָבצופרעגען די מעגליכקייט פון דער דיאַלעקטיק, וואָלט על כל פּנים שוין געווען גאָר אַ משונה'דיגער פילאָסאָפישער שגעון — וועלען אויסנוצען די פּראַקטיקע, כּדי דירעקט אָדער אינדירעקט צו בעווייזען מיט איהר די נ ו י ט וו ע נ ד י ג ק י י ט פון אַ דיאַלעקטישען דענקען.

דערפון איז צו זעהן, אַז, אויף דעם יסוד פון דעם מאַטעריאַליסטישען מאָניזם, האַלט זיך די אידענטיטעט פון „דענקען" און „זיין" אויף היהנערשע פיסלעך און ממילא קאָן דער גאַנצער מאַטעריאַליסטישער מאָניזם האָבען ניט מעהר ווי אַ זעהר היפּאָטעטישען בעדייט. אויף אַזאַ אופן קאָנען מיר אויף אַ ווײַלע גאַנץ גוט מסכּים זיין מיט העגעל'ן און ענגעלס'ן, אַז קאַנט'ס אַנטינאָמיעס טרעטען ארויס ניט נאָר אין אונזער שכל אין בעשטימטע זעלטענע פעלען, — דאָרטען, וואו דער שכל שפּרייזט אריבער די גרעניצען פון דער ערפאַהרונג, — נאָר אַז זיי ליעגען אויף איינגעוויקעלט אין יעדען אַקט פון אונזער דענקען און פון דעסטוועגען קאָנען מיר אויך יעמאָלט ניט ארויסדרינגען פון די סתירות, וואָס הערשען כּלומרשט אין אונזער דענקען, אַז אויך די נאַטור מוז טראָגען אינוועניגסטע סתירות אין זיך. דערפון איז קלאָר, אַז די מאַטעריאַליסטישע מאָדיפיקאַציע פון דעם מאָניזם און דער אידענטיטעט־לעהרע, וועלכע מאַרקס האָט אריינגעטראָגען אין העגעל'ס פילאָסאָפיע, האָט פון זיי געמאַכט זעהר שלעכטע העלפער אויף צו בעגרינדען די דיאַלעקטישע לאָגיק.

נאָך אין אַ גרעסערען מאָס איז דאָס אמת פאַר יענע פערענדערונגען, וואָס זענען אין דער מאַרקסיסטישער פילאָסאָפיע פאָרגעקומען מיט העגעל'ס לעהרע וועגען דעם בעגריף, ווי נאָר מאַרקס האָט אין איינעם מיט פייערבאַך'ן אָנגעהויבען איינזעהן, אַז דער „גייסט" איז „ אַ פּראָדוקט פון דער מאַטעריע".*)

אין דער אמת'ן. זינט פייערבאַך האָט געמאַכט אַ תל פון דער בעגריפען־דיאַלעקטיק, האָט פאַר מאַרקס'ן געמוזט ווערען קלאָר אַז די בעגריפען זענען ניט אַזוינע מעטאַפיזישע סובסטאַנצען, וואָס עקזיסטירען ערגעץ וואו אין דרויסען פון רוים און צייט. ער

*) פר. ענגעלס. לודוויג פייערבאַך, ז. 12—13 און 21.

האָט געמוזט מודה זיין פייערבאַך'ן, אַז „דעם דענקען דאַרף מען דערקלערען פון דעם זייין, און ניט דעם זיין פון דעם דענקען",*) אַ פּרינציפּ, וואָס האָט, ווי אַלעמען איז בעקאַנט, גענומען שפּילען די הויפּט ראָליע אין דער מאַרקסיסטישער געשיכטס־פילאָסאָפיע.**)

מאַרקס האָט גענומען פערשטעהן אונטער דעם וואָרט בעגריף ניט אַ וואָסער עס איז מיסטישען קערן, וואָס שליסט אין זיך איין און פון וועלכען עס וואַקסען אַרויס אַלע זאַכען און ערשיינונגען, וואָס ווערען אַרומגענומען פון איהם, נאָר ניט מעהר, ווי אַ „מעהר אָדער ווייניגער אַבסטראַקטע אָבשטעמפּלונג פון ווירקליכע זאַכען". ער האָט אָבער פערגעסען, אַז דער בעגריף, ווי אַ פּראָדוקט פון דער אַבסטראַהיר־אַרבייט פון אונזער שכל, האָט פאַר דער פילאָסאָפישער בעגרינדונג פון דער דיאַלעקטיק אַ גאַנץ אַנדער בעדייט, איידער דער בעגריף — אַ סובסטאַנץ. ריכטיגער געזאָגט: ער האָט גאָר קיין בעדייט ניט, ווייל ער שליעסט ניט איין אין זיך דעם גאַנצען סכום פון אַלע קאָנקרעטע זאַכען און זייערע קאָנקרעטע אייגענשאַפטען, נאָר בעשטעהט גאָר פון אַ פּאָר סמנים זייערע. עס איז קלאָר, אַז אַזאַ אַבסטראַקטער בעגריף איז גאָר ניט מחויב צו האָבען אין זיך וועלכע עס איז אינווענינסטע סתירות.

ביי העגעל'ן איז, ווי דער לעזער געדענקט, אַ גאַנץ אַנדער זאַך. דאָרטען האָט, צ. ב., דער בעגריף: „איצטער" דעם ווידערשפּרוך פון „טאָג" און „נאַכט" און זיך גופא. „טאָג" און „נאַכט" זענען, לויט העגעל, צוויי סותר'דיגע מאָמענטען, וואָס דרינגען דורך איינער דעם אַנדערען און אין זייער סתירות'דיגער איינהייט ליעגען זיי אין דעם בעגריף „איצטער". דעריבער מוז יענער בעגריף זיך רעאַליזירען אין דער ווירקליכקייט באַלד אין דער פאָרם פון „טאָג", באַלד אין דער פאָרם פון „נאַכט". אַ דאַנק דעם אינווענינסטען ווידערשפּרוך קאָן ער ניט פערזוכען קיין איין הרף־עין רוה. דאָס זעהט מען איין קלאָר. אָבער פאַר וואָס זאָל אויך דער מאַרקסיסטישער בע־

*) ל. פייערבאַך, ווערקע, בד. 2 (1846), ז. 263: „דאָס דענקען איסט אויס דעם זיין, ניכט דאָס זיין אויס דעם דענקען צו ערקלערען".

**) פגל. קאַרל מאַרקס. צור קריטיק דער פּאָליטישען עקאָנאָמיע (1859), ז. 4.

גריף, וואָס איז ניט מעהר ווי אַן אבסטראַקציע, וועלכע דאַרף גאָר ניט אריינגנעהמען די סתירות'דיגע קאָנקרעטע אייגענשאַפטען אין זיך, — פאַר וואָס אויך ער זאָל זיין פול מיט אַ ווידעראַנאַנד צו זיך אַליין און ניט האָבען קיין ברעקעל מנוחה אויף דער וועלט, — דאָס קאָן מען בשום אופן ניט פערשטעהן.

מיר ווילען, פערשטעהט זיך, ניט זאָגען דערמיט, אַז מיר זאָלען בעטראַכטען די בעגריפען, ווי „אומבעריהרליכע, איין פאַר אַלע מאָל געגעבענע ענינים פון פאָרשונג". ווי אַלץ אין דער וועלט, האָבען אויך די בעגריפען זייער געשיכטע. זיי וויקלען זיך פאַנאַנדער אין דער צייט, און אין איינעם מיט דער צייט, וואָס האָט זיי ארויסגעבראַכט, בייטען זיי אויך זייער בעדייט. אָבער דאָס איז בשום אופן ניט קיין פועל־יוצא פון אינוועניגסטע סתירות, נאָר אַ רעזולטאַט פון אַ סך נאַטירליכערע, גאַנץ פשוט'ע טעמים.

אז עס בייטען זיך איבער די ערשיינונגען, בייט זיך אויך איבער דער טייטש פון דעם בעגריף, וואָס דער מענש האָט אויפגעבויט פאַר זיי. ווערען אונזערע קענטניסען פאַנאַנדערגעוואַקסען אין דער ברייט און אין דער טיעף, מוזען, פערשטעהט זיך, אויך אונזערע בעגריפען צופאַסען זיך צו די נייע קענטניסען. און אַ חוץ דעם וואַריאירט דער בעטייט פון אַ בעגריף, ווען פערשיעדענע מענשען לעגען אין איהם אריין אַ פערשיידענעם זין. ווען עס רעדט זיך אָבער וועגען אַ בעשטימטען בעגריף אין אַ בעשטימטען זין זיינעם, מוז ער גאַנץ זיכער בלייבען אומבעריהרליך, אַ איין פאַר אַלע מאָל געגעבענער ענין פאַר אָט דער געגעבענער אונטערזוכונג און — „ווען דו רעדסט וועגען „אלף", איז טראַכט וועגען „אלף" און ניט וועגען „בית" (האַרטמאַן).

דער היוצא מדברינו איז, אַז דער מאַרקסיסטישער מאַטעריאַליזם איז בכלל ניט קיין גינסטיגע פלאַנץ־ערד פאַר דער דיאַלעקטיק, ווייל זיין דערקענטניס־טעאָריע האָט ניט אין זיך קיין צווינגענדע קראַפט און זיין לעהרע וועגען בעגריפען נעהמט ביי די בעגריפען אוועק יענעם אומרוה, יענעם ברען צו בעוועגען זיך, וואָס זיי האָבען געמוזט האָבען ביי העגעל'ן.

נאָך ערגער פאַר דער פילאָסאָפישער בעגרינדונג פון דער דיאַ־

לעקטיק זענען יענע ענדערונגען, וואָס מארקס האָט אריינגעטראָגען **אין דער לעהרע וועגען רוים און צייט.** זיי נעהמען אוועק אין גאנצען די מעגליכקייט פילאָסאָפיש ווי עס איז צו פערענטפערן די נויטווענדיגקייט פון א דיאלעקטישען דענקען.

די ענדערונג, וואָס מארקס האָט, אין איינעם מיט פייער־באך'ן, אריינגעטראָגען אין דער לעהרע פון רוים און צייט, בעשטעהט אין דעם, וואָס ער האָט, ווי כמעט אלע מאטעריאליסטען, אנגעהויבען גלויבען אין דער עקזיסטענץ פון א „ריינעם" רוים און א „ריינער" צייט, וואָס זענען לגמרי אונאָבהענגיג פון די זאכען און די ער־שיינונגען, מיט וועלכע זיי זענען אָנגעפילט.

רוים און צייט, זאָגט ענגעלס, זענען די גרונד־פאָרמען פון יעטוועדען „זיין" און גראָד דערפאר, וואָס די צייט הענגט ניט אָב פון יענע ענדערונגען, וועלכע שפּילען זיך אָב אין איהר, קאָן מען מעסטען די צייט. די צייט, אין וועלכער עס קומען ניט פאָר קיין שום ענדערונגען, איז די „ריינע" צייט, די „אמת'ע", די צייט אין איהר אייגענעם זין. און דאָס אייגענע איז אויך מיט דעם רוים. נאָר דער „ריינער" רוים, וואָס איז מיט קיין זאך ניט אָנגעפילט, איז דער „אמת'ער" רוים, דער רוים, ווי ער איז אין זיך גופא.*)

כדי צו פערשטעהן די ראָליע פון אזא בליק אויף רוים און צייט אין דער פילאָסאָפישער בעגרינדונג פון דער דיאלעקטיק, מוז

---

*) די שטעלונג פון דער מאַרקסיסטישער פילאָסאָפיע צו דעם רוים־און־צייט־פּראָבלעם איז אַזוי וויכטיג, אַז מיר מוזען דאָ ברענגען דעם גאַנצען ציטאַט, וואָס אויף זיין סמך האָבען מיר אויבען איבערגעגעבען ענגעלס'עס בליק: „די גרונדפאָרמען אַללעס זיינס זינד רוים אונד צייט, אונד איין זיין אויסער דער צייט איסט איין עבענזאָ גראָססער אונזינן, ווי איין זיין אויסערהאַלב דעם רוימעס... נאַך העררן דיוהרינג עקסיס־טירט די צייט נור דורך די פערענדערונג, ניכט די פערענדערונג אין אונד דורך די צייט. „עבען וויל די צייט פאָן דער פערענדערונג פערשיעדען, אונאַבהענגיג איסט", קאַנן מאַן זי דורך די פערענדערונג מעססען. דען צום מעססען געהערט אימער איין פאָר דעם צו מעססענדען פערשיעדענעס. אונד די צייט, אין דער קיינע ערקעננבאַרע פערענדערונגען פאָרגעהן, איסט וויט ענטפערנט דאַפאָן. „קיינע" צייט צו זיין; זי איסט פיעלמעהר די „ריינע", פאָן קיינען פרעמדען ביימישונגען אַפפיצירטע אַלזאָ די „וואַח־רע" צייט, די צייט „אַלס זאָלכע". אַנטי־דיוהרינג, ז. 41—42.

מען קודם־כל האָבען אין זין, אז די ראַליע איז ניט גאָר אזא פשוט'ע ווי עס קאָן זיך אויסדרוכטען אויף דעם ערשטען שיין. נעהמט מען אָן מארקס'עס געדאַנק וועגען רוים און צייט אין זיין גאנצער פאר־אריסטאָטעלישער נאאיוויטעט, מוז מען באמת זיך אויסאיינען ביז צו א געוויסען גראד מיט דעם דיאַלעקטישען דענקען. גלויבען אין דער עקזיסטענץ פון א לעדיגען רוים הייסט אָננעהמען, אז אַן אבסאָלוטער גאָרנישט קאָן עקזיסטירען, און גלויבען אין דער עק־סיסטענץ פון א „ריינער" צייט הייסט צוגעבען, אז אַן אבסאָלוטער גאָרנישט קאָן פליסען אייביג און ניט איבערגעריסענערהייד. וואָס דארף מען א בעסערען בעווייז פאר דער דיאַלעקטישער לאָגיק, וואָס זאָגט, אז זאכען קאָנען יע־עקזיסטירען און ניט־עקזיסטירען אין איין און דערזעלביגער צייט?

וויל מען דעריבער באמת מסכים זיין, אז רוים און צייט עק־זיסטירען רעאַל ניט נאָר, ווי עמפּירישע ערשיינונגען, וואָס זענען אפשר געבונדען אָן דער מענשליכער פּסיכאָ־פיזישער אָרגאניזאציע, נאָר ווי מעטאפיזישע וועזענס, וואָס זענען א ברעקעל ניט געבונדען אָן אונזער ארט אָנשויען, ווי וועזענס, וואָס ליגען אין גאנצען דרויסען פון אונז, מוז מען אויך מודה זיין אין זייער דיאַלעקטישען כאראקטער. דאָס איז אפשר געווען איינער פון די טעמים, פאר וואָס מארקס און ענגעלס האָבען זיך אָנגעכאפּט אָן דער עק־זיסטענץ פון דעם „ריינעם" רוים און דער „ריינער" צייט. מארקס און ענגעלס האָבען אָבער משמעות פערגעסען, אז, ניט קוקענדיג אויף דעם דאָזיגען דיאַלעקטישען כאראקטער פון רוים און צייט, זענען יענע „גרונד־פאָרמען פון דעם זיין" ניט נאָר ניט אין שטאנד צו בעגרינדען די דיאַלעקטיק אין אַלע אנדערע זאכען און ערשיינונ־גען פון דער וועלט, — אדרבא! זיי מאכען א תל פון יעדער דיאַלעקטיק אין די רומליך־צייטליכע ערשיינונגען.

ברענגט מען רוים און צייט פאר א קרבן דעם דיא־לעקטישען דענקען, קויפען מיר מיט דעם קרבן אויס אַלע איבעריגע רוימליך־צייטליכע ערשיינונגען פון דער נויטיגקייט צו האָבען וועל־כע עס איז אינעווענינגסטע סתירות אין זיך.

די מעשה איז שוין געווען בעקאַנט פייערבאך'ן, וואָס האָט אויך אזוי ווי מארקס געהאַלטען רוים און צייט פאר „וועזענטליכע

בעדינגונגען", „פאָרמען פון דעם שכל און געזעצען סיי פון דעם זיין, סיי פון דעם דענקען". ער, פייערבאַך, האָט אָבער אויסגע־נוצט דעם געדאַנק, כדי אין אַ מייסטערהאַפט קלאָרען אַנאַליז צו בעווייזען דעם גאַנצען באַנקראָט פון דער דיאַלעקטישער לאָגיק.

„די עקזיסטענץ פון די ערשיינונגען אין דעם רוים", זאָגט ער, „דאָס איז דער אמת פון די לאָגישע פערשיידענקייטען". „די זון איז ניט דאָרטען, וואו דער מערקור. דער מערקור ניט דאָרטען וואו די ווענערע, דאָס אויג ניט דאָרטען וואו דער אויער און אַזוי ווי." „אָברוימען פאַר די פערשיידענע זאַכען פערשיידענע ע ר ט ע ר, ר ו י מ ל י ך פאַנאַנדערשיידען, וואָס איז קוואַליטאַטיוו פערשיידען — אָט דאָס איז דער בעדינג פון יעדער עקאָנאָמיע, אפילו דער שכל'דיגער". און בנוגע צו דער צייט, זאָגט פייערבאַך: „נאָר די צייט גיט אונז אַ מיטעל אין די הענד, וואָס דורך איהם קאָנען מיר אין איין־און־דעמזעלביגען וועזען פעראייניגען די גע־גענזעצליכע און ווידערשפּרעכענדע אייגענשאַפטען אַזוי, ווי זיי ווערען פעראייניגט אין דער ווירקליכקייט".*)

הייסט עס, קורץ און גוט: איין־און־דיזעלביגע זאַך קאָן ניט אין איין־און־דערזעלביגער צייט זיין זי אַליין און נאָך עפּעס אַן אַנדער זאַך פשוט דערפאַר, וואָס די ווידערשפּרעכענדיגע איי־גענשאַפטען, וועלכע מיר שרייבען־צו יענער זאַך, זענען אָבגע־טיילט איינע פון די אַנדערע אָדער אין דעם רוים, אָדער אין דער צייט.

מיר האָבען ביז אַהער דורכגעמוסטערט די פילאָסאָפישע אַנ־שויאונגען פון דעם מאַרקסיזם, וואָס קאָנען האָבען אַ שייכות, — אַ פּאָזיטיווע אָדער אַ נעגאַטיווע, — צו דער דיאַלעקטישער לאָגיק, און אונזער לייסטער וואָלט ניט געוועזען פאַרפול, ווען מיר וואָלטען דורכגעלאָזען יענעם בעוויז פאַר דאָס דיאַלעקטישע דענקען, וועלכען ענגעלס געפינט אַרוים אין דער גאַנצער געשיכטליכער ענטוויקלונג פון דער פילאָסאָפיע. ער איז אָהן שפּאָס איינגעגלויבט אַז א ל ע בעסערע דענקער און פילאָסאָפען האָבען געהאַלטען פון דער ווידער־שפּרוך־לאָגיק, און אַז די גאַנצע געשיכטע פון דער פילאָסאָפיע,

*) פייערבאַך, ווערקע, בד. 2, ז. 332—335.

דערהויפּט פון קאַנט'ן אָן, האָט געשטרעבט ארויסצואַרבייטען דעם מעטאָד פון דענקען, וואָס איז אזוי טייער ענגעלס'ן.*)

אין גאַנצען פּאַנאַנדערקלייבען זיך אין יענעם בעוויז קאָנען מיר איצטער ניט, ווייל ער איז פערבונדען מיט דעם אנאַליז פון דעם מאַרקסיסטישען „היסטאָריזם", וואָס לערנט, אז די אמת'ן זענען נאָר אמת'ן פאַר פערשיידענע, בעגרעניצטע היסטאָרישע עפּאָכען און אז דער לעצטער גליעד פון א היסטאָרישער ענטוויקלונג איז דער לעצטער אמת פאַר יענעם ענין, וואָס האָט זיך היסטאָריש ענט־וויקעלט. דער „היסטאָריזם" איז איינער פון די גרונד־זיילען, אויף וועלכע עס רוהט די מאַרקסיסטישע מעטאָדען־לעהרע. איצטער זיך אָבגעבען מיט איהם וואָלט הייסען אריבערשרייטען די גרעני־צען פון אונזער איצטיגער ארבייט. לאָמיר זיך דעריבער בענוגע־נען מיט א פּאָר בעמערקונגען.

ערשטענס, האָט די גריכישע פילאָסאָפיע ניט אין איהר גאַנ־צען פערנעהם געהאַלטען פון דעם דיאַלעקטישען דענקען. די איי־גענטליכע דיאַלעקטישע לאָגיק האָט געהערשט נאָר אין דעם פּאַר־סאָקראַטישען פעריאָד פון איהר ענטוויקלונג, דער עיקר ביי הע־ראַקליט און די סאָפיסטען, הייסט עס, אין אַזא צייט, ווען די פי־לאָסאָפיע איז נאָך אליין ניט געווען קלאָר אין די גרונד־געזעצען פון דעם מענשליכען דענקען.

אריסטאָטעל'ן האַלט ענגעלס פאַר דעם אוניווערזאַלסטען קאָפּ צווישען די גריכישע פילאָסאָפען, וואָס זענען, נאָך זיין מיינונג נאָך, אלע געווען געבוירענע דיאַלעקטיקער. אויך איהם שפּאַנט ענגעלס איין אין זיין פילאָסאָפישען טריאומף־וואָגען, ווייל ער האָט „אויסגעפאָרשט די וועזענטליכסטע פאָרמען פון דעם דיאַ־לעקטישען דענקען".**)

ענגעלס פערגעסט אָבער צו דערצעהלען, אז אריסטאָטעל איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט בעגרינדעט דעם לאָגישען ווידערשפּרוך־געזעץ און האָט בעוויזען זיין אַבסאָלוטע נויטיגקייט פאַר דעם מענשליכען דענקען. געוויס האָט ער אויך אויסגעפאָרשט

---

*) אַנטי־דיוהרינג. ז. 15 און 5.

**) דאָרטען גופא.

די „וועזענטליכע פאָרמען פון דעם דיאַלעקטישען דענקען", אָבער ער האָט דאָס געטהאָן, כדי קלאָר צו מאַכען, פאַר וואָס מען טאָר זיך אויף זיי ניט פערלאָזען.

צווייטענס. די ווידערבעלעבונג פון דער דיאַלעקטיק אין דער קלאַסישער דייטשער פילאָסאָפיע און דאָס שטרעבען פון יענער פילאָסאָפיע צו העגעלס דיאַלעקטיק איז נאָך אבסאָלוט קיין בעוויז ניט, אז די דיאַלעקטישע לאָגיק איז ריכטיג. לאָמיר ניט פערגעסען, אז די דייטשע פילאָסאָפיע האָט געשטרעבט צו אַ סך אזוינס, וואָס ענגעלס אליין וועט מודה זיין, אז עס האָט זיך ניט געלוינט צו יאָגען זיך נאָך דעם. מיר וועלען נאָר דערמאָנען אָן העגעל'ס „אבסאָלוט".

אויף אזאַ'ן אופן זעהען מיר, אז קיין איינע פון די פילאָסאָפישע פאָרבעדינגונגען, וואָס זענען געלעגען אויף דעם גרונד פון דער העגעל'שער דיאַלעקטיק קאָנען, אויף דעם פעלד פון דעם מאַטעריאַליזם, ניט בעגרינדען אַ־פּריאָרי די דיאַלעקטישע לאָגיק פון מאַרקס.

עס בלייבט פאַר אונז דעריבער נאָך פאַנאַנדערצוקלייבען זיך אין די צוויי אַנדערע וועגען, וואָס מיט זייער הילף קאָן מען בעגרינדען די ריכטיגקייט פון דער דיאַלעקטישער לאָגיק: ערשטענס — אַנאַליזירען יענע קריטישע אָנפאַלען, וועלכע די דיאַלעקטיק מאַכט אויף דער פאָרמאַלער לאָגיק און צווייטענס אָבשאַצען יענע פאַקטען, מיט וועלכע ענגעלס אילוסטרירט און בעקרעפטיגט זיינע גרונד־הנחות.

4.

## די קריטיק פון דער פאָרמאַלער לאָגיק ביי העגעל און מאַרקס.

מיר זיינען געבליבען שטעהן ביי דעם בעוויז, אז קיין איינע פון די פילאָסאָפישע פאָרבעדינגונגען, וואָס ליעגען אויף דעם גרונט פון העגעל'ס דיאַלעקטיק, קאָן ניט בעגרינדען די מאַרקסיסטישע דיאַלעקטיק אַ־פּריאָרי און אז עס בלייבען נאָר צוויי וועגען, ווי ארויסצובריינגען די ריכטיגקייט פון דער דיאַלעקטישער לאָגיק:

ערשטענס די קריטיק פון דעם „מעטאַפיזישען" דענק־מעטאָד, וואָס דאַרף בעווייזען די פאַלשקייט פון דער פאָרמאַלער לאָגיק, און צווייטענס די פאַקטען פון דער וויסענשאַפט און דעם לעבען, וואָס זאָלען אונז צווינגען צו גלויבען אין דעם אמת פון איהר היפך, — דער דיאַלעקטיק.

מיט דעם ערשטען פון די צוויי וועגען וועלען מיר זיך איצטער בעשעפטיגען.

לאָמיר זיך דערמאָנען, ווי ענגעלס כאַראַקטעריזירט דעם מע־טאַפיזישען טיפּ דענקען. דער מעטאַפיזיקער, זאָגט ער, דענקט אין אונמיטעלבאַרע היפּכים. זיינע רעד בעשטעהען פון „יע־יע", „ניין־ניין"... פאַר איהם עקזיסטירט אַ זאַך, אָדער זי עקזיסטירט נים. פאַר איהם קאָן די זאַך ניט זיין זי גופא און אין דערזעלביגער צייט עפּעס אַן אַנדער זאַך. פּאָזיטיוו און נעגאַטיוו שליסען איינס דאָס אַנדערע אַבסאָלוט אויס".

שוין פריהער, בעת מיר האָבען ציטירט די גאַנצע שטעל, האָבען מיר בעמערקט, אַז יענע כאַראַקטעריסטיק וויל חוזק מאַכען פון די דריי העכסטע געזעצען פון דער לאָגיק.

ליידער האָבען ענגעלס און מאַרקס זיך ערגעץ ניט אַריינגע־לאָזען אין אַ טיעפערען אַנאַליז פון יענע געזעצען, כדי די פאַלשקייט פון זיי ניט נאָר צו אילוסטרירען מיט איינצעלנע ביישפּילען, נאָר אויך צו בעווייזען אויף דעם גרונט פון אַן אַלגעמיינער, פּרינצי־פּיעלער קריטיק. זיי האָבען משמעות, געגלויבט, אַז אַזאַ'ן ארבייט איז שוין אין גאַנצען איבעריג, נאָך דעם ווי העגעל האָט אַזוי פיעל מיה אָנגעווענדעט, זי דורכצופיהרען.

על כל פּנים, בעגעהט זיך ענגעלס מיט דער פראַגע, אַקוראַט ווי זי וואָלט שוין לאַנג־לאַנג געווען אַ פערענטפערטע, און אַ פער־ענטפערטע, פערשטעהט זיך, צו גונסטען פון דער דיאַלעקטיק. און צו דער דיאַלעקטישער לאָגיק שטעלט ער זיך, ווי צו אַ שטה, וואָס איז שוין לאַנג און אומעטום אָנגענומען געוואָרען אין דעם פּילאָ־סאָפישען געדאַנק, אַנטקעגען וועלכער עס קאָן נאָר קעמפען אַזאַ שגעון, ווי דער אָבגעשטאַנענער דיוהרינג.

איך ווייס ניט, צי עס איז נויטיג אָבצושטעלען זיך באריכות אויף דעם בעוויז, אַז אַזאַ שטעלונג צו דעם פּראָבלעם שטימט

א ברעקעל ניט צונויף מיט דערווירקליכער לאגע אין דעם וויסענ־שאַפטליכען און דעם פילאָסאָפישען געדאנק.

אחוץ מארקס, ענגעלס און אַ צוויי־דריי פון זייערע פילאָסאָ־פישע אָנהענגער, גלויבען נאָך איצטער אין דער דיאַלעקטישער לאָגיק די באמת־אָבגעשטאַנענע, פערמאַרינירטע פילאָסאָפען פון דער „פילאָסאָפישער געזעלשאַפט" אין בערלין (אויב זי לעבט נאָך אויף דער וועלט) און אפשר נאָך אזעלכע גאָר ניט קיין פערזענטאַבעלע פיגורען, ווי יוליאוס באהנזען, דער מחבר פון אַ צוויי בענדיגען ווערק: „דער ווידערשפרוך אים וויסען אונד וועזען דער וועלט", וואָס האָט, ווי עס ווייזט אויס, אויך „גערעטעט" און ערגעץ־וואו־היין „אריבערגעטראָגען" די העגעל'שע דיאַלעקטיק.*)

אָנווייזען אויף דעם מאָדערנעם געדאנק האָבען דעריבער די מארקסיסטען אין ד ע ר פראגע נאָך אַ סך ווייניגער רעכט, איידער אין אַלע אַנדערע פראגען, סיידען מען זאָל אונטער דעם „מאָדערנעם געדאנק" פערשטעהן נאָר די ווערק פון קאַרל מארקס און פריעדריך ענגעלס.

אָבער אויך אין דעם פאַל וואָלט דאָס געהייסען אינדירעקט־ערהייד אָבשיקען צו ה ע ג ע ל 'ן. און דעריבער מוזען מיר, אויב מיר ווילען בעקאַנט ווערען מיט דער מארקסיסטישער קריטיק פונ'ם „געזונטען מענשענפערשטאַנד", זיך ווענדען צו איהר ער־שטען קוואַל, צו העגעל'ס „לאָגיק".

מיר ווילען זיך דערביי בענוגענען ניט מעהר, ווי מיט דעם אַנאַליז פון יענע אַרגומענטען, וועלכע העגעל האָט ארויסגערוקט דירעקט אַנטקעגען די דריי העכסטע געזעצען פון דעם פאָרמאַל־לאָגישען דענקען. דערביי ווילען מיר געפינען, אַז העגעל'ס טענות און פלפולים האָבען אַ געוויסען וואָג נאָר אויף דער טעריטאָריע פון דעם העגעל'שען אידעאַליזם. מחוץ לתחום פון העגעל'ס פי־לאָסאָפיע פערלירען זיי יעטוועדען זין, און דער מארקסיזם מאַכט ניט קיין אויסנאַהם אין דעם פונקט; אויף לויט די יסודות פון זיין פילאָסאָפיע פערלירט העגעל'ס אַרגומענטאַציע איהר גאַנצען ווערטה.

*) ווערגען באַהנזענען, זעה האַרטמאַן'ס: „פילאָסאָפישע פראַגען דער געגענוואַרט", דעם קאַפּיטעל: „די רעאַל־דיאַלעקטיק". —

לאָמיר אָנהויבען מיט דער קריטיק פון יענעם ערשטען געזעץ פון דעם לאָגישען דענקען, וואָס רופט זיך דער געזעץ פון אידענטיטעט און וואָס זאָגט, אז יעדע זאך איז אידענטיש מיט זיך אליין, אָדער אז „אַלף איז גלייך אַלף". די גאנצע העגעל'שע קריטיק פון יענעם געזעץ אויף וויפיעל זי פערדיענט אנאליזירט צו ווערען, ציהט זיך צונויף צו צוויי פונדאמענטאלע פונקטען.

ערשטענס ווארפט העגעל ארויף א חשד פון ספק אויף יענעם גלויבען, אז דער דאזיגער געזעץ איז אלגעמיין־גילטיג, ד. ה. א געזעץ פאר יעטוועדען דענקענדען מוח. קיינער, זאָגט ער, קאָן קיין מאָל ניט דערווייזען, אז אלע מענשען זאָלען על פי הכרח מוזען גלויבען אין דעם זאץ פון אידענטיטעט. מען ווייזט אָן אויף די מענשליכע ערפאהרונג. אָבער אין דער אמת'ען בעטייט דאָס נאָר, אז מיר שיקען אָב די פראגע צו דער אינדיווידועלער ערפאהרונג פון יעדעם איינעם און דערביי זעגען מיר זיכער, אז „אויב מען וועט ווענען עס איז זאָגען: „אַלף איז אַלף, א בוים איז א בוים, וועט יעדער תיכף ומיד מסכים זיין מיט דעם". אָבער דאָס הייסט דאָך נאָך ניט, אז „דער עקספערימענט מיט דעם אבסטראקטען זאץ — אַלף גלייך אַלף — זאָל מען האָבען דורכגעמאכט מיט יעטוועדען בעוואוסטזיין". ממילא איז די זיכערקייט, אז דער אידענטיטעט־זאץ איז אלגעמיין־גילטיג, אויפגעבויט ניט מעהר, ווי אויף „דער פערזיכערונג, אז ווען מען וואָלט געמאכט אזא פּרואוו, וואָלט מען אין דעם רעזולטאט בעקומען זיין אלגעמיינע אנערקענונג".*)

העגעל'ס גאנצער ארגומענט איז דאָ אויפגעבויט, לויט אונזער מיינונג, אויף אן אונבעוואוסטען אָדער מיט־א־כיוון'דיגען צונויפפּלאָנטערען פון צוויי ענינים. בעת ער גיט איבער די מיינונגען פון דעם געגנער, רעדט ער וועגען עמפּירישע אינדעטיטעטזאצען, ווי צ. ב. אז א בוים איז א בוים, גאָט איז גאָט. און בעת ער ענטפערט דעם געגנער האָט ער שוין אין זין נאָר די אבסטראקטע פאָרמעל פון אלע יענע זאצען: אַלף גלייך אַלף. עס איז אָבער א גרויסע נפקא מיניה צווישען די צוויי ענינים.

*) העגעל'ס לאָגיק. בד. 2. ז. 34.

אויב מען וואָלט געוואָלט פּרואווען אויף אַלע מענשען דורכ־פיהרען דעם עקספּערימענט מיט דער אבסטראַקטער פאָרמעל פון דעם אידינטעט־זאַץ, וואָלט מען געקאָנט לכתחילה פאָראויס זאָגען, אז ער וועט זיך בשום אופן ניט איינגעבען. צווישען די ווייניג־געבילדעטע אָדער נאָך ניט דערוואַקסענע, וואָס זענען ניט גע־וועהנט צו דעם אבסטראַקטען דענקען, וועלען זיך געוויס געפינען אויך אזוינע, וועמען יענער געזעץ וועט אין גאַנצען מטושטש מאַ־כען, און פון דעסטוועגען וועט קיינער פון זיי קיינמאָל ניט זיין אין ספק, אז א בוים איז א בוים און א שטאָט אין א שטאָט.

שוין לאָקק האָט ריכטיג בעמערקט וועגען דעם זאַץ פון ווידער־שפּרוך, אז קינדער דערוויסען זיך פון דער ערפאהרונג, אז „ביטער איז ניט זיס", א סך פריהער איידער זייער מוח קאָן בענעהמען די אבסטראַקטע פאָרמעל פון דעם ווידערשפרוך־זאַץ, אז „אלף איז ניט־אלף". דער לאָגישער אידענטיטעט־זאַץ: „אלף גלייך אלף" איז דאָך אָבער ניט קיין אנדער זאַך, ווי נאָר די אבסטראַקטע פאָרמעל פאר אַלע עמפּירישע אידענטיטעט זאַצען און פאַלט אין גאַנצען מיט זיי צונויף. און אויב קיינער איז ניט אין ספק, אז א שטאָט איז א שטאָט און דגל., קאָן אויך קיינער ניט חושד זיין דעם אמת פון „אלף גלייך אלף".

געוויס מוז מען מודה זיין, אז אזא מין עקספּערימענט מיט די עמפּירישע אידענטיטעט־זאַצען איז נאָך ניט געמאַכט געוואָרען און קאָן קיין מאָל ניט דורכגעפיהרט ווערען אויף אַלע מענשען. דעריבער בלייבט די אלגעמיינגילטיגקייט פון דעם אידענטיטעט־זאַץ נאָך עד היום ניט מעהר ווי א זעלבסטפערשטענדליכע „פערזי־כערונג."

אָבער אז אזא „פערזיכערונג" איז געבויט אויף א גוטען פונ־דאמענט האָט העגעל געמאָגט איינזעהן שוין פון דעם פאקט אליין, וואָס אלע מענשען, וואָס זענען נאָר ביים קלאָרען פערשטאַנד, ווייזען ארויס א געוויסע פּראַקטישע טעטיגקייט. די פּראַקטיקע אָבער, — און דאָס האָט העגעל אליין, ווי מיר האָבען געזעהן, געמוזט מודה זיין, איז איינגעפונדעוועט אויף די דענק־פאָרמען פון דעם „פערשטאַנד", ד. ה. אויך אויף דעם אידענטיטעט־זאַץ בתוכם.

און בכלל איז די פּראַקטיקע דער בעסטער בעוויז, אַז מיר דענקען לאָגיש און ניט דיאַלעקטיש.

אַ צווייטע טענה העגעל'ס אַנטקעגען דעם זאַץ, וואָס אינטע־רעסירט אונז איצטער, בעשטעהט אין דעם, וואָס ער, דער זאַץ „איז אין זיין פּאָזיטיווען אויסדרוק, אַלף גלייך אַלף, ניט מעהר ווי דער אויסדרוק פון אַ וויסטער טאַוטאָלאָגיע. און דעריבער, זאָגט ער ווייטער, „האָט מען שוין לאַנג ריכטיג בעמערקט, אַז יענער געזעץ פון דענקען האָט ניט קיין ברעקעל אינהאַלט און פיהרט ניט צו ווייטערע רעזולטאַטען."*)

די טענה איז אין זיך גופא זעהר אַ ריכטיגע און דערמאָנען דעם עולם וועגען איהר איז אין העגעל'ס צייטען נאָך געווים ניט געווען קיין איבעריגע זאַך, ווייל, ניט קוקענדיג אויף קאַנט'ס טיעפע און גרינדליכע אויספאָרשונגען אין דער דערקענטניס־טעאָריע, האָט נאָך יעמאָלט ניט אויפגעהערט דער גלויבען, אַז די פאָרמאַלע לאָגיק איז אַ קוואַל פון אונזער דערקענטניס.

אָבער העגעל'ס ריכטיגע טענה ריהרט אַ ברעקעל ניט אָן די ריכטיגקייט פון יענעם לאָגישען געזעץ גופא. אין דער אמת'ען דאַרף מען ניט פערגעסען, אַז די פאָרמעל: „אַלף גלייך אַלף", — ווי אויך אַלע אַנדערע לאָגישע געזעצען בכלל, — קאָן ניט דיענען ווי אַ ו ו ע ג ־ ו ו י י ז ע ר אויף דעם פעלד פון וויסענשאַפטליכער פאָרשונג. זיי זענען אָבער, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקען, אַ ה ת ר א ה ־ א ו י פ ש ר י פ ט. די התראה־אויפשריפט, וואָס שטעהט ביי דער גרעניץ פון יעדער וויסענשאַפט איז מתרה יעדען איינעם, ער זאָל ניט אַריבערטרעטען דעם גבול פון דענקען, ווייל דאָס קאָן זיין אַ סכנה פאַר די רעזולטאַטען פון זיין פאָרשען.

און אַז אַזאַ התראה־אויפשריפט קאָן צייטענווייז זיין זעהר אַ ניצליכע זאַך, — דאָס בעווייזט אונז דערביישפּיעל פון דער דייטשער קלאַסישער פילאָסאָפיע, וואָס האָט געפונען איהר קלאָג־ליכען סוף אויף יענער זייט גרעניץ פון דער פאָרמאַלער לאָגיק. איצטער, אַז מיר ווייסען שוין דעם צרה'דיגען גורל פון דער דייט־שער קלאַסישער פילאָסאָפיע, וואָלט מען צו דער התראה נאָך גע־

*) ד. ג. ז. 46.

קאַנט צושרייבן: „דאָ איז פּעראומגליקט געוואָרען און זיך אראָב־געקאָלערט אין אָבגרונט די טיעפּזיניגסטע פון אַלע פילאָסאָפיען".

העגעל'ס איבעריגע ארגומענטען, וואָס דארפען בעווייזען די פאַלשקייט פון דעם אידענטיטעט־זאַץ זענען אָדער ריינע סאָפיסטיק, ווי צ. ב. ווען ער לעגט פאַנאנדער דעם געדאַנק, אַז דער אידענטיטעט־זאַץ שליעסט אין זיך גופא איין דעם ווידערשפרוך, ווייל אידענ־טיטעט, איינערלייקייט איז דאָך פערשיידען פון פערשיידענקייט, ממילא האָט דאָס אין זיך אין דערזעלביגער צייט אי די איינערליי־קייט, אי די פערשיידענקייט, אָדער זיינע טענות האָבען נאָר א זין אין די גרעניצען פון זיין אייגענער, העגעל'שער פילאָסאָפיע, ווי צ. ב. ווען ער זאָגט, אַז יעדע בעשטימטקייט איז אַן איבערגאַנג צו א גע־גענזאַץ; אָדער זיי בעשטעהן אויס איראָניע און חוזק־מאַכען פון דעם לאָגישען דענקען, וואָס דאָס איז, ווי יעדער סאָוס, גוט נאָר יעמאָלט, ווען ער ווערט סערווירט צו א סאָלידערען מאכל.

לאָמיר דאָ בעמערקען, אַז א גרויסען טייל פון יענע העגעל'שע סאָפיזמען האָט מאַרקס אריבערגענומען אין זיין „קאַפּיטאַל", דערהויפּט אין זיין ווערט־לעהרע, וואו צ. ב. זיין אַנאַליז פון דער פאָרמעל: 20 ארשין לייוועגט גלייך 20 ארשין לייוועגט און די ווידערשפּרוכען, וואָס ער געפינט אין איהר, זעהען זעהר ענהליך אויס צו העגעל'ס אַנאַליז פון דער פאָרמעל: „אַלף גלייך אַלף".

מיר רעכענען פון דעסטוועגען ניט פאַר נויטיג אָבצושטעלען זיך דאָ און קריטיש פאַנאַנדערפּאַלמעסען יענע אַבסטראַקטע דיאַ־לעקטיק פון מאַרקס'עס „קאַפּיטאַל", ווייל מיר זענען אַליין ניט זיכער: האָט מאַרקס באמת געגלויבט אין די אַלע דיאַלעקטישע קונץ־שטיק, אָדער ער האָט פּשוט מיט א כיוון קאָקעטירט מיט העגעל'ס גאַנגען אין בעווייז, ווי ער האָט מיט א כיוון „קאָקעטירט" (זיין אייגענער אויסדרוק) מיט העגעל'ס טערמינאָלאָגיע.

על־כל־פנים, וואָלט אויך אויף דעם ביישפּיעל פון מאַרקס'עס „20 ארשין לייוועגט גלייך 20 ארשין לייוועגט" ניט שווער געווען צו בעווייזען, אַז די דיאַלעקטישע קריטיק פון דעם אידענטיטעט־זאַץ האַלט ניט אויס קיין קריטיק, ווייל זי איז כמעט אין גאַנצען אויפ־געבויט אויף יענעם געדאַנק, אַז שוין די פּשוט'ע פערשיידענקייט

איז אזוי גוט ווי א ווידערשפּרוך, — א געדאַנק וואָס איז גאַנץ ריכטיג, ווען מען שטעלט זיך אויף דעם שטאַנדפּונקט פון העגעל'ס בעגריפס־לעהרע. דער געדאַנק ווערט אָבער מגולגל אין א קלאָרען סאָפיזם, ווי נאָר מען פערלאָזט, אין איינעם מיט מארקסען, העגעלס בליק אויף דעם בעגריף.

די קריטיק פון די צוויי אַנדערע אויבערשטע געזעצען פון דעם לאָגישען דענקען, — דעם זאַץ פון ווידערשפּרוך און פון אויסגעשלאָסענעם דריטען, — איז ביי העגעל'ן אקוראט אזוי שוואַך פונדאמענטירט, ווי זיין קריטיק פון דעם אידענטיטעט־זאַץ. דער רעזולטאַט, צו וועלכען ער קומט, קאָן פאָרמולירט ווערען מיט זיינע אייגענע ווערטער אזוי: „גלייכקייט איז אין דערזעלביגער צייט גלייכקייט און ניט־גלייכקייט; ניט־גלייכקייט — אין דערזעלביגער צייט ניט־גלייכקייט און גלייכקייט“.*)

די פיין צונויפגעפלאָכטענע סאָפיזמען, וואָס מיט זייער הילף האָט העגעל ארויסגעבראכט יענעם רעזולטאַט, זענען אין גאַנצען פנאַנדערגעקניפּעלט געוואָרען פון הארטמאַנען און ווערען צוריקגעפיהרט צו דער פּשוט'ער „ענטדעקונג“, אז יעדער איינער פון יענע בעגריפען איז, ערשטענס, ג ל י י ך צו זיך אליין און דערנאָך א ו נ ט ע ר ש י י ד ע ט ער זיך פון זיין היפּוך. הייסט עס, אז ער איז גלייך און ניט גלייך אין איין־און־דערזעלביגער צייט.

הארטמאַן האָט אָבער ניט בעמערקט, אז העגעל אליין האָט אלע מאָל גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס די „זיך־גופא־פרעמד־געוואָרענע רעפלעקסיע“, ווי ער רופט אָן די פאָרמאלע לאָגיק, קאָן איהם ענטפערען. די „זיך־גופא־פרעמד־געוואָרענע רעפלעקסיע“ מיידט אויס אלע נעצען פון דער העגעל'שער סאָפיסטיק מיט דער פּשוט'ער בעמערקונג, אז יענע בעגריפען „אויף וויפיעל זיי זענען גלייך איינער צו דעם אַנדערען, אויף אזוי פיעל קאָנען זיי ניט זיין ניט גלייך“.**) העגעל ענטפערט אָבער דערויף, אז די אלע קאָמפּראָמיס־פאָרמולען: „אויף וויפיעל — אויף אזוי פיעל“; „פון איין זייט — פון דער אַנדער זייט“ און „נעהמט מען אין אנבעטראַכט“, דארפען ניט אָנשטעהן פאר א טיפען דענקער. עס פערשטעהט זיך, אז ווען מען

*) ד. ג. ז. 42.
**) ד. ג.

וואַרפט זיי אַלע אַראָב פון חשבון, מוזען מיר קומען צו דעם אויס־פיהר, וואָס איז אַזוי וויכטיג פאַר דער דיאַלעקטיק:

„אויב צוויי זאַכען, זאָגט העגעל, זענען ניט אין גאַנצען גלייך איינע צו דער אַנדערער, זענען זיי אין איין־און־דערזעלביגער צייט גלייך און ניט־גלייך. גלייך זענען זיי שוין אין דעם אַליין, וואָס זיי ביידע זענען זאַכען און זענען בכלל צוויי, — יעדע איינע פון זיי איז דאָך אַ זאַך און יעטוועדע שטעלט מיט זיך פאָר איינס, הייסט עס יעטוועדע איז די זעלביגע זאַך, וואָס די אַנדערע, — און ניט גלייך זענען זיי לויט דעם אָננעהם".*)

די מעשה דערפון איז אָבער, — זאָגען מיר צו דעם מאַרקסיזם, — וואָס אַראָבוואַרפען אָט די אַלע „אויף וויפיעל — אויף אַזוי פיעל" פון חשבון האָט אַ רעכט נאָר דער, וואָס שטעהט אין די גרע־ניצען פון העגעל'ס בעגריפס־לעהרע. אויב איינער גלויבט, אין איי־נעם מיט העגעל'ן, אַז „גלייכקייט" און „ניט גלייכקייט" זענען צוויי מאָמענטען פון איין־און־דעמזעלביגען בעגריף: „פערשיידענקייט", — צוויי מאָמענטען, וואָס דאַרפען „אַריינדרינגען איינער אין דעם אַנדערען", כדי זיי זאָלען קאָנען וואוינען אין איין־און־דעמזעלביגען בעגריף, — יעמאָלט, פערשטעהט זיך, האָבען די אַלע „נעהמט־מען־אין־בעטראַכט"ען קיין ברעקעל בעדייט ניט. אָבער פאַרוואָס מאַרקס וויל זיי ניט נעהמען אין בעטראַכט קאָן מען שוין לחלוטין ניט פער־שטעהן. ניט האָט ער דאָס ערגעץ־וואו דערקלערט, ניט קאָן דאָס דערקלערט ווערן פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער מאַרקסיסטישער בעגריפס־לעהרע.

נאָך מאַרקס'ען זענען דאָך די בעגריפען ניט מעהר, ווי אַ מעהר אָדער ווייניגער אַבסטראַקטע קאָפּיע פון די ווירקליכע זאַכען. בתור אַבסטראַקציע איז דער בעגריף נאָר אויף אַזוי פיעל אמת, אויף ווי פיעל ער אַבסטראַהירט פון אַלע אַנדערע אייגענשאַפטען פון די זאַכען און שטרייכעלט אונטער זייער בשותפות'שע סימנים. אַ פאַלאַץ און אַ דאָרף־הייזעל האָבען געוויס אַ סך בשותפות'שע סימנים, לויט וועלכע מען קאָן זיי אַרומ־נעהמען מיט איין בעגריף. אָבער זייער גלייכקייט איז פאָרט אַן

*) ד. ג.

אבסטראקציע, וואָס האָט א ווערטה און אַ קראַפט נאָר א ו י ף אזוי פ י ע ל, א ו י ף ו ו י פ י ע ל מען אבסטראהירט פון זייער פערשיידענקייט. און דער קריטיקער פון דער „אבסטראַקטער גלייכהייט" אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען האָט וועניגער פון ווע־מען עס איז אן אנדערען גערארפט זיך לאָזען פאַנגען אין דעם נעץ פון דער העגעל'שער סאָפיסטיק.

מיר ווייסען שוין, אַז אויף דעם געזעץ פון דעם אויסגעשלאָסע־נעם דריטען לייקענט ענגעלס אָב אין זיין כאראַקטעריסטיק פון דער מעטאַפיזישער דענק־מעטאָדע. „פּאָזיטיוו און נעגאטיוו שליסען איינס דאָס אנדערע אוים!" — איראָניזירט ער אויף זיין חשבון.

און — ווידער אמאָל — עס איז גרינג צו פערשטעהן, פאר־וואָס אַזאַ געדאנק מוז אויסקומען לעבערליך, ווי נאָר מען שטעלט זיך אויף דעם שטאנדפּונקט פון העגעל'ס לאָגיק. „פּאָזיטיוו" און „נעגאטיוו" זענען דאָך, לויט העגעל, קודם כל צוויי מאָמענטען פון איין־און־דעמזעלביגען בעגריף, דארפען זיי „איינער דעם אנדערן דורכדרינגען" וכ"ו. הייסט עס, אַז אויב דער פערשטאנד נעהמט פאנאנדער די צוויי מאָמענטען, בעווייזט ער דערמיט (אזוי מיינט העגעל), אַז ער איז ניט בכוח אריינצונעהמען אין זיך דעם „ספּעקו־ליאטיווען" זין פון דעם בעגריף.

אָבער יענס איז דאָך העגעל און דאָס איז נאָר מארקס. וואָס דער א י ד ע א ל י ס ט העגעל מעג, טארען ניט טהאָן די מ א ־ ט ע ר י א ל י ס ט ע ן מארקס און ענגעלס. זיי טהוען דאָס אָבער. העגעל'ס קריטיק פון דעם דריטען לאָגישען געזעץ געפינט ענגעלס פאר בעזונדערס וויכטיג; דער עיקר איז ער מסכים מיט דער קרי־טיק פון יענער „פלאַטשיגקייט" פון אונזער פערשטאנד, וואָס אַ דאנק איהר בעטראַכטען מיר דאָס פּאָזיטיווע און דאָס נעגאטיווע ווי צוויי פערשיידענע, נאָך מעהר, ווי צוויי אנטגעגען־לויפענדע ריכטונ־גען פון איין־און־דערזעלביגער ערשיינונג. *)

לאָמיר דעריבער זעהן, ווי העגעל קריטיקירט די דאָזיגע „פלאַטשיגקייט".

---

*) זעה אַנטי־דיוהרינג. ז. 122. די גאַנצע שטעל ברענגען מיר אין דעם נעקסטען קאַפּיטעל.

„אַ שעה וועג אין דער ריכטונג צו מזרח און אַקוראַט אַזוי פיל שעה אין דער אומגעקעהרטען ריכטונג צו מערב זענען מבטל דעם ערשטען וועג", אַקוראַט ווי מינוס אלף און פּליוס אלף זענען גלייך נול. אָבער דאָס איז נאָר על פּי דעם פערשטאַנד. על פּי דעם העכע־רען שכל, וואָס טראַכט דיאַלעקטיש, קומט דאָס אויס אַנדערש. „דער וועג", זאָגט העגעל, „וואָס איז דורכגעגאַנגען געוואָרען אין דער ריכ־טונג צו מזרח און צוריק צו מערב, שטעלט מיט זיך פאַר אַ סומע פון צוויי פעריאָדען צייט". ובכן זענען די צוויי וועגען ניט גלייך נול, נאָר שטעלען מיט זיך פאַר צוויי „שעה" וועג, אַקוראַט אַזוי, ווי, לויט דער דיאַלעקטיק, זענען אויך פּליוס אלף און מינוס אלף ניט נול; זייער רעזולטאַט איז גלייך צו צוויי אלף'ן. *)

אָט דאָס איז אין קורצען דער גרונד־געדאַנק העגעל'ס, און דער בעסטער ענטפער אויף איהם איז — לאָזען איהם שפּינען ווייטער אויף דעם זעלביגען שטייגער. אין דער אמת'ען! פאַר וואָס זאָל מען זיך עפּעס בענוגענען ניט מעהר ווי מיט איין נעגאַציע פון דעם דורכגעגאַנגענעם וועג? פאַר וואָס ניט דורכמאַכען די זעלביגע פּראָ־צעדור אַ טויזענד מאָל נאָכאַנאַנד אהין און צוריק? אַ דיאַלעקטי־קער, וואָס וואָלט וועלען אויף דעם אופן מאַכען אַ רייזע דיאַלעקטיש, וואָלט, אמת, באַלד פון די כוחות אויסגעגאַנגען און וואָלט קיין איין שריט ווייטער ניט געמאַכט. דערפאַר וואָלט ער אָבער געקאָנט זיך טרייסטען מיט דעם, אַז ער בעקומט אין רעזולטאַט אַלץ גרעסערע און גרעסערע „סומען צייט". אַי וואָס: די ריכטונג? מעג דאָך דער דיאַלעקטיקער אין גאַנצען ניט טראַכטען וועגען אַזאַ מין זאַך ווי ריכטונג, און בעת מען רעדט וועגען אַ מהלך וועג פון איין פּונקט ביז צו אַן אַנדערן אין איין בעשטימטער ריכטונג, איז דאָך איהם ניט פערוועהרט מגלגל צו זיין די פראַגע פון רוים אין אַ פראַגע פון צייט און טראַכטען נאָר וועגען יענעם פּאָזיטיווען סכום צייט, וואָס מען קאָן ארויסשלאָגען, בעת מען „נעגירט" און מען נעגירט ווידער צוריק איין־און־דעמזעלביגען וועג...

ניט ווילענדיג ווערט מען דערביי דערמאָנט אָן אַ פּאָר קלוגע ווערטער פון ענגעלס'ן, וואָס ער האָט, לײדער, געזאָגט ביי אַ ווניגער

*) העגעל'ס לאָגיק. בד. ז. ז. 54—53.

פּאַסענדער געלעגענהייט: „ביי דער נעגאַציע פון דער נעגאַציע וואָס זאָל בעשטעהן אין דער קינדערשער בעשעפטיגונג, כסדר צו שטעלען דעם אלף און אויסצומעקען איהם, קאָן קיין אַנדער זאַך ניט אַרויסקומען, ווי נאָר די טפּשות פון דעם וואָס פערנעהמט זיך מיט אַזאַ נודנער פּראָצעדור".*)

אויף דעם זעלביגען שניט זענען אויפגעבויט כמעט אַלע אַר־גומענטען העגעל'ס אַנטקעגען דעם געזעץ פון דעם אויסגעשלאָסענעם דריטען. זיי האָבען נאָר איין איינציגען ווערט: זיי בעווייזען, אַז אין יעדער ערשיינונג זיינען דאָ אַ סך זייטען, וועלכע קאָנען ניט אַרומגענומען ווערען מיט אַ מאָל פון דעם אַבסטראַקטען דענקען און בעגרייפען, און אַז בעת דער מאַטעמאַטיקער זאָגט, צ. ב., אַז דער נעגירטער וועג איז גלייך נול, אַז דער וואָס דאַרף געהן צוואַנציג מייל און איז אָבגעגאַנגען הין און צוריק צו פינף מייל, איז דער סכום וועג, וואָס ער האָט געמאַכט גלייך נול, ווייל איהם שטעהען נאָך פאָר די גאַנצע צוואַנציג מייל, הייסט דאָס ניט, אַז אַלע פּראָ־צעסען וואָס זענען דערביי פאָרגעקומען זענען גלייך נול. עס זענען דערביי געווען געוויסע אָנשטרענגונגען. געוויסע סומען פון צייט האָבען זיך „צו'געדויערט" צו דעם אייביגען וועלט־דויער, — צו רע־דען אין בערגסאָן'ס לשון, — און אין דעם לעבען פון דעם רייזענ־דען האָט דער הין־און־הער־גאַנג איינגעקריצט שפּורען, אויף אייביג ניט אויסצומעקען.

דאָס אַלץ איז זעהר ריכטיג. אָבער דאָס אַלץ האָט קיין ברעקעל שייכות ניט צו דער לאָגישער פראַגע. זי, די לאָגיק, אָדער אין אונזער פאַל די מאַטעמאַטיק, וואָס איז געבויט אויף דער לאָגיק, וויל לכתחילה זיין אַבסטראַקט, אַרויסשעהלען נאָר איין ענין פון די אַלע ענינים, מיט וועלכע ער איז אין דערווירקליכקייט צונויפ־געבונדען, כדי אויסצושטודירען ז י י ן טבע און ז י י ן ראָליע אין דעם אַלגעמיינעם רעזולטאַט. העגעל מעג ניט האַלטען דער־פון, ווייל ער גלויבט, אַז דער בעגריף איז בטבע ניט קיין אַב־סטראַקציע פון רעעלע ערשיינונגען, נאָר דער מעטאַפיזישער קערענ־דעל, פון וועלכען עס שפּראָצען אַרויס אַלע רעעלע ערשיינונגען

*) אַנטי־דיוהרינג. 145.

מיט אַ מאָל. מאַרקס האָט זיך אָבער אוועקגעשטעלט אויף דעם
יסוד פון דער מאַטעריאַליסטישער דערקענטניס־טעאָריע, וואָס זעהט
אין דעם בעגריף נאָר אַן אַבסטראַקציע פון ווירקליכע פּאַסירונגען
און פּראָצעסען, און ממילא איז ער מחויב צו האַלטען זיך פאַר דעם
כלל־גדול אויך בנוגע צו דעם געזעץ פון דעם אויסגעשלאָסענעם
דריטען. אויך ער מ ו ז גלויבען, אַז די נעגאַטיווע ריכטונג איז
אין גאַנצען מבטל די פּאָזיטיווע ריכטונג, אויב ביידע זענען פון
דערזעלביגער גרויס, ד. ה., אַז מען מוז אָהן אַ ברעקעל איראָניע
איבער׳חזר׳ן מיט דעם „מעטאַפיזיקער“: „פּאָזיטיוו און נעגאַטיוו
שליעסען איינס דאָס אַנדערע אויס“.

צו אַן עהנליכען רעזולטאַט קומען מיר, ווען מיר טראַכטען זיך
אריין אין העגעל׳ס קריטיק פון דעם ווידערשפּרוך־געזעץ.

דעם גאַנצען כוח פון זיין אויסערגעוועהנליכען פּלפּול האָט
העגעל אָנגעווענדעט צו דערווייזען, אַז דער ווידערשפּרוך איז דער
אינוועניגסטער אמת פון אַלץ וואָס איז דאָ אויף דער וועלט. בעת
דער העכערער מענשליכער שכל, וואָס איז אַ שפּיעגעל פון דעם
וועלט־שכל, טראַכט דעם בעגריף: „תוך“ („וועזען“), אַזוי וויק־
לען זיך פון איהם אַרויס איינצעלנע בעגריפען, ווי „איינערלייקייט“,
„פערשיידענקייט“, „היפך“. די אַלע בעגריפען זענען נאָך נאָר די
ערשטע, ניעדעריגערע פאַזען פון זיין פאַנאַנדערוויקלען זיך. זיי
געהערן נאָך צו די „בעשטימונגען פון דער רעפלעקסיע“. די דאָ־
זיגע בעשטימונגען בלייבען אָבער ניט שטעהן אויף איין אָרט. די
אינוועניגסטע דיאַלעקטיק טרייבט זיי צו אַ ווייטערדיגער ענטוויק־
לונג און סוף־סוף געהען זיי אַליין איבער אין דער „אַ ב ס אָ ל ו ־
ט ע ר“, דער גאָר אמת׳ער בעשטימונג, אין דעם בעגריף „ווידער־
שפּרוך“ וועמעס געזעץ העגעל פאָרמולירט אַזוי: „אַלע זאַכען ווי־
דערשפּרעכען זיך אַליין“.

עס איז קלאָר, אַז וויבאַלד מען האַלט מיט העגעל׳ן, אַז אַלץ,
וואָס איז אמת אין בעגריף, מוז זיין אמת אין דער ווירקליכקייט,
און וויבאַלד מען איז מסכים מיט איהם, אַז דער ווידערשפּרוך איז
אַ נויטווענדיגער (דער נויטווענדיגסטער!) מאָמענט אין דעם בע־
גריף: „תוך“, איז יעמאָלט ממילא געדרונגען, אַז דער ווידער־

שפּרוך מוז זיין אַ נויטווענדיגסטער עלעמענט אין דעם תוך פון יע־
דערווירקליכקייט.

דעריבער האָט העגעל גאַנץ געוויס געהאַט דאָס רעכט צו זאָ־
גען: „איינער פון די גרינדליכסטע אבער־גלויבענס פון דער גאַנצער
לאָגיק, וואָס האָט געהערשט ביז אַהער, ווי אויך פון דער געוועהנלי־
כער פאָרשטעלונג, בעשטעהט אין יענער איבערצייגונג, אַז דער ווי־
דערשפּרוך שטעלט ניט פאָר מיט זיך אויך אַזאַ תוך׳האַפטע און
אימממאַנענטע בעשטימונג, ווי די איינערלייקיים... מען פערזיכערט,
אַז עס קאָן ניט זיין קיין זאַך, וואָס זאָל ווידערשפּרעכען זיך גופא".
פון דעסטוועגען, מיינט העגעל, „וואָס איז שייך צו דער פערזיכערונג,
אַז אין דער נאַטור איז קיין אינוועניגסטער ווידערשפּרוך כלומר׳שט
ניטאָ, דאַרפען מיר פון אַלערליי איינשמועסונגען ניט מבולבל ווע־
רען: אַן אַבסאָליוטע בעשטימונג מוז על
פּי חיוב זיך געפינען אין איטליכער
ערפאַהרונג, אין יעטוועדער ווירקליכ־
קייט, ווי אויך אין יעדען בעגריף".*)

פון די ווערטער געהט אַרויס קלאָר ווי דער טאָג, אַז העגעל
לייקענט אָב דעם געזעץ פון ווידערשפּרוך אויף דעם סמך פון
אַזעלכע אַרגומענטען, וואָס קאָנען האָבען אַ וועלכע עס איז קראַפט
נאָר אין די גרעניצען פון זיין אייגענער פילאָסאָפיע. אויב דער
ווידערשפּרוך איז באמת אַן „אַבסאָלוטע בעשטימונג" פון דעם „תוך"
פון די זאַכען און אויב אַלץ, וואָס געפינט זיך אין דעם בעגריף:
„תוך", מוז זיך געפינען אין איטליכער ווירקליכקייט און אין איט־
ליכער ערפאַהרונג, איז יעמאָלט, פערשטעהט זיך, זיכער, אַז יעדע
זאַך מוז האָבען איהר ווידערשפּרוך אין זיך גופא.

אָבער — אַלץ דיזעלביגע שאלה! מאַרקס שטעהט דאָך ניט
אויף דעם שטאַנדפּונקט פון העגעל. די בעגריפען האָבען פאַר איהם
שוין אויפגעהערט צו זיין „אַבסאָליוטע תוך־בעשטימונגען", זיי זע־
נען דאָך ניט מעהר ווי אַבסטראַקציעס פון איינצעלנע ערשיינונגען,
ווי אַזוי קאָן ער אַ־פּריאָרי דערווייזען, אַז דער אינוועניגסטער ווי־
דערשפּרוך מוז עקזיסטירען אין דער וועלט?

---

*) לאָגיק, בד. 2. ז. 68.

על־כל־פּנים איז קלאָר, אַז העגעל׳ס אַ־פּריאָרישע חשבונות, פאַר וואָס דער ווידערשפּרוך מוז זיין אימאַנענט אין דעם תוך פון יע־דער זאַך, קאָנען ניט זיין קיין טעם־מספּיק פאַר אַ מאַטעריאַליסט פון מאַרקס׳ חדר. פאַר די תלמידים פון דעם דיאַלעקטישען מאַטעריאַ־ליזם איז ניטאָ קיין אַנדער וועג, ווי צו בעווייזען אויף דעם סמך פון דער ערפאַהרונג גופא, אַז די ווידערשפּרוכען קומען ווירקליך פאַר אין אַלע רעאַלע ערשיינונגען.

ווי עס איז בעקאַנט האָט ענגעלס אין זיין פּאָלעמיק אַנטקעגען דיוהרינגען אַ פּרוב געטהאָן צו ברענגען אַזאַ בעווייז פון דער ווירקליכקייט. מיר וועלען זיך דעריבער מוזען באריכות אָבשטעלען אויף דעם אַנאַליז פון יענע רעאַלע פאַקטען, וועלכע ענגעלס ברענגט, זיי זאָלען עדות זאָגען אויף דעם אמת פון דעם דיאַלעקטישען דענקען. דאָס וועלען מיר טהאָן אין דעם נעקסטען קאַפּיטעל, דעם לעצטען פון אונזער היינטיגער אַרבייט.

דערווייל דאַרפען מיר אָבער אַ ריהר טהאָן, לכל הפּחות אין קורצע שטריכען, אויף די פראַגע וועגען אורזאַך און ווירקונג, וואָס איז זינט לייבניץ׳ען פאַר אַ סך דענקער געוואָרען אַ פערטער גרונד־געזעץ פון דער פאָרמאַלער לאָגיק, אונטער דעם נאָמען: „דער געזעץ פון דעם גענוגיגען גרונד“, פון דעם טעם־מספּיק. מיר טהוען דאָס, ווייל ענגעלס רוקט אַרויס אויך דעם געזעץ, ווי איינעם פון די פּונקטען, אין וועלכע דער דיאַלעקטיקער געהט זיך פאַנאַנדער מיט דעם „מעטאַפיזיקער“.

עס פערשטעהט זיך, אַז מיר וועלען ביי דעם אַנאַליז אין גאַנצען לאָזען אָן אַ זייט די דערקענטניס־טהעאָרעטישע און מעטאַפיזישע עלעמענטען פון דעם פּראָבלעם און מיר וועלען זיך בעגרעניצען נאָר מיט איהר ריין פאָרמאַל־לאָגישער זייט.

„קוקט מען זיך צו נעהנטער“, זאָגט ענגעלס, „געפינען מיר, אַז אורזאַך און ווירקונג ביימען כסדר זייערע ערטער“ און „דאָס, וואָס איז דאָ אָדער איצטער געוועזן אַ ווירקונג, וועט ווערען דאָרטען אָדער יעמאָלט אַן אורזאַך און אומגעקעהרט.“*)

אויף דעם ערשטען בליק קאָן מען מיינען, אַז אין תוך אַריין

*) אַנטי־דיוהרינג, ז. 8.

ווײל ענגעלס ניט מעהר ווי אַרויסברענגען יענעם כמעט אומעטום ריכטיגען געדאַנק, אַז עס קאָן ניט זײן אין דער נאַטור, דער געשיכטע און דער טעכניק אַזעלכע ערשײנונגען, וואָס זאָלען אומעטום און בײ אַלע אומשטענדען שפּיעלען נאָר די ראָליע פון אורזאַכען, אָדער נאָר די ראָליע פון ווירקונגען.

נאָך מעהר, עס קאָן אײנעם אויסדוכטען, אַז ענגעלס' פערזיכערונג געהט גאָר להיפּך צו דער דיאַלעקטיק, ווײל מען קאָן פון איהר אַרויסדרינגען, אַז דאָס וואָס איז דאָ אָדער איצטער אַ ווירקונג, קאָן ניט זײן דאָ אָדער איצטער אַן אורזאַך, און דאָס, וואָס איז דאָרטען אָדער יעמאָלט געווען אַן אורזאַך, האָט ניט געקאָנט זײן דאָרטען אָדער יעמאָלט אַ ווירקונג. דער אויסטײטש געהט ניט אויף דעם ערשטען בליק להיפּך צו ענגעלס' גרונד־געדאַנק וועגען אורזאַך און ווירקונג און ממילא מוז ער אַלײן אויך צוגעבען, אַז פאַר יעדער געגעבענער צײט און פאַר יעדען געגעבענעם אָרט שליעסען אורזאַך און ווירקונג לגמרי אײנע די אַנדערע אויס. און דאָס איז דאָך אַלץ, וואָס די פאָרמאַלע לאָגיק קאָן פאָדערען פון אונז.

עס איז אָבער קלאָר, אַז אויף אַזאַ מין אַרומנעהמען דעם ענין קאָן דער דיאַלעקטיקער בשום אופן ניט מסכים זײן. ער, וואָס לײקענט לגמרי אָב דעם געזעץ פון דעם אויסגעשלאָסענעם דריטען, מיט זײן פאָרמעל: „אָדער — אָדער", קאָן ניט צוגעבען, אַז יעדע געגעבענע ערשײנונג זאָל אין יעדער געגעבענער צײט זײן א ד ע ר אַן אורזאַך, א ד ע ר אַ ווירקונג. און עס איז גאָר קײן ספק ניט, אַז ענגעלס איז אויך אין דעם פונקט זיך ניט פערנאַנדערגעגאַנגען מיט די „דיאַלעקטיקער", ווען אפילו זײן געדאַנק איז ניט אַרויסגעזאָגט געוואָרען מיט דער געהעריגער פּינקטליכקײט.

אָט פאַר וואָס עס וועט ניט שאַטען, ווען מיר ווילען קלאָרער מאַכען די ריכטיגקײט פון דער פאָרמאַלער לאָגיק אויך אין דעם פונקט.

איך שיס אַרויס אַ קויל און זי לעכערט דורך אַ ברעט. די לאָך אין ברעט איז די ווירקונג, דאָס דורכפליהען פון דער קויל איהר אורזאַך. וואָלטען אַלע ערשײנונגען פון אורזאַך און ווירקונג געווען אַזוי אײנפאַך, ווי דער נאָר וואָס געבראַכטער פאַל, וואָלטען

מיר זיך געקאָנט בענוגענען מיט איהם און מכבד זיין דעם דיאַ־לעקטיקער מיט דער אויפגאַבע, ער זאָל אונז בעווייזען, ווען און וואו די ווירקונג — די לאָך אין ברעט — קאָן ווידער ווערען צו אַן א ו ר ז א ך פאַר אַ נייעם דורכפליהען פון אַ קויל.

אָבער אַזוי איינפאַך ווי אין אונזער ביישפּיעל איז לײדער קיינמאָל ניט די שייכות צווישען אורזאַך און ווירקונג אין דעם גרויסען פּלאָנטער פון דעם וועלט־געשעהן. פון דעסטוועגען ווי פער־קניפּעלט דער דאָזיגער פּלאָנטער זאָל ניט זיין, קאָן מען ארויס־שטעלען דעם כלל־גדול, אז דאָס וואָס איז „איצטער אָדער דאָ" אַן אורזאַך קאָן אין תוך אריין בשום אופן ניט ווערען אַ ווירקונג, אויב מען זאָל אונטער דעם וואָרט: „דאָס" אַלע מאָל פערשטעהן א י י ן בעשטימטע ערשיינונג, אין איין בעשטימטען מאָמענט צייט, אין איין בעשטימטער שייכות.

אין אַ געוויסער בעשטימטער שייכות איז אַ פאָטער די אור־זאַך פון זיין זוהן, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס ער אַליין האָט ניט אויפגעהערט צו זיין דער זוהן פון זיין פאָטער. ווי אַן אורזאַך פון זיין זוהן וועט ער אין דערזעלביגער שייכות קיין מאָל ניט קאָנען ווערען זיין ווירקונג, ווען אפילו יענער קאָן אין זיין צייט ווערען אַ פאָטער. יעדער איינער פון זיי איז, על פּי דעם וואָרט, אין איין־און־דערזעלביגער צייט סיי אַ פאָטער, סיי אַ זוהן. אָבער זאָגען, אַז ביי זיי פאַלען צונויף אין איינעם די בעגריפען אור־זאַך און ווירקונג קאָן נאָר יענער, וואָס וואַרפט אין גאַנצען אַראָב פון חשבון די „פון איין זייט — פון דער אַנדער זייט", „גענומען אין בעטראַכט" און די „אויף וויפיעל — אויף אַזויפיעל", וואָס זענען אַזוי פערהאַסט געוועזן ביי העגעל'ן.

געוויס קאָן ענגעלס ניט זיין אַזוי נאַאיוו, ער זאָל לאָזען דעם זיידען נאָך אַ מאָל געבוירען ווערען פון דעם אייגענעם אייניקעל. אָבער מיר האָבען קיין ברעקעל גרונד ניט צו זיין זיכער, אַז ביי אַנדערע ערשיינונגען, וועמעס געגענזייטיגע שייכות'ען עם ליגען ניט אַזוי קלאָר אויף דער האַנד, וואָלט אפשר ענגעלס ארויסגעפונען, אַז „ווען מען קוקט זיך צו נעהנטער צו דער זאַך", פאַלען אורזאַך און ווירקונג אין איין און דערזעלביגער שייכות צונויף. גלויבט ער דאָך אין דער איגוועניגסטער קרובה'שאַפט פון פאָזיטיוו און

נעגאַטיוו, איז ער דאָך זיכער אין דעם, אַז יעדע זאַך קאָן אין איין און דערזעלביגער צייט יע־עקזיסטירען און ניט־עקזיסטירען, זאָגט ער דאָך אונז, אַז אורזאַך און ווירקונג געפינען זיך ניט אין אַן אבסאָלוטען לאָגישען היפּך איינע צו דער אַנדערער! עס קאָן דע־ריבער זיין, אַז אונזער ביישפּיעל מיט זיידע און אייניקעל וועט זיין פאַר דעם דיאַלעקטיקער ניט קיין שטאַרקערער אַרגומענט איידער דער ביישפּיעל פון קויל און ברעט. מען מוז מחמת דעם זיך אַ ביסעל טיעפער אריינלאָזען אין דעם ענין און זעהן, צו וועלכע רע־זולטאַטען מען קומט, ווען מען קוקט זיך באמת צו אַ ביסעל נעהענ־טער צו דער זאַך.

לאָמיר צוליעב דעם זיך שטעלען אויף אַ שטאַנדפּונקט, וואָס איז זעהר נאָהענט צו די אַנשויאונגען פון דעם דיאַלעקטישען מאַ־טעריאַליזם גופא און לאָמיר בעטראַכטען יעדע זאַך אין דער וועלט, ווי אַ צייטווייליגען קאָמפּלעקס פון געוויסע „קרעפטען“, אָדער ריכטיגער ווי אַ קאָמפּלעקס פון פּיעלע, פערשיידענע אַרטען ב ע־ו ו ע ג ו נ ג ע ן, וואָס האָבען זיך אויף אַ צייט אויסגעבאַלאַנסירט אין איהר און האַלטען זיך אויף אין אַ לפי־ערך׳דיגען גלייכגעוויכט, פון וועלכען זי וועט ווידער אַרויסגעפיהרט ווערן דורך די קראַפט פון דער אַלגעמיין־וועלטליכער בעוועגונג.

דערביי איז וויכטיג צו געדענקען, אַז די פערשיידענע אַרטען בעוועגונג, פון וועלכע די „זאַך“ בעשטעהט, נעהמען אַן אַנטייל אין איהר ניט אין אַ גלייכען סכום, נאָר אין אַ געוויסער אינוועניגסטער פּראָפּאָרציע, וואָס איז פערשיידען פאַר די פערשיידענע זאַכען.

איך רעכען, אַז אויך דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליסט וועט גאָר נישט האָבען אַנטגעגען דעם דאָזיגען געדאַנק, אויב ער איז נאָר ניט בדעה צו געהן להיפּך צו די דאַטען פון דער פּיזיקאַלישער כע־מיע, וואָס זוכט אויסצופאָרשען, וועלכע פערשיידענע אַרטען בעווע־גונג נעהמען אַן אַנטייל אין דער בעשאַפונג פון דער „זאַך“ און אין אַ וועלכער אינוועניגסטער שיכות געפינען זיי זיך אין איהר. ביי איין זאַך צ. ב. איז יענע אינוועניגסטע שיכות אַזאַ, אַז עס איז גע־נוג אַרויסצורופען אַ קלייניגקען שינוי אין יענער אַרט בעוועגונג, וואָס מען רופט וואַרעמקייט, כדי אין דער זאַך זאָל אין גאַנצען צו־שטערט ווערן דאָס גלייכגעוויכט. צו אַנדערע קאָן מען צופיהרען

בעדייטענדע סכום'ען פון וואַרעמקייט און דאָס גלייכגעוויכט ווערט ניט אָנגעריהרט (וועניגסטענס זעהט זיך דאָס ניט אָן).

און דאָס אייגענע, וואָס מיט דער וואַרעמקייט, איז אויך מיט יעדער אנדער אַרט בעוועגונג. לאָמיר דאָ דערמאָנען, לאָז זיין, נאָר יענע ווירקונג, וואָס אַ קליינער שאַרפער געגענשטאַנד קאָן ארויסרו־פען אין אַ כלי פון לאַבילען גלאָז, אין אַן אַזוי אָנגערופענעם „באָלאָ־ניער פלעשעל“. עס איז גענוג אַריינוואַרפען אין אַזא פלעשעל אַ קליין שפּיציג שטיינדעל און עס לייכט אַ טרייסעל טהאָן, כדי אין גאַנצען צו צושטערען דעם מאָלעקולאַרען גלייכגעוויכט פון דער כלי, כדי אין גאַנצען איבערצובייטען אין איהם דעם צושטאַנד פון יענער אַרט בעוועגונג, וואָס רופט זיך בעהעפטונגס־קראַפט: דאָס פלע־שעל פליהט זיך פאַנאַנדער אין פּיצלעך.

אויף דעם ביישפּיעל וועלען מיר אַ פּרואוו טהאָן קלאָר מאַכען די ל אָ ג י ש ע שיכות פון אורזאַך און ווירקונג. וואָס איז דאָ געווען די אורזאַך, וואָס — ווירקונג?

אין דער בעשריבענער ערשיינונג האָבען זיך משתתף געווען דריי „זאַכען“: די האַנד, דאָס שטיינדעל, די כלי. זיי אַלע זענען אַריינגעריסען געוואָרען אין אַ בעוועגונג פון איין און דערזעלביגער אַרט. און פון דעסטוועגען איז דער רעזולטאַט פון דער בעוועגונג געווען פערשיידען פאַר יעדען פון זיי. בעת האַנד און שטיינדעל זענען ניט ארויסגעפיהרט געוואָרען פון זייער מ אָ ל ע ק ו ל אַ ־ ר ע ן גלייכגעוויכט, ד. ה. פון יענער צווישען־שיכות, אין וועלכער עס האָבען זיך ביי זיי אויסגעבאַלאַנסירט די פערשיידענע קרעפ־טען, — איז דאָס פלעשעל צופאַלען אין שטיקער. הייסט עס, אַז דער בולט'ער רעזולטאַט פון דער בעוועגונג איז געווען דער איבער־געאַנדערשטער גלייכגעוויכט פון איין „זאַך“, פון דער כלי. דער נאָהענטסטער אורזאַך פון דעם רעזולטאַט איז געווען די בעוועגונג פון דעם שפּיציגען שטיינדעל, וואָס האָט זיין גלייכגעוויכט ניט פערלאָרען; אַ ווייטערע אורזאַך איז געלעגען אין דער בעוועגונג פון דער האַנד, און דערביי איז דער גאַנצער ארויסגעקומענער עפעקט געווען בעדינגט דורך יענע בעשטימטע צווישען שיכות'ען, אין וועלכע עס האָבען זיך אויסגעבאַלאַנסירט די קרעפטען, וואָס פון זיי זענען בעשטאַנען האַנד, שטיינדעל און כלי.

די ערשיינונג אין איהר טאָטאַליטעט איז גאַנץ געוויס ניט מעהר ווי איין רינגעלע אין די אָהן־צאָהליגע רינגעלעך, פון וועלכע עס בעשטעהט דער אונענדליכער וועלט־פּראָצעס. אָבער אויב מיר זאָלען זי אויסשניידען פון דער גאַנצער נעץ וועלט־ערשיינונגען, כדי זי בעסער צו אַנאַליזירען און אויב מיר וועלען אָבשטעלען אונ־זער אויפמערקזאַמקייט אויף דעם ל ע צ ט ע ן רעזולטאַט און דער נאָהענטער אורזאַך, איז גאַנץ לייכט איינצוזעהן, אַז אורזאַך און ווירקונג שליסען דאָ לגמרי איינע די אַנדערע אויס, ד. ה., אַז אין איין־און־דערזעלביגער צייט און אין איין־און־דעמזעלביגען אָרט קאָנען זיי ניט פערביטען ווערן איינע אויף דער אַנדערער. די פערענדערונג אין דעם צושטאַנד פון איין „זאַך" איז געווען די װ י ר ק ו נ ג, די בעוועגונג פון דער ניט־פערענדערטער זאַך איז געווען די א ו ר ז א ך דערפון.

געוויס ווייסען מיר, אַז ווען צוויי זאַכען שטויסען זיך צונויף, קומען דאָס רוב די פערענדערונגען פאָר ניט אין איינער פון זיי, נאָר אין ביידע מיט אַמאָל; אין ביידע ליידען דורך אַ פערענדערונג איין אָדער מעהרערע קרעפטען, פון וועלכע די „זאַכען" בעשטעהען. אָבער דער לאָגישער פּועל־יוצא ווערט דערפון ניט קיין אַנדערער.

פון אַלע מעגליכע קאָמבינאַציעס, וואָס קאָנען דאָ פאָרקומען און קומען באמת פאָר אין דעם לעבען פון דער וועלט, נעהמען מיר ארויס נאָר צוויי פעלען, וואָס צו זיי קאָנען, לויט אונזער מיינונג, צוגעפיהרט ווערן אַלע אַנדערע.

דער ערשטער פאַל שפּיעלט זיך אָב יעמאָלט, ווען די פערענ־דערונגען קומען פאָר אין ביידע „זאַכען" צו דערזעלביגער צייט. צו דעם טיפ קאָן מען צופיהרען כמעט אַלע ערשיינונגען פון דער ניט־אָרגאַנישער נאַטור. דאָ ווירקט דער קרעפטען־קאָמפּלעקס פון איין זאַך אויף דעם קרעפטען־קאָמפּלעקס פון דער אַנדער זאַך. דער ערשטער קרעפטען־קאָמפּלעקס איז די אורזאַך פון דער פערענדערונג, וואָס קומט פאָר אין דעם צווייטען, און דער צווייטער קרעפטען־קאָמפּלעקס איז די אורזאַך פון יענער פער־ענדערונג, וואָס איז ארויסגעקומען אין דעם ערשטען. די פּשוט'סטע ערשיינונג פון דער אַרט, איז — ווען מיר רייבען אַ שטיין אָן אַ שטיין פון גלייבער הארטקייט. די פערענדערונג אין דער דרויסען־

פאָרם פון איין שטיין איז א פועל־יוצא פון דעם קרעפטען־קאָמפּ־
לעקס, וואָס אין דעם אַנדערן שטיין, און אומגעקעהרט. הייסט עס,
אַז אויך דאָ געהט די אורזאַך ניט איבער אין דער ווירקונג און די
ווירקונג ווערט נים קיין אורזאַך.

מיט דעם צווייטען פאַל האָבען מיר צו טהאָן אומעטום, וואו
צוויי „זאַכען" שטויסען זיך צונויף אויף אַזאַ'ן אַרט, אַז די ערשטע
רופט אַרויס אַן ענדערונג אין דער צווייטער און באַלד אויפ'ן שטעל
טהוט זי אַליין אונטערפאַלען אונטער דער ווירקונג פון יענער ענ־
דערונג, וועלכע זי האָט אַרויסגערופען. דאָס איז די עפּטערע
פאָרם פון יענער שותפות־ווירקונג, מיט וועלכער מיר בעגעגנען זיך
אין דעם סאָציאַלען לעבען און אין דער מענשליכער געשיכטע.
א געוויסער צושטאַנד פון פּראָדוקטיוו־קרעפטען, צ. ב., האָט אַרויס־
גערופען, לויט מאַרקס'ען, א געוויסע ענדערונג אין דעם גייסטיגען
צושטאַנד פון דער מענשהייט, וואָס האָט געפיהרט צו א גרעסערער
התמדה אין דער וויסענשאַפט פון מעכאַניק. אָט די פערשטאַרקטע
בעשעפטיגונג מיט מעכאַנישע פּראָבלעמען האָט פון איהר זייט גע־
פיהרט צו נייע ערפינדונגען, וואָס האָבען ווידער־א־מאָל א הויב
געטהאָן די ענטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען.

בלייבט מען בלויז ביי דעם אַבסטראַקטען אויסדרוק, איז די
„עקאָנאָמיק" (דער צושטאַנד פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען) געווען
אויף־א־מאָל אי אַן אורזאַך, אי א ווירקונג, אַקוראַט אַזוי, ווי אויך
דער „גייסטיגער פאַקטאָר" האָט געשפּיעלט דיזעלביגע דאָפּעל־ראָ־
ליע. אָבער ביי דעם טיעפערען, פּינקטליכערען אַנאַליז פון דעם
פּראָצעס זעהט מען אַלע מאָל איין, אַז די אורזאַך איז דאָ פריהער
געווען א צ י י ט ל י ך בעשטימטע ענטוויקלונגס־פאַזע פון דער
עקאָנאָמיק, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט ווי א ווירקונג א צ י י ט־
ל י ך בעשטימטע ענדערונג אין דעם צושטאַנד פון דער וויסענ־
שאַפטליכער מעכאַניק. און אָט די בעשטימטע ענטוויקלונגס־פאַזע
פון דער וויסענשאַפט איז פון איהר זייט געוואָרען אַן אורזאַך, אָבער
נאָר פאַר נ י י ע, צייטליך א סך שפּעטער ליגענדע ענדערונגען
אין דער עקאָנאָמיק, וואָס טרעטען ערשט איצטער אַרויס ווי א
ווירקונג פון דעם „גייסטיגען פאַקטאָר".

די צ י י ט איז די מחיצה צווישען אורזאַך און ווירקונג

ביי איין און דערזעלביגער זאַך און לאָזט זיי ניט צונויפגעגאָסען ווערן אין איינעם, — די זעלביגע צייט, וואָס נעהמט פאַנאַנדער, ווי מיר האָבען פריהער געזעהן, אין איינעם מיט דעם רוים די ווי־דערשפּרוכען פון דער וועלט און פערטהיילט זיי אויף פערשיידענע ערטער אין פערשיידענע מאָמענטען; די זעלביגע „ריינע" צייט, וועלכע העגעל האָט געלייקענט און אין וועלכער מארקס און ענגעלס האָבען געגלויבט.

דערפון איז געדרונגען, אז דער מ א ר ק ס י ס ט י ש ע ר מ א ט ע ר י א ל י ז ם, וו אָ ס ג ל ו י ב ט א י ן „ר יי נ ע צ יי ט", ה אָ ט ק יי ן ב ר ע ק ע ל ג ר ו נ ד נ י ט ד י א ל ע ק ט י ש צ ו נ ו י פ צ ו מ י ש ע ן א ו ר ז אַ ך א ו ן ו ו י ר ק ו נ ג.

די נאַטור, לפּחות, די וואָס מיר קענען עמפּיריש, נעהמען מיר אויף ניט לויט די געזעצען פון דער דיאַלעקטיק, נאָר לויט די גע־זעצען פון דער ל אָ ג י ק, — אַלץ איינס, ווי איהר וועט קוקען אויף יענע לאָגישע געזעצען: ווי אויף אַ־פּריאָרישע פאָרמען פון אונזער שכל, די איינציגע ברילען, דורך וועלכע מיר קאָנען קוקען אויף דער וועלט, ווי דאָס טהוט קאַנט, אָדער ווי אויף „מעהר אָדער ווייניגער אבסטראַקטע קאָפּיעס" פון די ווירקליכע ערשיינונגען, ווי דאָס טהוט מאַרקס.

## .5

### „די וועלט, ווי מאַטעריע און... ווידערשפּרוך".

ענגעלס שרייבט:

„כל זמן מיר בעטראַכטען די זאַכען אין זייער לעבלאָזער רוה, יעדוועדע בעזונדער, איינע לעבען דער אנדערער, וועלען מיר, פער־שטעהט זיך, ניט אָנשטויסען זיך אויף ווידערשפּרוכען. מיר געפינען דאָ געוויסע אייגענשאַפטען, וואָס זענען אָפט עהנליך, אָפט פערשיי־דען, אָדער גאָר ווידערשפּרעכיג, אָבער אין דעם געגעבענעם פאַל זע־נען זיי (די אייגענשאַפטען) פ ע ר ט י י ל ט א ו י ף פ ע ר־ש יי ד ע נ ע ז א כ ע ן א ו ן מ מ י ל א ב ע ה א ל ט ע ן ז יי נ י ט א י ן ז י ך ק יי ן ש ו ם ו ו י ד ע ר ש פּ ר ו ך.

אויף וויפיל מען קאָן זיך בעגרעניצען מיט אַט־דעם פאָרשונגס־פעלד, אויף אַזויפיל קאָנען מיר אויסקומען מיט דער הילף פון דעם גע־וועהנליכען מעטאַפיזישען דענקען. גאַנץ אַנדערס ווערט דאָס אָבער, ווען מיר בעטראַכטען די זאַכען אין זייער בעוועגונג, זייער פערענדע־רונג, זייער לעבען, זייער בייט־ווירקען איינע אויף דער אַנדערער. די בעוועגונג גופא איז אַ ווידערשפּרוך; אפילו די פשוט'ע מעכאַני־שע בעוועגונג אין'ם רוים קאָן פאָרקומען נאָר אויף אַזאַ'ן אופן, אַז אַ וואָסער עס איז קערפּער געפינט זיך אין איין און דעמזעלביגען צייט־מאָמענט אין איין אָרט און אין דערזעלביגער צייט אין אַן אַנדער אָרט, — אין איין־און־דעמזעלביגען אָרט און ניט אין איין־און־דעמ־זעלביגען. די שטענדיגע פערווירקליכונג און די גלייכצייטיגע פער־ענטפערונג פון דער סתירה, — אַט דאָס איז דאָס — בעוועגונג".*)

אַזוי זאָגט ענגעלס. דערצו מוז מען צוגעבען, אַז, לויט דער לעה־רע פון מאַרקס, האָט יעדער ווידערשפּרוך זיין אייגענע בעוועגונגס־פאָרם, אין וועלכער ער ווערט רעאַליזירט. „אין דערינען", זאָגט מאַרקס, „בעשטעהט בכלל די מעטאָדע, ווי צו פערענטפערן ווידער־שפּרוכען. עס איז צ. ב. אַ ווידערשפּרוך, אַז אַ קערפּער זאָל שטענדיג האַלטען אין פאַלען אויף אַן אַנדער קערפּער און אַקוראַט אַזוי שטענ־דיג האַלטען אין אַנטפליהען פון איהם. דער עליפּסים שטעלט דאָס מיט זיך פאָר יענע פאָרם פון בעוועגונג, וואָס אין איהר ווערט יענער ווידערשפּרוך אין גלייכער מאָס סיי פערווירקליכט, סיי פערענט־פערט".**)

דער בליק אויף בעוועגונג ווי אויף אַ פערווירקליכטען ווידער־שפּרוך, ווי אויך דאָס רוב פון די אַנדערע ביישפּיעלען, וואָס מיר וועלען נאָך ברענגען שפּעטער, האָבען מאַרקס און ענגעלס אַריבערגע־נומען פון העגעל'ן. ווען וואָס עס איז בעוועגט זיך, — זאָגט העגעל, — קומט דאָס פאָר ניט אַזוי, אַז אין איין „איצטער" געפינט זיך די זאַך דאָ און אין אַן אַנדער „איצטער" געפינט זי זיך דאָרטען. נאָר דאָס קומט פאָר אַזוי, אַז אין איין־און־דעמזעלביגען „איצטער" פער־

---

*) אַנטי־דיוהרינג, ז. 120.

**) קאַרל מאַרקס, דאָס קאַפּיטאַל, בד. 2, ז. 69.

ווייל די זאַך סיי דאָ, סיי ניט דאָ, און אין דעם „דאָ" געפינט זי זיך און געפינט זיך ניט. *)

אַזאַ בליק אויף בעוועגונג איז זעהר וויכטיג פאַר מאַרקס' דיאַלעקטישען מאַטעריאַליזם, וואָס איז אויפגעבויט אויף זיין דיאַלעקטישער לאָגיק. אויב ס'איז אמת, וואָס ענגעלס זאָגט, אַז די בעוועגונג איז די „עקזיסטענץ־פאָרם פון דער מאַטעריע" און אויב דער ווידערשפּרוך שטעלט מיט זיך פאָר די פערבאָרגענע טרייב־פעדער פון דער בעוועגונג, אַזוי צו זאָגען, איהר „נאַטורא נאַטוראַנס", איז יעמאָלט ווערן אַלע אַרגומענטען אַנטגעגען דער דיאַלעקטישער לאָגיק בטול מיט איין קלאַפּ. דאָס איז דערפאַר, ווייל אין דער מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע פון קאַרל מאַרקס ווערט אַלץ צוגעפיהרט צו בעוועגונג און ממילא אויך צו דעם ווידערשפּרוך, וואָס ליעגט אין איהר יסוד. דער ווידערשפּרוך, דער יסוד פון בעוועגונג, מוז, — דאָס איז קלאָר, — זיין אויך דער יסוד פאַר יעדוועדער ערשיינונג און פאַר יעדער זאַך אין דער וועלט. און די פאָרמאַלע לאָגיק, וואָס רופט אויס, אַז אַ ווידערשפּרוך קאָן גאָר ניט געמאָלט זיין, גיט אַרויס מיט דעם גופא זיך אַליין אַ כתב, אַז זי איז ניט ביכולת צו פערשטעהן די ערשיינונגען פון דער נאַטור.

צום גליק פאַר דער פאָרמאַלער לאָגיק און פאַר דעם געזונטען מענשליכען שכל איז אָט דער קאַרדינאַלער פּונקט אין דער לעהרע פון דעם דיאַלעקטישען מאַטעריאַליזם אַזוי שוואַך ביי מאַרקס און ענגעלס אוועקגעשטעלט, אַזוי וועניג דורכגעטראַכט און — דער עיקר — אַזוי שלעכט צונויפגעשטימט מיט די אַנדערע גרונד־פעסטען פון דעם אייגענעם דיאַלעקטישען מאַטעריאַליזם זייערען, אַז ס'איז גענוג זיך אַ ביסעל טיעפער אַריינטראַכטען אין דעם ענין, כדי צו בעמערקען, ווי שאָקעלדיג די הינערשע פיסלעך זענען, אויף וועלכע ער האָט זיך ביז אַהער געהאַלטען.

אין דער אמת'ן ! די וועלט, פערזיכערט אונז מאַרקס, בעשטעהט פון מאַטעריע און בעוועגונג, און בעוועגונג איז אַ זיך פערווירקליכענדער ווידערשפּרוך.

לאָמיר קודם קלאָר ווערן, אין וואָס בעשטעהט דער

---

*) זעה העגעל'ס לאָגיק, בד. 2, ז. 69.

ווידערשפּרוך פון בעוועגונג? פערגלייכט מען די ענטפערס פון מאַרקס און ענגעלס, וועלכע מיר האָבען אויבען געבראַכט, איז ניט שווער צו בעמערקען, אַז זיי נעהמען אויף די זאַך פון צוויי פערשיי־דענע זייטען. ענגעלס בעטראַכט זי, אַזוי ווי העגעל אין דעם אויבען אָנגעפיהרטעןביישפּיעל, מעהר פון דעם אַ נ ט אָ ל אָ ג י ש ע ן שטאַנדפּונקט, וואָס האָט אין זין די גרונד־געזעצען פון דעם אַל־וועלטליכען ז י י ן. מאַרקס ווידער בעטראַכט די בעוועגונג מעהר פון דעם ד י נ אַ מ י ש ע ן שטאַנדפּונקט. בעוועגונג דערקלערט ער, — דאָס איז אַ ווידערשפּרוך צווישען צוויי אַ נ ט ג ע ג ע נ ג ע־ז ע צ ט ע ש ט ר ע ב ו נ ג ע ן, ווי פליהען און פאַלען.

ביידע ענטפערס אָבער האַלטען זעהר ווייניג אויס די קריטיק, און אין בעסטען פאַל, האַרמאָנירען זיי שלעכט מיט יענעם אַלגעמיינסטען גרונד־זאַץ פון׳ם מאַטעריאַליזם, אין וועלכען אויך מאַרקס און ענגעלס האָבען געגלויבט, און וואָס זאָגט, אַז „פ ו ן ג אָ ר נ י ש ט קאָ ן ג אָ ר נ י ש ט א ר ו י ס ק ו מ ע ן“.

לאָמיר פריהער דורכנעהמען ענגעלס׳עס אַ נ ט אָ ל אָ ג י ש ע ן ענטפער.

זיין אויסטייטש פון בעוועגונג מוז מען, פערשטעהט זיך, אָנ־נעהמען אין דעם זין, אַז בעת דער קערפּער בעוועגט זיך, געפינט ער זיך א י ן ג אַ נ צ ע ן אין איין אָרט און אין דערזעלביגער צייט א י ן ג אַ נ צ ע ן אין אַן אַנדער אָרט. אָבער אויב יאָ אַזוי, אויב ער געפינט זיך מ י ט אַ ל ע ז י י נ ע ט י י ל ע ן אין איין אָרט, איז יעמאָלט זיין גלייכצייטיגער זיין אין אַן אַנדער אָרט אַן אמת׳ע ענטשטעהונג פון גאָרנישט. ווייל — פון וואַנען האָט ער גע־זאָלט קומען אין דעם אַנדער אָרט? פון דעם ערשטען? אָבער דער קערפּער האָט נאָך גאָר ניט פערלאָרען זיין פריהערדיגען אָרט: ענ־געלס זאָגט אויסדריקליך, אַז ער געפינט זיך נאָך אין איהם. פער־לאָזט ער אָבער אין דער בעוועגונג יענעם פריהערדיגען אָרט, קאָן ער אין דערזעלבער צייט ניט בלייבען אין איהם, ווייל זיין בלייבען דאָ וואָלט ווידער געווען אַן ענטשטעהונג פון גאָרנישט.

דאָס ווערט נאָך קלאָרער, ווען מען האָט אין זין דעם סכום פון דער מאַטעריע און איהר וואָג, וואָס מאַכען אויס דעם קערפּער. בעת ער געפינט זיך אין רוה, פערנעהמט דער קערפּער, לאָמיר זאָגען, איין

קוביק־מעטער און ווענט א צענטנער. יעדער אָרט, וואָס ער פער־
נעהמט, איז אָנגעלאָדען מיט א צענטנער מאַטעריע. און אויב אין
דער בעוועגונג פערנעהמט ער, ווי ענגעלס מיינט, צ ו ו י י ערטער,
— ער געפינט זיך אין דעם פריהערדיגען און אין דעם שפּעטערדיגען
אָרט, — איז מען געצוואונגען אָנצונעהמען, אַז אין ביידע ערטער
האָט ער צו א צענטנער מאַטעריע, ד. ה. אַז איין צענטנער מאַטעריע
ווערט דאָ געבוירען פון גאָרנישט.

מען קאָן געוויס ניט לייקענען, אַז אָט דער ארגומענט אונזערער
אַנטגעגען דער דיאַלעקטיק פון בעוועגונג וואָלט אין גאַנצען פערלאָ־
רען זיין „צענטנער־שווערע" וואָג, ווען מיר וואָלטען געפּרובט ארויס
שטעלען איהם אַנטגעגען העגעל'ן. מען טאָר ניט פערגעסען, אַז יענער
דענקער האָט אויף דעם שאַרפסטען אופן געלייקענט דעם גרונד געזעץ
פון דעם מאַטעריאַליזם, דעם „עקס ניהיליאָ ניהיל", און האָט איהם
געהאַלטען פאַר איינעם פון די געפעהרליכסטע אַפּיקורסות. *) דעם
גרונד־פּרינציפּ פון זיין גאַנצער נאַטור־פילאָסאָפיע, „דאָס ווערדען",
האָט ער פערשטאַנען פשוט כמשמעו: ווי א ווערן פון גאָרנישט.
ער האָט, צ. ב., געלייקענט, אַז די וואָלקענס זאָלען זיך אויפבויען פון
דעם וואַסער־דונסט און האָט קאַטעגאָריש פערזיכערט, אַז בעת'ן
אויסדונסטען ווערשווינדט דאָס וואַסער לגמרי און ווערט אויפ'סניי
געבוירען אין די וואָלקענס און דעם רעגען „ א ב ס אָ ל ו ט פ ו ן
ג אָ ר נ י ש ט ",**) קוים האָט העגעל געגלויבט אין אַן ענטשטעהונג
פון גאָרנישט, מעג מען איהם אויך מוחל זיין דעם גלויבען, אַז ביי
דער בעוועגונג געפינט זיך דער קערפּער אין איין־און־דעמזעלביגען
„איצטער" „סיי דאָ, סיי ניט דאָ".

אָבער דאָס קאָן מען בשום אופן ניט מוחל זיין מאַרקס'ען. ווי
יעדער מאַטעריאַליסט, האָט ער געמוזט אָננעהמען— און ער האָט טאַ־
קי זיכער געגלויבט — אַז די ענטשטעהונג פון גאָרנישט איז אַן אונ־
מעגליכע זאַך. „עס איז מובן ממילא", זאָגט ער אין איינער פון זיינע
אָנמערקונגען צום „קאַפּיטאַל", „אַז, ווי לוקרעץ זאָגט, ניל פאַססע

*) זעה העגעל'ס ענציקלאָפּעדיע (עד. ראָזענקראַנץ), זז.112-113.
**) זיינע אייגענע ווערטער. זעה פראַנטץ און היללערט: „ווערטער־
ליכע אויסציגע א. א. וו." §§ 86—88.

קרעאַרי דע ניהילאָ. פון גאָרנישט קאָן גאָרנישט ארויסקומען".*)
און ווי וויכטיג דער זאַץ איז פאַר איהם געווען, זעהט מען דערפון, אַז ער חזר'ט איהם איבער סיי אין דעם צווייטען באַנד, סיי אין דעם דריטען.**) אויך ענגעלס פערגעסט ניט צו דערמאָנען יענעם געזעץ אין זיין פאָלעמיק אַנטגעגען דיורינגען. „פון גאָרנישט", זאָגט ער, „קאָן מען, אַט זעהט איהר דאָך, ניט קומען צו עפּעס „אָהן אַ בעשאַ־פונגס־אַקט".***)

און אויב עס איז אַזוי, איז זייער ערשטער חוב געווען, אָבזאָגען זיך פון יענע דיאַלעקטישע מיינונגען, וואָס געהן להיפך צו דעם גע־זעץ, פון וועלכען זיי האָבען געהאַלטען אַזוי שטאַל־און־אייזען. וואָלט מאַרקס קאָנסעקווענט געבליעבען טריי צו זיינע אייגענע מאַטעריאַ־ליסטישע גרונד־פעסטען, וואָלט ער אויף קיין פאַל ניט געקאָנט ארוי־בערטראָגען אין זיין סיסטעם הענגעל'ס קוק אויף בעוועגונג. אינאיי־נעם מיט פייערבאַך'ן וואָלט ער אַנטגעגען הענגעל'ס סאָפיזמען אוועק־געשטעלט אַ סך אַ געזינטערען גערדאַנק פון דעם מענשליכען פער־שטאַנד, וואָס זאָגט, אַז „די פערוויילונג אין איין געוויסען אָרט איז אַ פּאָזיטיווער אַקט". „איך בין ניט דאָרטען", זאָגט פייערבאַך, „ווייל איך בין דאָ". דאָס ניט־זיין דאָרטען איז אויך אַזאַ'ן אופן דער פועל־יוצא פון דעם פּאָזיטיווען קלאָרען זיין דאָ".****)

אויב אָבער מאַרקס האָט אבסאָלוט אָנגעשפּאַרט אריבער צו רע־טען הענגעל'ס לעהרע וועגען בעוועגונג, האָט ער גערדאַפט מטריח זיין זיך און אויך אריבער רעטען די נויטיגע פלאַנץ־ערד פאַר איהר, — די אָבלייקענונג פון „עקס ניהילאָ ניהיל", ד. ה. אָבזאָגען זיך פון דעם מאַטעריאַליזם. נאָר יעמאָלט, אמת, וואָלט ער שוין ניט נויטיג געהאַט צו פלאַנצען אַן אייגענעם פילאָסאָפישען גאָרטען!

אונזער גאַנצע אַרגומענטאַציע קאָן חרוב ווערן, אויב מען זאָל צולאָזען דעם אבסורד און אויסטייטשען די שטעלע, וואָס מיר האָבען

*) מאַרקס, קאַפּיטאַל, בד. 1 (פיערטער אויפל.), ז. 117, אָנמערקונג 27.

**) דאָס קאַפּיטאַל, בד. 2 (1893), ז. 307 און בד. 3, ערשטע אָבטיי־לונג, ז. 13.

***) אַנטי־דיוהרינג, ז. 45.

****) זעה פייערבאַך'ס ווערקע, בד. 2, ז. 333.

אויבען געבראַכט פון ענגעלס׳ען אין אזא זין, אז ביי דער בעוועגונג געפינט זיך דער קערפּער נ י ט מיט אַלע זיינע טיילען אין איין אָרט און אין דערזעלביגער צייט אין אן אנדער אָרט. דער ווידער־שפּרוך פון דער בעוועגונג וואָלט, לויט דעם פּירוש, בעשטאַנען אין דעם, וואָס בעת איין טייל פון דעם קערפּער געפינט זיך אין איין אָרט, געפינט זיך אן אנדער טייל זיינער אין אנדער אָרט. אָבער, ווען אפילו מיר זאָלען צוגעבען, אז אזא צושטאַנד פון דעם קערפּער, ביי וועמען די פערשיידענע טיילען פערנעהמען פערשיידענע ערטער אין׳ם רוים, קאָן אָנגערופען ווערן א ווידערשפּרוך, בלייבט יעמאָלט די קשיא: פאַרוואָס האָט ענגעלס ענטפּלעקט דעם דאָזיגען ווידער־שפּרוך נאָר אין זיך בעוועגענדע קערפּערס, פאַר וואָס ניט אויך אין רוהענדע? אויך ביי די קערפּער אין רוה פערנעהמען דאָך די פער־שיידענע טיילען פערשיידענע ערטער אין רוים, הייסט עס, אז אויך זיי זענען אין איין אָרט (דעם אָרט פון איין טייל) און אין דערזעלבער צייט אויך אין אנדערע ער־טער (אין די ערטער פון די אַנדערע טיילען.) און ווען מען זאָל שוין געהן אזוי ווייט און געפינען אַן אינוועניגסטען ווידערשפּרוך אויך אין דעם רוה־צושטאַנד פון א קערפּער, וואָלטען מיר יעמאָלט גרייליך געוואָלט וויסען, וועלכע ב ע װ ע ג ו נ ג ס־פ אָ ר ם איז צוגעמאָסטען צו יענעם ווידערשפּרוך, אין וועלכער בעוועגונגס־פאָרם ווערט די רוה „אין גלייכער מאָס פערווירקליכט און פערענטפערט“...

ניט פיעל סאָלידער בעגרינדעט איז אויך יענער פּירוש אויף דער דיאַלעקטיק פון בעוועגונג, וואָס געפינט זיך אין די אויבען געבראַכטע ווערטער פון מארקס. די בעוועגונג, זאָגט ער, איז א רעזולטאַט פון צוויי אַנטגעגען־געזעצטע שטרעבונגען, ווי צ. ב., פון דער צענטריפּעט־טאַלער און דער צענטריפוגאַלער, און דעריבער איז זי א רעזולטאַט פון א ווידערשפּרוך.

א חוץ דעם, וואָס אן אנטאַגאָניזם פון רעאַלע קרעפטען קאָן נאָך ווייט ניט בעטראַכט ווערן ווי אן א י נ װ ע נ י ג ס ט ע ר לאָגי־שער ווידערשפּרוך, — זייער ווידערשטרייט וואַקסט ארויס ניט פון אינוועניג, נאָר פון דעם, וואָס זיי געהען אין פ ע ר ש י י ד ע נ ע ריכטונגען און שטויסען זיך צונויף אין איין קערפּער, און אויב א

קערפּער וואָלט געשטאַנען אונטער דער מאַכט פון נ אָ ר א צענט־ריפּעטאַלער אָדער נ אָ ר א צענטריפּוגאַלער „קראַפט“, וואָלט צו קיין ווידערשטרייט ניט געקומען, — א חוץ דעם, זאָג איך, דאַרף מען דאָך ניט פערגעסען, אז סיי די צענטריפּעטאַלע, סיי די צענטריפּוגאַ־לע קראַפט, זענען, — אויב מען זאָל ניט קוקען אויף זיין אַנטראָפּאָ־מאָרפיש, ווי אויף ווילענס־שטרעבונגען, — אין עצם אויך ניט קיין אַנדער זאַך ווי געוויסע אַרטען פון בעוועגונגען. בתור בעוועגונגען מוז יעדע איינע פון זיי שוין אין זיך גופא האָבען דעם אינוועניגסטען ווידערשפּרוך, און עס פרעגט זיך ווייטער די שאלה: אין וואָס בע־שטעהט דער ווידערשפּרוך פון י ע ד ע ר בעוועגונג? אין דער געשיכטע פון דעם פילאָסאָפישען געדאַנק קאָן מען געפינען א סך ענט־פערס אויף דער דאָזיגער שאלה, אָבער זיי האָבען קיין שייכות ניט צו דער דיאַלעקטישער לאָגיק. דער איינציגער ענטפער, וואָס מאַרקס קאָן אונז געבען אויף דער שאלה, איז דער, וועלכען ענגעלס האָט אַריבערגענומען פון העגעל׳ן. אָבער יענער ענטפער שטעהט, ווי מיר האָבען געזעהן אין אַן אמת׳ען רעאַלען אַנטאַגאָניזם מיט דעם גרונד־געדאַנק פון דער מאַטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע, — „דעם עקס ניהילאָ ניהיל“.

אגב ווילען מיר דאָ בעמערקען, אז דער בליק אויף בעוועגונג, וואָס איז אויסגעדריקט אין דעם ציטאַט פון מאַרקס, שמעקט צופיעל מיט יענעם פיליסטערישען וועלט־בליק, וועלכער זעהט אין דער בע־וועגונג נאָר דעם פּראָדוקט פון א קאַמף, פון א קרעפטען־שטרייט, וואָס שטויסט דעם קערפּער אין פערשיידענע ריכטונגען. אָהן קאַמף איז ניטאָ קיין בעוועגונג, — דאָס איז דער יסוד פון דעם בליק, וואָס איז שוין אַרויסגעזאָגט געוואָרען פון העראַקליט׳ן.

אין דער אמת׳ען איז די מעשה פּונקט פערקעהרט. ניט די בע־וועגונג איז דער רעזולטאַט פון א קאַמף, נאָר דער קאַמף איז א פּראָ־דוקט פון בעוועגונגען, וואָס געהען אין פערשיידענע ריכטונגען און שטויסען זיך צונויף. און דאָרטען, וואו דער צונויפשטויס איז אַם שטאַרקסטען, דאָרטען הערט די בעוועגונג גאָר אויף, ד. ה., זי געהט איבער אין אַן אַנדער פאָרם, וואָס האָט ניט קיין אַנטגעגענגעזעצטע בעוועגונג אַנטגעגען זיך. דעריבער זאָגט אונז אויך דער גרונד־געזעץ

פון דער מעכאַניק, אַז יעדע בעוועגונג געהט אין דער ליניע פון דעם קלענסטען ווידערשטאַנד.

די עליפּטישע בעוועגונגס־פאָרם, וועלכע מאַרקס ברענגט ווי אַן אילוסטראַציע צו זיין געדאַנק, ווי יעדע בעוועגונגס־פאָרם בכלל, דיענט אונז פאַר אַ סימן, אַז די שטרייטענדע קרעפטע ווירקען דאָ אויף דעם קערפּער ניט איינע פּונקט להיפך צו דער אַנדערער. וואָלט דאָס געווען אַזוי, וואָלט דער קערפּער געמוזט בלייבען שטעהן. אויב ער בעוועגט זיך אין דעם עלליפּסיס, הייסט עס, אַז אין דעם געגעבענעם פאַל איז די ליניע פון דעם קלענסטען ווידערשטאַנד אַן עלליפּסיס.

דערפון איז געדרונגען, אַז די בעוועגונג איז ניט נאָר ניט קיין פּועל־יוצא פון אַן אינוועניגסטען לאָגישען ווידערשפּרוך, — אויף וואָס ענגעלס לעגט אַזוי פיעל געוויכט, — זי איז אפילו ניט קיין רעזולטאַט פון אַ רעאַלען קרעפטען־שטרייט, ווי דאָס דערקלערט מאַרקס. די קרעפטען גופא זענען שוין ניט קיין אַנדער זאַך ווי אַר־טען פון בעוועגונג. ממילא מוז מען קומען צו דער אונטערשטער שורה, אַז פון דער בעוועגונג קאָן מען קיין איין איינציגען בעווייז ניט ארויסקוועטשען צוליעב דער דיאַלעקטישער לאָגיק פון מאַרקס און ענגעלס.

א צווייטער וועלט־ווידערשפּרוך איז, לויט ענגעלס, דער פאַקט פון אונענדליכקייט.

די „אונענדליכקייט", זאָגט ער, „שטעלט מיט זיך פאָר אַ ווי־דער שפּרוך און איז פול מיט ווידערשפּרוכען. דער ווידערשפּרוך בע־שטעהט שוין אין דעם, וואָס די אונענדליכקייט דאַרף צונויפגעשטעלט ווערן אויסשליסליך פון ענדליכע גרויסען, ווי דאָס איז אויך אין דער ווירקליכקייט. די בעגרענצטקייט פון דער מאַטעריעלער וועלט פיהרט צו ניט קיין קלענערען ווידערשפּרוך, איידער איהר אומבעגרעניצט־קייט, און יעדער פּרואוו אַבצושאַפען יענע ווידערשפּרוכען פיהרט צו נייע, נאָך גרעסערע. דוקא ווייל די אונענדליכקייט איז אַ ווידער־שפּרוך, בילדעט זי דאָס אַ פּראָצעס, אַן אונענדליכען אין צייט און רוים. מבטל זיין דעם ווידערשפּרוך וואָלט געהייסען מאַכען אַ סוף צו דער אונענדליכקייט."*) וואָס איז שייך אונענדליכקייט, מוזען

*) אַנטי־דיוהרינג, ז. 53.

מיר זיך מודה זיין, אַז מיר ווייסען אין דער אמת'ען ניט, ווי איז דאָ די מעשה מיט איהר אין דער ווירקליכקייט. די וויסענשאַפט, קודם די עקזאַקטע נאַטור־וויסענשאַפט, איז, נאָך אונזער מיינונג נאָך, ניט גאָר אומגערעכט, ווען זי בענוגענט זיך נאָר מיט ענדליכע ערשיינונ־גען אין דעם הימעל פון אונענדליכקייט, לאָזט זי איבער „דען פילאָ־זאָפען און דען שפּאַטצען".

מיר ווייסען נאָר, אַז די היפּאָטעזע פון אונענדליכקייט, וואָס וואַקסט על פי נויטוועגדיגקייט אויס אין אונזער שכל, גערט להיפּך צו דער אנדער היפּאָטעזע, וואָס איז פּונקט אזוי אונפערמיידליך אין אונזער דענקען, און וואָס זאָגט, אַז ערגעץ וואו דאַרף דאָך זיין אַ סוף. על כל פּנים איז אין דעם בעגריף פון אונענדליכקייט גופא קיין ברעקעל ווידערשפּרוך ניטאָ, ווען אפילו דאָס אונענדליכע זאָל בעשטעהן „פון לויטער ענדליכע גרויסען". האָט דאָך דער פּשוט'ער בעגריף פון אַ גאַנצען, וואָס בעשטעהט פון איינצעלנע טיילען, פון אַ וואַלד, וואָס בעשטעהט פון איינצעלנע בוימער, קיין שמץ פון אַן אינוועניגסטען ווידערשפּרוך אין זיך.

א חוץ דעם מיינען מיר, אַז מען קאָן נאָך ניט פּערוועהרען צו זיין מסופּק אויך אין דעם אנדער געדאַנק פון ענגעלס, אַז יעדע אונענד־ליכקייט מוז זיך דוקא רעאַליזירען אין אַ וועלכען עס איז פּראָצעס. לאָמיר דערמאָנען אָן דעם אונענדליכען ריינעם רוים, אין וועלכען אויך מאַרקס און ענגעלס האָבען געגלויבט. *)

אזוי ווי דער רוים איז אונענדליך, האָט ער בעדאַרפט, לויט ענ־געלס, ערשטענס בעשטעהן פון לויטער ענדליכע טיילען, וואָס איז שוין פאַר זיך ניט אמת. צווייטענס, האָט ער געדאַרפט זיין אַ פּראָ־צעס, און דאָס איז ער אויך ניט, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס דער „ריינער" רוים איז אין תוך אריין ווי מיר האָבען דאָ שוין אויבען בעמערקט, — „אַ ווירקליכער ווידערשפּרוך, ווייל ער איז אַ רעאַל־עקזיסטירענדע אבסאָלוטע לעדיגקייט."

---

*) „אייביגקייט אין דער צייט, אונענדליכקייט אין דעם רוים בע־שטעהט שוין לכתחילה און לויט דעם פּשוט'סטען פּשט פון דעם וואָרט אין דעם, צו קיין זייט ניט צו האָבען קיין ענד, ניט צו פאָרענט, ניט צו הינטען, ניט צו אויבען, ניט צו אונטען, ניט צו רעכטס אָדער צו לינקס". אַנטי־דיוהרינג, ז. 38.

דערפון איז געדרונגען, אז די אונענדליכקייט דאַרף ניט דוקא זיין קיין ווידערשפּרוך און זי מוז אויך ניט זיין קיין פּראָצעס, און ממילא איז אויך דער צווייטער בעוויז פאַר דער דיאַלעקטיק אין דער נאַטור בטל ומבוטל.

לאָמיר איצטער איבערגעהן צו די איבעריגע ווידערשפּרוכען, וואָס ענגעלס'ען האָט זיך איינגעגעבען צו ענטדעקען „אין דער דער־קענטנים און דעם וועזען פון דער וועלט".

מיר וועלען אָנהויבען פון דער „דערקענטנים", פון דער מאַ־טעמאַטיק.

פון די דיאַלעקטישע עלעמענטען אין דער מאַטעמאַטיק, וואָס דערוויזען כלומרשט די געזעצמעסיגקייט פון דעם ווידערשפּרוך, שטעלט ענגעלס ארוים כמעט אַלע יענע פאַקטען, אויף וועלכע הע־געל האָט שוין אָנגעוויזען: דער ווידערשפּרוך אין דעם דיפערענ־ציאַל־חשבון, די צוגלייכונג פון אַ גלייכער ליניע צו אַ קרומער אונ־טער געוויסע בעדינגונגען, די צוגלייכונג פון „א" אין דער פּאָטענץ ½ צו דעם קוואַדראַט־וואָרצעל פון „א" און לסוף די אָנווענדונג פון קוואַדראַט־וואָרצלען פון מינוס איינס.

„דאָס לעצטערע", זאָגט ענגעלס, „שטעלט מיט זיך פאַר ניט נאָר אַ ווידערשפּרוך, נאָר אפילו אַן אבסורדען ווידערשפּרוך, אַן אמת'ען ווידערזין." „און פון דעסטוועגען", לעגט ער צו, „איז דער קוואַדראַט־וואָרצעל פון מינוס איינס אין אַ סך פעלען אַ נויטווענ־דיגער רעזולטאַט פון ריכטיגע מאַטעמאַטישע אויסרעכענונגען; נאָך מעהר, וואו וואָלט אהינגעקומען די גאַנצע מאַטעמאַטיק, די העכערע און די נידעריגערע, ווען מען וואָלט איהר פערוועהרט צו אָפּערירען מיט די קוואַדראַט־וואָרצלען פון מינוס איינס." *)

בנוגע צו די אַלע פאַקטען מוז מען קודם כל בעמערקען, אז ווען אפילו זייער ווידערשפּרוכפולער כאַראַקטער זאָל דערוויזען ווערן בלי שום ספק, וואָלטען זיי אויך יעמאָלט נאָך ניט געווען קיין בע־וויז פאַר די עקזיסטענץ פון ווידערשפּרוכען אין דער רעאַלער ווירקליכקייט. ווייל פון די ווידערשפּרוכען, וואָס געפינען זיך אין

*) אַנטי־דיוהרינג, ז. 122.

דעם מענשליכען שכל, קאָן מען ניט ברענגען קיין ראיה אויף ווידער־שפּרוכען, וואָס געפינען זיך אין דער נאַטור.

ענגעלס אליין זאָגט זעהר ריכטיג אין איין אָרט, אז „אין דעם וועלען בעווייזען די רעאַליטעט פון אַ וועלכען עס איז רעזולטאַט פון געדאַנק דורך דעם, וואָס מען שטיצט זיך אויף דער אידענטיטעט פון זיין און דענקען, איז גראַד געלעגען איינע פון די ווילדעסטע פיעבער־פאַנטאַזיעס העגעל'ס".*) אנטגעגען די פיעבער־פאַנטאַזיעס האָט קאַרל מאַרקס געקעמפּט גאַנץ ענערגיש. נאָר אין גאַנצען בע־פרייען זיך פון זיי האָט ער, משמעות, ניט געקאָנט.

דער עיקר אָבער, וואָס מען דאַרף האָבען אין זין, איז דער פאַקט, אז די ווידערשפּרוכען, וועלכע ענגעלס דעקט אויף אין די מאַטעמאַטישע פאָרמולען און סימבאָלען, זענען ש י י ן ־ווידער־שפּרוכען, אויסגעדרוכטע, — ווידערשפּרוכען אין דער דרויסענדיגער פאָרם, ניט אין דעם אינווענינסטען תוך.

זיי אלע קאָנען גאַנץ גוט דערקלערט ווערן פון אַ פאָרמאַל־לאָ־גישען שטאַנדפּונקט, אויב מען זאָל זיי נאָר ניט בעטראַכטען „ווי מעהר אָדער ווייניגער אבסטראַקטע קאָפּיעס פון די זאַכען גופא", נאָר ווי „אַ פרייע בעשאַפונג און פּראָדוקטען פון דעם פערשטאַנדס כוח הדמיון", ווי ענגעלס האָט אין אַן אנדער אָרט זעהר ריכטיג אָנגערופען אנדערע מאַטעמאַטישע אויסדרוקען, וואָס געהן להיפך צו זיין דיאַלעקטישער לאָגיק. **)

דעם געזונטען מענשענפערשטאַנד איז ניט שווער צו דערקלע־רען די אלע זיך ווידערשפּרעכענדע פאָרמולען און סימבאָלען דער־פאַר, ווייל ערשטענס ווערן אַ סך פון זיי אָנגעווענדט אין דעם מאַ־טעמאַטישען חשבון אויף דעם זעלביגען סמך, אויף וועלכען מיר לאָזען ה י פּ אָ ט ע ט י ש צו אבסאָלוט אונמעגליכע זאַכען, כדי דערנאָך בעסער און קלאָרער ארויסצוברענגען דעם אמת. און צוויי־טענס קאָנען די אלע ווידערשפּרוכען זעהר גרינג צוגעפיהרט ווערן צו קאָנקרעטע ערשיינונגען, וואָס האָבען, ווי יעדע קאָנקרעטע ערשיי־נונג, קיין ברעקעל ווידערשפּרוך ניט אין זיך.

---

*) אַנטי־דיוהרינג, ז. 30.

**) פגל. אַנטי־דיוהרינג, ז. 25.

דאָס ווייס יעדער איינער, וואָס איז בעקאַנט מיט דער מאָ־דערנער וויסענשאַפטליכער לאָגיק, און אין דעם קאָן זיך יעדער איי־נער פערזיכערן, ווער עס וועט איבערלייענען, לאָז זיין אין וואונדט׳ס לאָגיק יענעם קאַפּיטעל, וואָס האָט צו טהאָן מיט דער לאָגיק פון די מאַטעמאַטישע וויסענשאַפטען. דאָרטען קאָן דער לע־זער געפינען ניט נאָר די דערקלערונג פון דער ווידערזיניגער פאָר־מעל: „קוואַדראַט־וואָרצעל פון מינוס איינס“, נאָר אויך פון אפשר נאָך אַ ווידערזיניגערער פאָרמעל: „מינוס קוואַדראַט־וואָרצעל פון מינוס איינס.“ *)

דער וויכטיגסטער רעזולטאַט, צו וועלכען די מאָדערנע לאָגיק איז געקומען בנוגע צו די נעגאַטיווע און אויסגעדוכטע גרויסען, ווערט זעהר ריכטיג פאָרמולירט פון וואונדטען אזוי: „דער לאָגי־שער בעטייט פון די נעגאַטיווע און די אויסגעדוכטע גרויסען ליעגט אין דעם, וואָס זיי בעשטימען אַ חוץ די ריין מעטרישע שיכות׳ען פון די גרויסען, אויך נאָך די פערשיידענע שיכות׳ען פון זייער ריכ־טונג; דערביי דאַרף מען די בעגריפען ריכטונג און אויסציהונגען נעהמען אין אַ מעהר אַלגעמיין־לאָגישען זין, וואָס נעהמט אין זיך אַריין די רוימליכע שיכות׳ען נאָר ווי אַ ספּעציעלען פאַל.“**)

די צרה מיט דער דיאַלעקטישער לאָגיק ליעגט גראָד אין דעם, וואָס זי טראַכט וועניג וואָס וועגען די פערשיידענע ריכטונגען פון

---

*) ווי וואונדט, לאָגיק, בד. 2 (1894), זז. 87—249.

**) דאָרטען גופא, ז. 145. איין ביישפּיעל וועט אונז קלאָר מאַכען יענעם רעזולטאַט. לאָז זיין, אַז אין דעם מיטען פון דער ליניע בע—צע איז אויפגעשטעלט געוואָרען אַ פּערפּענדיקוליאַר אַ—דע, אַזוי אַז אַלע לי־ניעס: אַ—בע, אַ—צע און אַ—דע זענען אַבסאָלוט גלייך אין דער לענג; זיי שיידען זיך אָבער פאַנאַנדער אין דער ר י כ ט ו נ ג פון דעם פּונקט אַ. אַ—בע געהט רעכטס, אַ—צע לינקס און אַ—דע געהט אַרויף אין דער הויך. אויב מען זאָל זאָגען אַז די לענג פון אַ—בע איז גלייך „פּליוס איינס“, איז יעמאָלט די לענג פון אַ—צע „מינוס איינס“ און דער אַלגעב־רעאישער צייכען פאַר דער ליניע אַ—דע ווערט געפונען פון דער פּראָ־פּאָרציע: „פּליוס איינס שטעלט זיך צו אַ—דע, ווי אַ—דע צו מינוס איינס“. ממילא איז אַ—דע אין קוואַדראַט גלייך צו מינוס איינס אין קוואַדראַט. אָדער: אַ—דע איז גלייך דעם קוואַדראַט וואָרצעל פון מינוס איינס.

די פערשיידענע גרויסען. אזוי רעדט צ. ב. ענגעלס אין זיינע טענות אנטגעגען דיוהרינגען אזעלכע רעיד: „דער, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבען פּאַרטיג צו ווערן מיט העגעל'ס לעהרע וועגען „וועזען" ביז צו יענעם אָרט, וואו ער רעדט וועגען דער פּלאַטשיגקייט פון אזוינע בעגריפען, ווי די בעוועגונג פון קרעפטען אין להיפך'דיגע ריכטונגען און ניט לויט דעם אינוועניגסטען ווידערשפּרוך, וואָלט בעסער געטהאָן, ווען ער וואָלט לגמרי אויפגעהערט צו געברויכען אזעלכע געמיין־פּלעצער." *)

אָבער ערשטענס האָבען מיר שוין אויבען געזעהן, מיט וועלכע לאָגישע סאָפיזמען העגעל קעמפט אַנטגעגען די לאָגישע „פּלאַטשיגקייטען". והשנית, דאַרף מען ניט פערגעסען, אז עס זענען ליידער נאָך דאָ מאָמענטען אין דער געשיכטע פון דעם מענשליכען געדאַנק, ווען עס איז גאָר ניט קיין איבעריגע זאַך פאַר דער וויסענשאַפט — דערמאָנען אָן געוויסע, אַלעמען בעקאַנטע „געמיין־פּלעצער".

זאָגט אַליין, איז דאָס ניט אַ קלאָרער געמיין־פּלאַץ, אָן אמת'ע אויבענאויפיגע פּלאַטשיגקייט, ווען מאַרקס זאָגט, אז „די מיטעלאַלטער האָט ניט געקאָנט לעבען פון קאַטאָליציזם, ווי די אַלטע וועלט האָט ניט געקאָנט לעבען פון פּאָליטיק",**) אָדער ווען ענגעלס דערצעהלט אונז, אז „מענשען דאַרפען עסען, טרינקען, שלאָפען, האָבען אַ וואוינונג און קליידער, הייסט עס, ארבייטען, איידער זיי קאָנען קעמפען פאַר הערשאַפט און בעשעפטיגען זיך מיט פּאָליטיקע, רעליגיע, פילאָסאָפיע א. אז. וו."***)

און פון דעסטוועגען איז ענגעלס אַ ברעקעל ניט אין ספק, אז אין דעם אָנווייז אויף יענעם „מיט'ן האַנד אָנצוטאַפּענדען פאַקט" ליעגט איינער פון די אונשטערבליכסטע פערדיענסטען פון קאַרל מאַרקס****). און ער איז גריילעך גערעכט, ווייל מאַרקס האָט אין דער אמת'ען בעוויעזען אַ גרויסען, אונשאַצבאַרען דיענסט דער געזעלשאַפטס־וויסענשאַפט מיט דעם, וואָס ער האָט אזוי שאַרף

*) אַנטי־דיוהרינג, ז. 122.

**) קאַרל מאַרקס, דאָס קאַפּיטאַל בד. 1, (צווייטע אויפלאַגע), ז. 60.

***) זעה: פר. ענגעלס, „קאַרל מאַרקס". די נויאַגע. פינפטער יאָהרגאַנג. נומ. 35, ז. 550.

****) דאָרטען גופא.

אונטערגעשטריכען די מעכטיגע ווירקונג פון דעם עקאָנאָמישען פאַקטאָר אין דער געשיכטע פון די פעלקער. ניט קוקענדיג דערויף, איז דער „אַנצוטאַפּענדער פאַקט", אקוראט אזא טרואיזם, ווי די לעהרע פון די ריכטונגען, מיט וועלכע עס אָפּעדירט די מאטעמאטיק.

די נפקא מיניה איז, הפנים, נאָר אין דעם: האלט מען פון א וועלכען עס איז אלעמען בעקאַנטען גערדאנק, יעמאָלט רופט מען איהם: „אַנצוטאַפּענדער פאַקט"; אז ניט גיט מען איהם א צו־נעמעניש: „אַן אלגעמיינער, אויסגעטראָטענער פּלאַץ". אזעלכע ברוגז'דיגע, אומצופריעדענע צונעמענישען בעווייזען לחלוטין גאָר נישט און איידער מען ווענדט זיי אָן, איז ניט איבעריג צו דער־מאָהנען זיך אז ענגעלס'עס א ווערטעל, וואָס ער האָט געזאָגט אַנט־קעגען דיוהרינגען: „אזוינע אויסדריקען פון אומצופרידענקייט און פערדראָס קאָן מען אָנווענדען אומעטום און ממילא זענען זיי ערגעץ ניט אם פּלאַץ"*).

אָבער גאָר איבעריג זענען זיי אין אונזער פאַל, ווען מיר קאָנען, מיט דער הילף פון אזא „אַנצוטאַפּענדען פאַקט", ווי די פערשיי־דענקייט פון ריכטונגען, דערקלערען כמעט אלע מאטעמאטישע סימ־באָלען און צייכענס. די אַנטי־לאָגישע פאָרם פון געוויסע מאטע־מאטישע סימבאָלען קאָן דעריבער בשום אופן ניט אוועק נעהמען פון אונז אונזער כשר, לאָגיש רעכט — אין גאנצען אָבצולייקענען די עקזיסטענץ פון אינווענינסטע לאָגישע ווידערשפּרוכען אין דער נאַטור.

די דרויסענדיגע פאָרם פון דעם מאטעמאטישען אויסדרוק איז ניט מעהר ווי א צייכען, א סימבאָל, אַן „אידעען־בעדערפענים פון דעם מאטעמאטיקער". די „אידעען־בעדערפענים פון דעם מאטע־מאטיקער איז אָבער ווייט דערפון, צו זיין א צוואנג־געזעץ פאַר דער רעאלער וועלט"**). די דאָזיגע שעהנע ווערטער געהערען ווידער א מאָל ניט צו קיין אנדערן, נאָר צו ענגעלס'ען גופא, וואָס פערשטעהט אויסגעצייכענט דעם רעלאַטיווען בעדייט פון מאטעמאטישע סימ־באָלען דאָרטען, וואו זיי געהען להיפך צו זיין קאמף אנטגעגען דער פאָרמאלער לאָגיק.

*) אַנטי־דיוהרינג, ז. 47.
**) אַנטי־דיוהרינג, 40.

אויף אַזאַ'ן אופן זעהען מיר, אַז די דערקלערונג פון מאַטע־מאַטישע ווידערשפּרוכען מאַכט ניט דער לאָגיק קיין ברעקעל שוועריגקייט. לאָמיר איצטער זעהען, אויף וויפיעל די רעאַלע ערשיינונג פון דער נאַטור קאָנען צווינגען אונז, מיר זאָלען זיך אויסאיינען מיט די גרונד־געזעצען פון דער דיאַלעקטישער לאָגיק.

פון אַלע נאַטור־ערשיינונגען ווייזט ענגעלס אָן, דער עיקר, אויף די ערשיינונגען פון לעבען, ווי אויף אַ גבול פאַר דעם מעטאַפיזישען דענקען. פון יענער זייט גבול, זאָגט ער, „ווערט דאָס מעטאַפיזישע דענקען איינזייטיג, בעגרעניצט, אַבסטראַקט און פערפּלאָנטערט זיך אין ניט פאַנאַנדערצובינדענדע ווידערשפּרוכען“*).

אַז די ערשיינונגען פון לעבען זענען זעהר אַ פערפּלאָנטערטער ענין; אַז כדי צו פערשטעהן זיי, ווי דער סדר איז, מוזען מיר זיך אפשר אָבזאָגען פון אַ סך דמיונות, וועלכע אונזער „געזונטער מענשענפערשטאַנד“ האָט אַרויסגעבראַכט, און אַפילו פון אַ סך אמת'ען, וועלכע די מעכאַניש־פיזיקאַליש־כימישע וויסענשאַפט האָבען אויפגעבויט, — צו דעם געדאַנק ווערען מיר איצטער אַלץ מעהר און מעהר צוגעוואוינט, אַ דאַנק דער מאָדערנער ביאָלאָגיע און, דער עיקר, אַ דאַנק דער אויסטייטשונג פון די ביאָלאָגישע פאַקטען, וועלכע בערגסאָן שלאָגט פאָר אין זיין „בעשאַפערישער עוואָלוציע“.

אָבער דער אַלטער מאַטעריאַליסט ענגעלס האָט געוויס ניט געהאַט אין זין יענע נייע, אַנטי־מאַטעריאַליסטישע אַרגומענטען, וואָס פאָדערן, מיר זאָלען קוקען אויף די ערשיינונגען פון לעבען מיט גאַנץ אַנדערע אויגען, איידער אויף די ערשיינונגען פון דער ניט־בעלעבטער נאַטור, מיט וועלכע עס בעשעפטיגען זיך די מעכאַניק, די פיזיק און די כעמיע. ענגעלס איז אומצופריעדען מיט דעם „מעטאַפיזישען“ דענקען אין דער ביאָלאָגיע, מעהר נישט ווי דערפאַר, וואָס ער זאָגט זיך אויך דאָ ניט אָב פון די פאָרמאַל־לאָגישע גרונד־געזעצען. דער מעטאַפיזיקער, מיינט ענגעלס, לאָזט דאָ אַרויס פון אויג זעהר אַ וויכטיגען פונקט:

„אין די טאָג־טעגליכע פעלען“, זאָגט ער, „ווייסען מיר צ. ב.

*) אַנטי־דיוהרינג, ז. 7.

און מיר קאָנען בעשטימט ארויסזאָגען, צי עס עקזיסטירט א וואָסער עס איז לעבעדיג וועזען אָדער ניט. ביי א מעהר פינקטליכער אונ־טערזוכונג אָבער געפינען מיר, אז דאָס איז אָפט מאָל זעהר א שווערע מעשה; דאָס ווייסען אויסגעצייכענט די יוריסטען, וואָס האָבען אומזיסט זיך געפלייסט, אויפצושטעלען א ראציאָנאלען גרע־ניץ, וואָס פון איהם אָן זאָל די טויטונג פון א קינד אין דעם לייב פון דער מוטער בעטראכט ווערן, ווי א מאָרד. אין דעם זעלביגען גראד איז אויך אוממעגליך אויף זיכער צו בעשטימען דעם מאָמענט פון טויט: די פיזיאָלאָגיע דערווייזט, אז דער טויט שטעלט מיט זיך פאָר ניט קיין איינצייטיגע, מאָמענטאלע פאסירונג, נאָר א פראָ־צעס, וואָס געוועהרט גאנץ לאנג" *).

דער מאטעריאליסט ענגעלס איז, ווי מיר זעהען דאָ און ווי מיר וועלען נאָך שפּעטער זעהען, זעהר ווייט פון דעם געדאנק, אז דאָס לעבען שטעלט מיט זיך פאָר א ספּעציפיש אנדער זאך, איידער יענע ערשיינונגען, וועלכע מיר זענען געוואוינט אָנצונעהמען פאר ניט לעבעדיגע, און אז צוליעב דעם אליין מוזען מיר אין דער ביאָלאָגיע אָנווענדען גאנץ אנדערע דענק־און פאָרשונגס־מעטאָדען, איידער אין דער ניט־אָרגאנישער נאטור. פאר איהם איז לעבען ניט קיין אנדער זאך, ווי דיזעלביגע ארטען פון בעוועגונג, וואָס מיט זיי ווערען מיר בעקאנט אין דער מעכאניק, פיזיק און כעמיע. זיין דיאלעקטישע מעטאָדע איז אין דער ביאָלאָגיע נויטיג נאָר צוליעב דעם, כדי מיר זאָלען קאָנען פינקטליך דערקענען די קלענסטע איבער־גאנגס־שטופען פון טויט־זיין צו לעבעדיג־ווערן און פון לעבעדיג־זיין צו טויט־ווערן. צוליעב אָט די קליינסטע איבער־גאנגס־שטופען דארפען מיר זיך אָבזאָגען פון יענע דענק־געזעצען, וועלכע מיר ווענדען אָן אין דער פאָרמאלער לאָגיק.

אָבער — בלייבט ענגעלס אלעמאָל טריי צו אזא בליק אויף דעם ענין?

„הערר דיוהרינג", שרייבט ער אין אן אָרט, „האלט משמעות זיינע לעזער פאר זויג־קינדער. דער בעוויז פון איינצעלנע איבער־גאנגען און פערבינדונגען צווישען די קלענסטע רינגעלעך אין דער

---

*) דאָרטען גופא.

קעיט פון׳ם זיין, — אַט דאָס גראַד איז דאָך דער אינהאַלט פון די נאַטור־וויסענשאַפטען און איבּ ערגעץ־וואו בלייבט דער ענין שטעקען, וועט קיינעם ניט אַרויף אויפ׳ן זינען צו דערקלערען די ניי־ערשיענענע בעוועגונג פון גאָרנישט; נאָר מען דערקלעהרט זי דורך אַן אַריבערטראָג, אַ פערוואַנדלונג אָדער אַ פערשפּרייטונג פון אַ פריהערדיגער בעוועגונג“*).

אונז דוכט, אַז אין די ווערטער האָט ענגעלס אַליין אַרויס גע־געבען אַ פּסק אַנטגעגען דער נויטווענדיגקייט פון דער דיאַלעקטי־שער לאָגיק אין דער ביאָלאָגיע. די פּינקטליכע דערקענטניס פון די קלענסטע איבערגאַנגס שטופען איז די אויפגאַבע פון דער ווי־סענשאַפט בכלל. די ביאָלאָגיע מיט איהר גרונד־פּראָבלעם — „דאָס לעבען“ — איז דאָ ניט מעהר און ניט ווייניגער מיוחס, איידער די פיזיק אָדער די געאָלאָגיע.

אָדער דאַרף מען אפשר האָבען דעם דיאַלעקטישען דענק מעטאָד, כדי צו דערקלערען, ווי אַזוי בעוועגונג ווערט אַריבערגע־טראָגען, פערוואַנדעלט און פערשפּרייט?

בשום אופן וועל איך ניט לייקענען, אַז די דערקלערונג פון בעוועגונג, ווי אויך די דערקלערונג פון איהרע טראַנספאָרמאַציעס, פאָדערט אַזעלכע דענק־מיטלען, וואָס ליעגען אַ סך טיעפער איידער די אוצרות פון דעם געזונטען מענשען־פערשטאַנד. אָבער וואָס קאָן אונז דאָ דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם מיט זיין דיאַלעקטישער לאָגיק העלפען? די דיאַלעקטישע לאָגיק דערקלערט די בעוועגונג, ווי אַ ווידערשפּרוך; דער מאַטעריאַליזם פּטר׳ט אָב די שאלה מיט דעם פּשוט׳ען בעמערק, אַז די בעוועגונג איז די „זיינס־פאָרם פון דער מאַטעריע“. ביידע גיעבען ניט אַ רוק די שאלה ניט אויף איין שפּאַן פאָראויס.

אַ חוץ דעם: ווער־ווער, אָבער ענגעלס האָט אודאי קיין רעכט ניט אַריין ציעהען די „ניט־דערקלערבּאַרקייט“ פון לעבען אין אַ פערבינדונג מיט דער ניט־דערקלערבּאַרקייט פון בעוועגונג. דאָס איז דערפאַר, וואָס דער דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם נעהמט אויף דעם פּראָבלעם פון לעבען אין אַזאַ פּשטות, אַז אויב מען שטימט

*) אַנטי־דיוהרינג, ז. 44.

איין מיט זיין גרונד־געדאַנקען, איז יעמאָלט איבערהויפּט ניטאָ קיין פּרינציפּיעלע מניעות, פּינקטליך אויפצושטעלען יענעם מאָמענט, ווען לעבען ווערט פּלוצלונג געבאָרען.

„דאָס לעבען", זאָגט אונז ענגעלס, „איז ניט קיין אנדער זאַך, ווי די זיינס־פאָרם פון די איי־ווייסעל־קערפּער"*). עס איז דערי־בער קלאָר, אַז דאָרטען, וואו עס איז פאַראַן איי־ווייסעל; דאָרטען, וואו אַזאַ מין קערפּער ווערט אויפגעבויט פון ניט־אָרגאַנישע שטאָ־פען, — דאָרטען האָבען מיר אויך לעבען. ביי אַזאַ פעראיינפאַכ־טער מעטאָדע צו פערענטפערן פערשאָלטענע שאלות, איז די דיאַ־לעקטישע לאָגיק נאָך מעהר אַ פינפטער ראָד צום וואָגען, ווי ערגעץ וואו אנדערש.

דער מאָמענט פון לעבען איז אונז געגעבען מיט דעם אויפבוי־מאָמענט פון דעם איי־ווייסעל. קורץ, שאַרף און געשלאָסען. אויף אַזאַ'ן אופן איז די דערקלערונג פון לעבען אַקוראַט אַזוי גרינג פאַר דעם „מעטאַפיזיקער", ווי די דערקלערונג פון וועלכען איהר ווילט אַן אנדערן פיזישען אָדער כעמישען פאַקט. די דיאַלעקטיק האָט דאָ גאָרנישט ניט וואָס צו טהאָן. און אַקוראַט אַזוי איבעריג איז זי ביי דער דערקלערונג פון טויט. „פון דעם מאָמענט אָן ווען עס הערט אויף די שטענדיגע פערוואַנדלונג פון די בעשטאַנד־טיילען אין איי־ווייסעל־קערפּער", זאָגט ענגעלס, „פון יענעם מאָמענט אָן הערט אויף צו עקזיסטירען דער איי־ווייסעל־קערפּער גופא. ע ר פ א ל ט פ א נ א נ ד ע ר, ד אָ ס ה י י ס ט ע ר ש ט א ר ב ט א ו ו ע ק"**).

די וויסענשאַפט האָט, הייסט עס, צו איהר אייגענער פער־וואונדערונג, די פּינקטליכסטע מיטלען, ווי אַזוי אויפצושטעלען די מאָמענטען פון לעבען און טויט. און אויב ערגעץ־וואו טהוט זיך עס ניט אַזוי פלינק, ווי עס רעדט זיך, האָט דער מאַטעריאַליסט ענגעלס וועניגער פאַר אַלעמען דאָס רעכט צו זוכען די דערקלערונג פאַר „אַן ענטשטאַנענער אָדער פערשוואונדענער זיינס־פאָרם" ביי דעם ניט־זיין, אָדער, — וואָס דאָס איז די זעלביגע זאַך, — ביי אַ געמיש פון זיין און ניט־זיין, ד. ה. ביי דעם ווידערשפּרוך.

*) אַנטי־דיוהרינג, ז. 74.

**) אַנטי־דיוהרינג, ז. 75.

ענגעלס ווייזט אָן נאָך אויף אַ פאַקט פון דער ביאָלאָגיע, וואָס דאַרף אונז דיקטירן די נויטווענדיקייט פון דער דיאַלעקטישער דענק־מעטאָדע.

„יעדע אָרגאַנישע בריאה", זאָגט ער, „איז אין איטליכן הרף־עין דאָס און ניט דאָס, וואָס זי איז. אין יעדוועדן מאָמענט אַרבעט זי איבער שטאָפן, וואָס קומען פון דרויסן און שיידט אַרויס אַנדערע; אין יעדן מאָמענט שטאַרבן אָב קליינטעלעך פון איהר גוף און עס געשטאַלטן זיך נייע. אין אַ קירצערן אָדער לענגערן פעריאָד צייט ווערט דער שטאָף אין גאַנצן בעניים, פערביטן מיט אַנדערע אַטאָמען פון דער מאַטעריע אַזוי, אַז יעדע אָרגאַניזירטע בריאה איז דאָס, וואָס זי איז, און אין דערזעלביגער צייט עפּעס אַ גאַנץ אַנדער זאַך"*).

דער טעות פון דעם דיאַלעקטישען שלום שטאַמט דאָ, לויט אונזער מיינונג, פון דעם, וואָס דערביי ווערט געפיהרט אַ דאָפּעלזיניגער שפּיעל מיט דעם וואָרט „דאָס".

אונטער דעם וואָרט „דאָס" פערשטעהען מיר ערשטענס די געגעבענע מאָמענטאַלע ערשיינונג, אַ בעשטימטע אין דער צייט, — אָן ערשיינונג, וואָס ווערט, שטרענג גערעדט, אַלע ווייל לגמרי אַן אַנדערע. צווייטענס אָבער פערשטעהען מיר אונטער דעם וואָרט „דאָס" אַ ס כ ו ם פון געוויסע א י י ג ע נ ש א פ ט ע ן, וואָס בלייבען די אייגענע, אָדער כמעט די אייגענע, ביי דעם שטענדיגען פליעסען פון אַ וועלכער עס איז אַרט ערשיינונגען.

אַזוי צ. ב. בעשטעהט די פלאַם אין יעדען נייעם הרף־עין ווירקליך פון גאַנץ אַנדערע שטאָף־טיילכעלעך, איידער אין דעם פריהערדיגען. אָבער היות ווי די נייע שטאָף־טיילכעלעך טרעטען אַרויס מיט די זעלביגע אייגענשאַפטען, וואָס די פריהערדיגע, זאָגען מיר, אַז די פלאַם איז געבליבען דיזעלביגע פלאַם. שטרענג גערעדט אָבער, בלייבט זי דיזעלביגע פלאַם אויף יעמאָלט, ווען מען לעשט זי אויס און צינדט זי וויעדער אָן. זי בלייבט דעריבער דאָס, וואָס זי איז, נאָר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל איהרע איצטיגע טיילכעלעך זענען בעשענקט מיט דיזעלביגע אייגענשאַפטען, וואָס

*) אַנטי־דיוהרינג, ז. 7. פּגל. אויך ז. 75.

די פּריהערדיגע. זי איז געוואָרען אַן אַנדערע נאָר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל איהרע טיילכעלעך זענען אין זיך גופא אַנדערע, נייע.

דאָס אייגענע איז אויך מיט דעם לעבעדיגען אָרגאַניזם. אויף וויפיעל ער בעשטעהט פון גאַנץ נייע מאַטעריעלע אַטאָמען, אויף אַזוי פיעל איז ער געוואָרען אַן אַנדערער; אָבער אויף וויפיעל די אַטאָמען ווייזען ארויס דיזעלביגע אייגענשאַפטען, וואָס די פּריהערדיגע, אויף אַזוי פיעל בלייבט ער דאָס, וואָס ער איז געווען. אין דער ווירקליכקייט, פערשטעהט זיך, זענען בכלל ניטאָ קיין צוויי צושטענדען אין דעם לעבען פון אַן אָרגאַניזם, וואָס זאָלען זיין אין גאַנצען גלייך איינער צו דעם אַנדערען, די גלייכקייט מיט זיך אליין איז אין דעם מענשליכען אָרגאַניזם, ווי אין דעם לעבעדיגען אָרגאַניזם בכלל, שטרענג גערעדט, נים מעהר ווי אַ פיקציע. אַ ווייט נעהענדע עהנליכקייט, — אָט דאָס נעהמען מיר אָן פאַר גלייכקייט.

די דיאַלעקטישע לאָגיק טרעט ארויס אין דעם פאַל אין דער ראָליע פון אַ ק אָ מ פּ ר אָ מ י ס צווישען דעם נאַאיווען, טאָג־טעגליכען בליק אויף דער וועלט, — וואָס בעטראַכט אַ לעבעדיגען אָרגאַניזם, ווי עפּעס אַ שטענדיגס, עפּעס, וואָס איז תמיד גלייך זיך אליין, — און דעם וויסענשאַפטליכען בליק, וואָס שטרייכט אונטער מיט דער גאַנצער קראַפט דעם פאַקט, אז דער אָרגאַניזם האַלט אין איין שטענדיגען בייטען־זיך.

אָבער אַזאַ קאָמפּראָמיס איז מעגליך אויך אין די גרעניצען פון דער פאָרמאַלער לאָגיק: מען דאַרף נאָר ניט ארויס לאָזען פון אויגען יענע „אויף וויפיעל — אויף אַזוי פיעל", „פון איין זייט — פון דער אַנדער זייט", וועלכע הענגעל האָט מבזה געווען מיט אַזאַ פערריסענער נאָז, און וואָס זייער ארויס־יאָגען פון דער וויסענשאַפט וואָלט געהייסען אַ סוף צו דעם וויסענשאַפטליכען דענקען.

* * *

רעזיומירען מיר אַלץ, וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען דער דיאַלעקטישער לאָגיק אין איהר פערבינדונג מיט דעם מאַטעריאַליזם, קומען מיר צו אָט וועלכע רעזולטאַטען:

ר א ש י ת. די דיאַלעקטישע לאָגיק מיט איהר אָבלייקענען דעם ווידערשפּרוך־געזעץ, דאַרף בעטראַכט ווערן ווי אַ פּראָדוקט פון געוויסע פילאָסאָפישע פאָרבעדינגען, וואָס האָבען אָבער איצ־

טער, אַ דאַנק דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון דעם מענשליכען געדאַנק, פערלאָרען זייער פילאָסאָפישען בעדייט.

ש נ י ת. די צונויפ־פאָרונג פון דער דיאַלעקטישער לאָגיק מיט דעם מאַטעריאַליזם נעהמט ביי איהר אוועק יעדען שאָטען פון אַ וואָסער עס איז טעאָרעטישער בעגרינדונג. די מאַרקסישע קריטיק פון דער פאָרמאַלער לאָגיק וואָלט מען געקאָנט פערשטעהן און מוחל זיין, ווען מאַרקס'עס וועלט־אַנשויאונג וואָלט געבליבען אין די גרעניצען פון דער העגעל'שער פילאָסאָפיע, פון וואַנען זי שטאַמט אָב. אָבער אויף דער פלאַנץ־ערד פון דעם מאַטעריאַליזם טרעט יענע קריטיק אריין אין אַ צונויפשטוים מיט פרינציפען, וועלכע מאַרקס און ענגעלס האַלטען פאַר ריכטיגע.

ו ה ש ל י ש י ת. פאַר אַ וויסענשאַפטליכער דערקלערונג פון די וועלט־ערשיינונגען איז די דיאַלעקטישע לאָגיק לגמרי איבעריג. אויף דעם בריי͏טען, ווייטען פעלד פון דער פראַקטיקע קאָן מען זי ניט אָנווענדען. זי מוז דאַ, אויס אייגענער איניציאַטיווע, אַי־בערלאָזען דעם פּלאַץ דער פאָרמאַלער לאָגיק און אויף אַזאַ'ן אופן פיהרען צו אַ דערקענטניס־טעאָרעטישען דואַליזם, וואָס קאָן מיט קיין זאַך ניט פערענטפערט ווערן.

קורץ: פ י ל אָ ס אָ פ י ש איז זי ניט בעגרינדעט, פאַר דער וו י ס ע נ ש אַ פ ט איבעריג, אין דער פּ ר אַ ק ט י ק ע מעהר שעדליך, איידער אָהן־נוצען, און ממילא האַלט זי אומעטום ניט אויס קיין קריטיק.

* * *

די דיאַלעקטישע לאָגיק איז דער פונדאַמענט פון דעם דיאַלעקטישען מאַטעריאַליזם, דעם פילאָסאָפישען געביי פון מאַרקס און ענגעלס. אויף דער דיאַלעקטישער לאָגיק רוהט די דיאַלעקטישע ענטוויקלונגס־לעהרע. אויף דער דיאַלעקטישער ענטוויקלונגס־לעהרע — די דערקענטניס־טעאָריע און די דיאַלעקטישע מעטאָדען־לעהרע. אויף די דריי זיילען ווערט אויפגעבויט די נאַטור־פילאָסאָפיע און די סאָציאָלאָגיע. נאָך העכער אויבען — די געשיכטס־פילאָסאָפיע; די קרוין פון דעם גאַנצען שטאָלצען געביי איז די טעאָריע פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם.

אלע וויכטיגע טיילען פון דעם מארקסיסטישען סיסטעם האָ־
בען זייערע אייגענע פעהלערן, אָבער אויך א סך פעהלערן וואָס
שטאַמען דירעקט אָדער אינדירעקט אָב פון יענעם אונגליקליכען
שידוך, וואָס מארקס׳ען האָט זיך פערוועלט דורכפיהרען אין דער
פילאָסאָפיע: וויעדער א שידוך צווישען א׳לייכטען שמעטערלינג,
דער העגעל׳שער ווידערשפרוך־לאָגיק, מיט א היפּאָפּאָטאַם, דעם מאַ־
טעריאַליזם.

די קריטיק פון דעם גאנצען מארקסיסטישען סיסטעם פון
ד ע ם שטאַנדפּונקט דארף נאָך ערשט געמאַכט ווערן.

מיר האָבען דערווייל געגעבען מאַטעריאל צו דעם ערשטען
קאַפּיטעל פון אזא עד היום נאָך נויטיגער ארבייט.

# דער שטוטגאַרטער קאָנגרעס*)

אַ סך בעזוכער פון דעם שטוטגאַרטער אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס, — דערהויפּט, די „געסט“, — זענען אַוועקגעפאָהרען, זאָגט מען, זעהר ענטוישט. זיי האָבען געהאָפט אויף אַ סך מעהר: זעהען מעהר כוח און מאכט פון דער וואקסענ־דער פּראָלעטאַרישער אַרמעע, מעהר התלהבות ביי די קעמפער פאַר דער מענשהייטס בעגייאונג; מעהר פּראַקטישע און רעזאָלוטע אַרויסטרעטונגען און אין דערזעלביגער צייט אַ גרעסערען אינטע־לעקטועלען און מאָראַלישען שאַפען.

די רוסישע פּרעסע האָט שוין אויך געמוזט זיך רעכענען אָט מיט דער שטימונג פון ענטטוישונג, וואָס אייניגע האָבען אַרויס־געטראָגען פון דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס.

די צייטונג „טאָוואַרישטש“ פערטיידיגט דעם קאָנגרעס מיט דער טענה, אַז פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַל איז שוין אַריבער די צייט פון יוגענדליכע התלהבות, פון „תפילות און זיסע קלאַנגען“. עס איז פאַר איהם געקומען די צייט פון ניכטערע אַרבייט, פון וואָ־כעדיגע קלייניגקייטען און אַז אין דעם אומשטאַנד גופא, — וואָס איז אפשר זעהר וועניג מאַגנעטיש פאַר די זייטיגע מענשען, — ליעגט — גלויבט די צייטונג — די ערבות פאַר דעם ערפאָלג פון דער אַרבייטער־בעוועגונג.

מיר דוכט אָבער, אַז דער קאָנגרעס נויטיגט זיך ניט אין אַזא פערטיידיגונג, און די אַלע תרעומות זענען אַ פּראָדוקט פון מים־פערשטענדנים און קנאַפּע בעקאַנטשאַפט מיט דעם ענין.

מען פערגלייכט שטוטגאַרט מיט לאָנדאָן, ציוריך, פּאַריז. מען פערגעסט אָבער דערביי, אַז זינט פּאַריז האָט זיך די גאַנצע אָרגאַ־ניזאַציע פון דעם קאָנגרעס שטאַרק איבערגעביעטען. ביי די פרי־

*) סערפּ בד. 2 (1908), ז. 227-265.

זערדיגע סאָציאַליסטישע צוגויפפאָהרען פלעגט דער שווערפונקט ליעגען אין די זיצונגען פון דעם פלענום. די פראָמינענטערע פיה־רער פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם פלעגען ארויסטרעטען פאַר די דעלעגאַטען, די געסט און דעם עולם מיט אַלץ, וואָס האָט ביי זיי, ביי יעדען איינעם, אָנגעוועהטיגט אויף דער נשמה.

זיי האָבען געדונערט אַנטגעגען דער אַלטער אָבגעלעבטער וועלט, אין דער פערזאָן פון די מאַכטהאָבער אין יעדען איינצעלנעם לאַנד. זיי האָבען בעלויכטען אַלע ניעדערטרעכטיגקייטען פון די הערשענדע קלאַסען, וואָס זענען בעגאַנגען געוואָרען אין דעם פער־פלאָסענעם פעריאָד. פאַר דעם פלענום פלעגען זיי פאַנאַנדער־עפענען די ליכטיגע האָריזאָנטען פון דער צוקונפט, פלעגען בע־קאַנט מאַכען די חברים מיט דער לאַגע פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג אין זייער לאַנד, ביי זייער פאָלק. און דאָ גופא, פאַר דעם פלענום פלעגען פאָרקומען די שאַרפע ויכוחים צווישען פער־שיידענע טאָערעטישע ריכטונגען און עס פלעגען פאַנאַנדערגע־קליבען ווערען די פראַקציאָנערע און אָרגאַניזאַציאָנערע שטרייטיג־קייטען.

דער וואָס האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט אַלץ, וואָס עס איז גערעדט געוואָרען אויף די עפענטליכע זיצונגען, פלעגט אַוועק געהן, בערייכערט מיט אַ סך נייע קענטניס; זיין שטעלונג צו דער אָדער יענער פראַגע, צו דער אָדער יענער פּאַסירונג, — אין דער פאַרטיי אָדער אין דער וועלט, — פלעגט ווערן קלאָרער. אַ פריינד אָדער אַ פיינד, פלעגט ער מוזען בעוואונדערן יענע גייסטיגע ענערגיע, יענעם שטראָם פלאַמענדען געפיהל, וואָס פלעגען זיך ארוים ווייזען אויף דעם קאָנגרעס.

איצטער האָט זיך דאָס בילד אין גאַנצען געענדערט. די עפענטליכע זיצונגען פון דעם פלענום האָבען, — אין דעם פרט פון היסטאָרישען בעדייט, — זיך אָבגערוקט כמעט אויף גאָר דעם לעצ־טען פּלאַן. דאָס געזעץ פון ארבייטס־טיילונג האָט טריאומפירט אויך אין די ארבייטען פון דעם קאָנגרעס. אין איין צייל מיט דעם פלענום זענען ארויסגעטרעטען נייע געבילדען, אין וועלכע עס דריקט זיך אוים די גייסטיגע ארבייט פון דעם צוגויפפאָהר.

ערשטענס, זענען דאָס די ליטעראַרישע פערעפענטליכונגען

פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען ביוראָ. אויף דעם שטוטגאַרטער קאָנ־גרעס האָבען זיי פיגורירט אין דער געשטאַלט פון דריי בכבוד'ע בענד פון באַלד אַ 2,000 זייטלעך. דער לעזער האָט געקאָנט גע־פינען אין זיי די בעריכטען וועגען דער טהעטיגקייט פון די פערשיי־דענע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס אין די פערשיידענע לענדער, בעריכטען וועגען די זיצונגען פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען ביוראָ גופא און אויך די רעזאָליוציעס, וואָס זענען פאָרגעשלאָגען געוואָרען פאַר דעם קאָנגרעס, מיט ברייטליכע קאָמענטאַרען און מעמאָריא־לען צו זיי. אויב די בעריכטען פלעגען אויך פריהער געדרוקט ווערן פאַר'ן קאָנגרעס און פלעגען פאַנאַנדערגעטיילט ווערן צווישען די דעלעגאַטען, פלעגט אָבער דער טעקסט פון די רעזאָלוציעס און זייער פערטיידיגונג מצד די אריינטראָגער, בעשעפטיגען די אויפ־מערקזאַמקייט פון דעם פלענום.

אַ גאַנץ אַנדער בעדייטונג האָבען אויך בעקומען די קאָמי־סיעס, וועלכע מען קלייבט אויס, כדי צו בעטראַכטען יעדען איינצעלנעם פונקט פון דער טאָג־אָרדנונג און כדי אויסצואַרבייטען אַ מעגליכסט איינשטימיגע רעזאָלוציע.

פריהער האָבען אַזעלכע קאָמיסיעס געדיענט נאָר ווי אַ פּלאַץ פאַר אַ פּראָבע־קאַמף, אין וועלכען די שטרייטענדע צדדים פלעגען אויספּרואווען די פעסטקייט פון זייערע פּאָזיציעס. אויף דעם אַמסטערדאַמער קאָנגרעס פלעגט אין זיי שוין פאָרקומען די גענע־ראַל־פּראָבע פון דער שלאַכט. אָבער נאָר אויף דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס האָבען זיי זיך פערוואַנדעלט אין דעם הויפּט שלאַכט־פעלד, כמעט דעם איינציגען אָרט, וואו עס ווערן אויסגעקעמפּט די פער־שיידענע ריכטונגען.

דעם פלענום פלעגט מען אויף דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס ברענגען אַ פאַרטיגען רעזולטאַט, דעם אַלכסון פון די אידעען־קרעפטען, וואָס האָבען זיך געשטעלט איינע אַנדערער אין וועג. און נאָר שוין נאָך אַן אומרוהיגע קראַפט, אונטער דעם דרוק פון שוין נאָר וויכטיגע טעמים, פלעגט פאַר דעם פלענום געפינען מוטה, וויעדער אַרויס צוטיילען זיך פון דעם אַלגעבראַאישען פליוס־מינוס, אין וועלכען זי איז געווען בע'חשבונ'ט און דערטרונקען אין די זי־צונגען פון דער קאָמיסיע. אָבער אויך אין דעם פאַל איז איהר גורל

לכתחילה געווען בעשטימט אין זיצונגען, וואָס זענען, וויעדעראַמאָל, פאָרגעקומען מחוץ פון דעם פּלענום: מיר מיינען דאָ די זיצונגען פון די נאַציאָנאַלע סעקציעס.

אויף דעם שטוטגאַרטען קאָנגרעס בעמערקען מיר אַן ערנסטערע שטעלונג צו די ארבייטען פון די איינצעלנע נאַציאָנאַלע סעקציעס. אַט די זיצונגען אין די סעקציעס מוזען מיר בעטראַכטען פאַר דעם ד ר י ט ע ן נייעם איינפיהר אין דער אָרגאַניזאַציע פון דעם קאָנגרעס. די דעלעגאַטען, וועמען די סעקציע פלעגט שיקען אין די קאָמיסיעס, פלעגען קומען צוריק אין דער סעקציע, פלעגען אָבגעבען אַ בעריכט וועגען אַלץ, וואָס דאָרטען איז פאָרגעקומען, און פלעגען מאָטיווירען די אָדער יענע שטעלונג, וועלכע די סעקציע דאַרף אָננעהמען בנוגע צו דער אָדער יענער פראַגע, צו דער אָדער יענער רעזאָלוציע. אויף די עפענטליכע זיצונגען פלעגען די חברים קומען שוין מיט אַ פאַרטיגען בעשלוס, צו וועלכער פון די קעמפענדע רעזאָלוציעס צוצושטעהן.

אויף אַזאַ'ן אופן זענען די פּלענאַר־זיצונגען פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פּלאַץ, וואו עס ווערן געמאַכט (און, געוועהנליך, שלעכט אויסגעהערט) די עפענטליכע דערקלערונגען מצד די אָדער יענע פעלקער, אָרגאַניזאַציעס אָדער ריכטונגען, און וואו עס ווערן דורכגעפיהרט די אָפיציעלע אָבשטימונגען.

די „עמאָציאָנעלע פונקציעס" פון דעם קאָנגרעס, דער גאַנצער צאַרן זיינער און זיין גאַנצע האָפענונג, יענע „תפילות און זיסע קלאַנגען", וואָס פאַר אַנדערע ליעגט גראַד אין זיי דער איינציגער חן פון די סאָציאַליסטישע קאָנגרעסען, האָבען זיך שוין אין אַמסטערדאַם אויסגעטיילט אין בעזונדערע פערזאַמלונגען, אַלץ וויעדער, מחוץ דעם קאָנגרעס: די פאָלקס־מיטינגען און די באַנקעטען.

אַ חוץ דעם האָבען אין שטוטגאַרט געמאַגט נאָך צוויי צונויפפאָהרען, וועמעס דעלעגאַטען עס זענען אין דערזעלביגער צייט געווען דעלעגאַטען צו דעם אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס. דאָס זענען געווען „די צווישען־פאַרלאַמענטארישע קאָמיסיע פון דעם אינטערנאַציאָנאַל" און „די ערשטע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ פון סאָציאַליסטישע פרויען".

און דערצו, אויך נאָך אין ענגער שיכות צו דעם שטוטגאַרטער

קאָנגרעס, האָט שטאַטגעפונען די ערשטע זיצונג פון די פערטרע־טער פון דער אַלוועלטליכער סאָציאַליסטישער אַרבייטער־יוגענד.

מען מוז בעקאַנט ווערן מיט די אַלע ליטעראַרישע פערעפענט־ליכונגען, מיט אַלע אַרבייטען פון די קאָמיסיעס און די סעקציעס, מיט אַלע רעדעס אויף די מיטינגען און באַנקעטען, מט די פער־זאַמלונגען פון די פּאַראַלעלע און ספּעציעלע זייטיגע צונויפפאָהרען און זייערע זיצונגען, און ערשט דערנאָך צוגעבען צו זיי די פּלענאַרע זיצונגען פון דעם קאָנגרעס גופא, כדי אַרויסצוטראָגען אַזאַ אָדער אַן אַנדער ווערדיקט וועגען די וויכטיגקייט און דעם בעדייט פון דעם גאַנצען קאָנגרעס.

ליידער זענען די רעפּאָרטער־פונקציעס און דער סטענאָגראַ־פישער דיענסט פון דער פּאַרטיי־פּרעסע און די פּאַרטיי־סעקרעטאַ־רען נאָך ניט איינגעאָרדנעט, ווי עס דאַרף צו זיין, און אַ סך פון דעם, וואָס קומט פאָר אויף דעם קאָנגרעס גופא אָדער אויף די זי־צונגען, וואָס זענען פערבונדען מיט איהם, געהט לגמרי פערפאַלען פאַר דער געשיכטע.

לאָמיר האָפען, אַז מען דאַרף ניט לאַנג וואַרטען אויף דער צייט, ווען דאָס אינטערנאַציאָנאַלע ביוראָ וועט אויף דעם גאַנצען משך פון דעם קאָנגרעס אַרויסגעבען אַן אייגענע צייטונג, וואָס זאָל מיט סטענאָגראַפישער פּינקטליכקייט איבערגעבען דער וועלט אַלע, אפילו די קלענסטע קלייניגקייטען פון יענער באמת גראַנדיעזער וועלט־פּאַסירונג, וועמעס נאָמען עס איז דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס.

אַ ריין אינפאָרמאַטיוועס בוך, וואָס זאָל צונויפגעשטעלט ווערן אויף דעם סמך פון אַזעלכע פולע בעריכטען וועגען יעדען איינ־צעלנעם צונויפפאָהר, וואָלט ניט נאָר געווען דער בעסטער היסטאָ־רישער מאָמענט, ניט נאָר אַ קוואַל צו שטודירען די געשיכטע פון דעם צווישען־פעלקערליכען סאָציאַליזם, נאָר אויך זיין וואַנגעליום, דאָס בעסטע פּראָפּאַגאַנדאַ־מיטעל פאַר זיינע אידעען.

וואָלטען מיר שוין איצטער געהאַט אַזעלכע ביכער וועגען די סאָציאַליסטישע צונויפפאָהרען, וואָלטען זיי אונז בעוויעזען, אַז דער שטוטגאַרטער קאָנגרעס דאַרף בשום אופן ניט אָראָבפאַלען פאַר זיינע פאָרגענגער ניט לויט די וויכטיגקייט פון די געדאַנקען, וואָס

זענען אויף איהם אַרויסגעזאָגט געוואָרען, ניט לויט דעם ווערטה און דער טיעף פון די ליידענשאַפטען, וואָס האָבען זיך אַרויסגע־ריסען אויף איהם, און אַז אין איינינגע פונקטען, שטעהט ער נאָך געווים העכער פאַר זיי.

איך האָב ניט די פּרעטענזיע צונויפשטעלען אַזאַ בוך וועגען דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס. עס פעהלען דערצו די נויטיגע מאַ־טעריאַלען, וואָס זייער גרעסטער טייל איז אויף אייביג דערטרונקען געוואָרען אין דעם שטראָם פון דער פערגאַנגענהייט, און קיין צייט דערצו איז אויך ניטאָ.

האָבענדיג אין זין אונזערע שפּעציעלע אויפגאַבען, וועל איך אַרויסנעהמען נאָר איין קאַפּיטעל פון אָט דעם בוך, — אמת, דעם, נאָך מיין מיינונג נאָך, אינטערעסאַנטעסטען, וואָס מען קאָן איהם אַ נאָמען געבען: „נאַציאָנאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם אויף דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס“. אין דעם ליכט פון אָט דעם קאַפּי־טעל וועל איך בעריהרען אויבען־אויף אויך די אַנדערע מאָמענטען און רעזולטאַטען פון דעם צונויפפאָהר, די וויכטיגערע.

.2

און פון דעסטוועגען מוזען מיר מיטטיילען דעם לעזער אויך אַ פּאָר עפּיזאָדען פון די, וואָס זענען פאָרגעקומען מחוץ דעם קאָנ־גרעס, כדי ער זאָל בעקומען אַ בעגריף וועגען דער מאַסע פון די אינטערעסאַנטע, וויכטיגע און טיעפע ענינים, וואָס זענען בעהאַנ־דעלט געוואָרען דרויסען פון זיינע ווענט.

איך וועל אָנהויבען מיט דעם „עמאָציאָנעלען טייל“, מיט יענע „תפילות און זיסע קלאַנגען“, וואָס זייער צוועק איז — אויסצו־דייניגען, אָבצופרישען די נשמה דורך דעם בעוואוסטזיין פון דער גרויס, וואָס שטעקט אין יענער איינציג היילינגער זאַך, אויף וועל־כער עס אַרבייט איצטער די מענשהייט אין דער געשטאַלט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען פּראָלעטאַריאַט.

איך ווייס ניט, צי וועט זיך אין דער גאַנצער געשיכטע פון די פריהערדיגע סאָציאַליסטישע צונויפ־פאָהרען געפינען לאָז זיין איין עפּיזאָד, וואָס זאָל זיך קאָנען פערגלייכען מיט דער רעדע פון

דעם שווייצאַרישען דעלעגאַט ג ר י י ל י ך, אויף דעם פאָלקס־מיטינג, אונטער פרייען הימעל, אויף דעם קאָנשטאַטער פלעין.

דער אַלטער, גראָהער אַרבייטער אויף דעם פעלד פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם, אַליין אַרויסגעוואַקסען פון די טיעפע שיכטען פון דעם פּראָלעטאַריאַט, האָט אין זיין רעדע דערמאָהנט אָן יענער צייט, צוויי און פערציג יאָהר צוריק, ווען ער האָט אין איינעם מיט בעבעל'ן און נאָך איינינע חברים אַוועק געלעגט דעם פונדאַמענט פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַל אין דייטשלאַנד, גראָד דאָ אין שטוטגאַרט, גראָד אין דערזעלביגער „ליעדער־האַללע", וואו עס קומען פאָר די זיצונגען פון דעם קאָנגרעס.

„פון יענער מחנה זענען מיר געבליבען נאָר צוויי: איך און בעבעל. דערפאַר איז די מחנה גופא אויסגעוואַקסען", האָט ער געזאָגט, אַרומנעהמענדיג מיט זיין בליק די הונדערט־טויזענט־קעפּיגע מאַסע. „אין דעם אַרבייטער קלאַס האָבען מיר פערזעעט די זריעה פון דעם גרויסען און הערליכען מענשהייטס־אידעאַל, דעם אידעאַל פון דער צוקונפטיגער געזעלשאַפט. אין מיליאָנען הערצער האָט דער אידעאַל טיעפע וואָרצלען געלאָזען און קיין פּאָליציי, קיינע שטראָפען קאָנען זיי ניט אַרויסרייסען (ש ט ו ר ע מ ד י ג ע א פּ ל א ָ ד י ס מ ע נ ט ע ן). „טיעף אין דעם מענשליכען הארצען ליעגט איינגעגראָבען די בענקשאַפט נאָך גליק, די בענקשאַפט נאָך אַ געזעלשאַפט, אין וועלכען עס וועלען ניט זיין קיין קנעכט, עס וועט ניט זיין קיין עקספּלאָאַטאַציע, — נאָך אַ געזעלשאַפט וואָס וועט בעפרייען אַלע אַרבייטליעבענדע מענשען פון די דאגות, ווי אַזוי פאַרטיג צו ווערן מיט די נויטען פון לעבען".

„דיזעלביגע בענקשאַפט ליעגט טיעף בעהאַלטען אפילו ביי יענע, וואָס זענען איצטער נאָך גאָר ניט בעוואוסט דערפון. אפילו צווישען אונזערע געגנער געפינען זיך ניט וועניג מענשען, וואָס וועלען דערנאָך בעוואוסט ווערן פון זייער בענקשאַפט. און יעמאָלט וועט די געשיכטע מאַכען אַ גרויסען שפּרונג פאָראויס (ש ט ו ר ע מ־ ד י ג ע א פּ ל א ָ ד י ס מ ע נ ט ע ן). אַט דער ענדציעל פון אונזערע שטרעבונגען מאַכט שטאַרק ווי שטאָהל אונזער קראַפט".

„אויף מיין גורל איז אויסגעפאַלען דאָס גליק מיט מיינע אויגען צו זעהען דעם מעכטיגען וואוקס פון דעם אַרבייטער־קלאַס אין

די לעצטע פערציג יאָהר. ווי די אידען אונטער משה'ס פיהרער־שאַפט, וואָס איז אויך געווען א מורד במלכות, טומלער און סטרייק־מאַכער (שטורעמדיגע פרעהליכקייט), האָבען נעדאַרפט פערציג יאָהר ארומוואַנדערן אין מדבר, איידער זיי זענען געקומען אין דעם צוגעזאָגטען לאַנד, אזוי האָט אויך די ארבייטער־בעוועגונג איהר ארץ־כנען און זי וועט איינגעהמען יענע הייליגע לאַנד, אין וועלכען די מענשהייט וועט זיך אויפהויבען און וועט נעהמען אַן אַנטייל אין דער הייליגער קולטורעלער ירושה פון דער גאַנצער מענשהייט" (שטורעמדיגע אפּלאָדיסמענטען).

אָט דאָס איז די לעבענס־פילאָסאָפיע פון יענעם זקן, דעם קעמפער, דעם סאָציאַליסט. דורכגעלעבט אין איינעם מיט זיין קלאַס, אין אייביגע צונויפשטויסען מיט דער בורזשואזיע, די גאַנ־צע אימה פון דעם עקאָנאָמישען דרוק און דער עקספּלואַטאַציע, אויף זיין אייגענער הויט דורכגעשפּיהרט אין דעם טאָג־טעגליכען קאַמף, וועלכע אומגעהויערע קרעפטען מען מוז אָנשטרענגען, וועלכע קרבנות מען מוז ברענגען, כדי אָבצוראַנגלען ביי דער בורזשואזיע לאָז זיין א ברעקעלע לעבענס־גליק פאַר דעם ארבייטער־קלאַס, שטעהט ער איצטער, א קינד פון פאָלק, ביי דעם ברעג פון זיין קבר און זאָגט אָב אין זיין צוואה צו די חברים דעם גלויבען אין דעם מענשען, אָט דעם יסוד פון זיין גלויבען אין דעם סאָ־ציאַליזם; דעם גלויבען אין דעם מענשען, ווי א פּראָדוקט פון אַלע זיינע פּיעל־יעהריגע מחשבות וועגען דעם לעבען און פון די אייב־דרוקען, וואָס דאָס לעבען האָט געמאַכט אויף איהם; דעם גלויבען אין דעם מענשען, ווי דעם לעצטען רעזולטאַט פון זיין גאַנצער רייכער ערפאַהרונג, ווי דעם טריאומפירענדען פינאַל פון א גאַנצען לעבען, געווידמעט דעם קאַמף פאַר דעם גליק פון דעם פאָלק.

עפּעס נביאים'שעס, עפּעס אַלט־יודעאישעס וועהעט דאָ פון זיין פיגור און פון זיינע קורצע רעיד.

אויב ס'איז אמת, וואָס גרייליך האָט דאָ געזאָגט וועגען דער אַלגעמיין־מענשליכער בענקשאַפט נאָך א גערעכטער געזעלשאַפטס־אָרדנונג, איז פון דעסטוועגען ניט שווער צו פערשטעהן, פאַר וואָס די דאָזיגע בענקשאַפט לעבט מעהר אין די הערצער פון דעם פּראָ־

לעטאַריאַט, איידער אין די הערצער פון דער בורזשואַזי. די קלאַ־סען־לאַגע פון דער אַרבייטערשאַפט שטימט צונויף מיט איהר און מאַכט זי נאָך שטאַרקער. ביי דער בורזשואַזי ווערט אָבער יענע בענקשאַפט איבערגעשריען און פערטויבט דורך איהר קלאַסען־לאַגע און איהר קלאַסען־אינטערעס.

אויב אָט די בענקשאַפט ליעגט ערגעץ־וואו „טיעף איינגעגראָבען" אין די הערצער פון דער בורזשואַזיע איז דאָס סיידען נאָר אין דער פאָרם פון אַ ספּרונזשין, צונויף געדרעהט אין דרייען, צו־נויפגעפּרעסט און צונויפגעקוועטשט אין די שרויבען פון איהרע קלאַסען־תאוות. געוויס, ווי נאָר די נצחונות פון דער פּראָלעטאַ־רישער רעוואָלוציע וועלען איהר קלאָר מאַכען, ווי ווייניג פּרוכטבאַר עס קאָן זיין איהר ווידערשטאַנד, וועט די בעפרייטע ספּרונזשין פון דער אַלגעמיין־מענשליכער בענקשאַפט זיך אויפ'ן שטעל אויס־גלייכען און וועט בלי ספק אויפטהאָן איהרס: זי וועט אַוועק נעה־מען ביי דער בורזשואַזי דעו אינוועניגסטען בעוואוסטזיין פון איהר גערעכטיגקייט און וועט ניט אויפהערען צו ענבערן איהר אין מוח דעם פאַקט, אַז דער אַלגעמיין־מענשליכער אמת און דער אַלגע־מיין־מענשליכער יושר זענען אויף דער זייט פון דעם פּראָלעטאַ־ריאַט. שוין איצטער רייסט זיך אָט די בענקשאַפט אַרויס ביי אַ סך קינדער פון דער בורזשואַזיע, וואָס פערלאָזען זייער אייגענעם קלאַס און געהען איבער אין דעם סאָציאַליסטישען לאַגער.

אָבער לאָמיר לאָזען די בורזשואַזיע. די געשיכטע וועט שוין שפּעטער בעווייזען, צי איז אַזאַ לעבענס־פילאָסאָפיע ווי די, וואָס בעזעעלט דעם אַלטען ג ר ו י ל י ך, האָט געטראָפען דעם אמת, אָדער זי איז געווען נאָר אַ ראָמאַנטישער נעפּעל.

לאָמיר בעסער פרעגען, וואו האַלט דאָס איצטער מיט יענער בענקשאַפט ביי דעם פּראָלעטאַריאַט גופא, ביי זיינע פיהרער אויף דער אַרענע פון דעם סאָציאַליסטישען קאַמף? ווערט זי ניט פער־שטעלט ביי איהם און ביי זיי דורך טויזענט קלייניגקייטען פון דעם טאָג־טעגליכען לעבען?

ליידער, מוז מען ענטווערן: יע, זי ווערט זעהר אָפט פער־שטעלט און פערטונקעלט. דער עיקר, זענען די לעצטע יאָהרען געווען זעהר ווייניג גינסטיג פאַר יענער אַלגעמיין־מענשליכער

תשוקה. דער טיעפער גלויבען אין דעם נאָהענטען פריעדליכען טריאומף פון דעם סאָציאַליזם, — אַ טריאומף, וואָס איז פערוואָה־רענט שוין אַ דאַנק דעם אָנוואַקסען פון די פּראָלעטאַרישע אַרמעען, — אַ דאַנק דעם „שטים־צעטעל", — האָט ניט אַרויסגערופען קיין נויטה אין וואָסערע איז אַנדערע געפיהלען, אַ חוץ דער ענערגיע אין דעם פּאָליטישען קאַמף און דעם בעוואוסטזיין, אַז דער „נאַטיר־ליכער גאַנג פון דער ענטוויקלונג" וועט ממילא אַלץ פיהרען צום בעסטען אָט אויף דעם ערגסטען פון אַלע וועגען.

דער פּראָלעטאַריאַט האָט אין דער לעצטער צייט וועניג וואָס נעטראַכט סיי וועגען די פּראַקטישע מיטלען, ווי אַזוי שוין צו פער־ווירקליכען דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל, סיי וועגען די קאַמף־מעטאָדען, ווי אַזוי אוממיטעלבאַר אָנצופאַלען אויף דער קאַפּיטאַ־ליסטישער געזעלשאַפט.

אויף די אַלע פראַגען און פּראָבלעמען האָט די הערשענדע וועלט־אַנשויאונג געגעבען אַ „וויסענשאַפטליך" בעגרינדעטען ענט־ווער: די ענטוויקעלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם, די פערשטאַרקונג פון דעם אַרבייטער'ס פּאָזיציעס, דער פּאָליטישער און דער עקאָ־נאָמישער קלאַסען־קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

אָבער אָט דער ענטפער האָט אויפגעהערט צו בעפריעדיגען אַ בעדייטענדען טייל פון דער מאָדערנער אַרבייטערשאַפט. זי הויבט אָן זיך אַוועק צו שטעלען די שאלה: אין וואָס זשע זאָל זיך אויס־דריקען מיין טאָג־טעגליכע ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע אַרבייט, אַ ח ו ץ דעם ריינעם קלאַסען־קאַמף? און ווי אַן ענטפער אויף דער פראַגע ווערט געבוירען ביי איהר די — „בענקשאַפט", די בענקשאַפט נאָך אַ וועלכען עס איז אוממיטעלבאַרען רעוואָלוציאָ־נערען אָנפאַל אויף דער בורזשואַזער געזעלשאַפט און נאָך אַ פּראָ־גראַם פון פּאָזיטיווע רעפאָרמען, וואָס זאָלען שוין איצטער אָנ־אַרבייטען די געזעלשאַפט אין אַ סאָציאַליסטישען גייסט.

גאָר אומדערוואַרטעט האָט זיך יענע בענקשאַפט נאָך אַ פּאָ־זיטיווער, ריין סאָציאַליסטישער פּאָליטיק פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַרויס געריסען אויף אַ זיצונג פון דער אינטער־פּאַרלאַמענטאַרישער קאָמיסיע, צו דעם ענד פון איהרע אַרבייטען.

דאָס איז געווען אַ זעהר לעהר־רייכער עפּיזאָד, און איך וויל איהם ברענגען אין גאַנצען.

ט ר ו ל ס ט ר אַ פון האָלאַנד האָט אויפגעהויבען די פראַגע, איז אפשר געקומען די צייט, מען זאָל זיך נעהמען און אויסאַרביי־טען אַן אייגענעם סיסטעם פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאָליטיק.

„מיט וואָס מיר בעשעפטיגען זיך אין די פּאַרלאַמענטען", האָט ער געזאָגט, „איז אין תוך אַריין בורזשואַזע פּאָליטיק אָדער, אין בעסטען פאַל, שטאַאַטס סאָציאַליזם. דער גאַנצען סכסוך צווישען דעם רעוויזיאָניזם און דעם ראַדיקאַליזם וואַקסט אַרויס פון יענעם אומשטאַנד, וואָס מיר האָבען ניט קיין סיסטעם פון אייגענע פּאָ־ליטיק, וואָס מיר זענען נאָך געצוואונגען פּאָליטיש צו אַרבייטען מיט די פּאָליטישע מיטלען פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. ווען מיר זעהען, אַז אין פראַנקרייך האָט זיך בעוויזען אַ שטאַרקע אַנאַר־כיסטישע, לפּחות, אַנטי־מיליטאַריסטישע שטרעמונג וואָס געפינט אָנהענגער אויך אין דייטשלאַנד (די ד י י ט ש ע ן ל י י ק ע־נ ע ן), ווערט יעמאָלט קלאָר, אַז אויך אָט דאָס פליעסט אַרויס פון דעמזעלבינגען מאַנגעל אין אַן אייגענעם פּאָליטיטען סיסטעם ניט פאַר דער ווייטער צוקונפט, נאָר שוין פאַר דעם אונמיטעלבאַרען היינט".

טרולסטרא מאַכט דעריבער דעם פּאָרשלאַג, „מען זאָל אויס־קלייבען אַ קליינע קאָמיסיע אויסצופאָרשען די פראַגע".

ו ו אַ ל י אַ ן (פּאַריזש): וואָס טרולסטרא האָט אונז דאָ געזאָגט, איז זעהר אינטערעסאַנט. אָבער איך רעכען, ס'איז אומ־מעגליך שוין איצטער אויסצומאָלען די געשטאַלט פון דעם צוקונפ־טיגען פיהר. זשאָרעס האָט אַ מאָל צוגעזאָגט געבען אונז עפּעס אַזוינס פון דעם מין (ש פּ אַ ס ה אַ פּ ט ע ש ט י מ ו נ ג). ער האָט אָבער פערגעסען זיין צוזאָג (זשאָרעס רופט זיך אָב: „איך פערגעס קיין מאָל קיין זאַך ניט". ש פּ אַ ס ה אַ פּ ט ע ש ט י־מ ו נ ג). אויב אַזוי, איז לאָז ער דאָס מאַכען אויף זיין אייגענעם חשבון און ריסק. די פּאַרטיי קאָן ניט נעהמען אויף זיך אַזאַ אחריות. מיר האָבען אויפמערקזאַם אויסגעהערט טרולסטרא'ס רעיד, אָבער געהן נאָך איהם, קאָנען מיר ניט".

ז ש אָ ר ע ס (פּאַריזש): „טרולסטרא'ס פּאָרשלאַג געהערט

אייגענטליך ניט צו אונז. אויב שוין זיך בעשעפטיגען מיט דער
פראגע, דארף מען זי איבערגעבען צו די איינצעלנע נאציעס, זיי
זאָלען זי אפריהער אונטערזוכען, ווייל דאָ האנדעלט זיך וועגען די
וויכטיגסטע פּראָבלעמען וואָס אינטערעסירען די סאָציאלע דעמאָ־
קראטיע. עס האנדעלט זיך דאָ, מיר דוכט, ניט וועגען אויסארביי־
טען דעם פּראָגראם און די ארכיטעקטור פון דער צוקונפטיגער גע־
זעלשאפט, נאָר וועגען דעם, ווי אזוי צו פערווירקליכען אונזערע
מינימאלע פאָדערונגען. אין פראנקרייך זענען מיר אוועק געשטעלט
געוואָרען פאר דער פראגע: וואָס הויבען מיר אָן צו טהאָן, ווען
דער בורזשואזער ראדיקאליזם, וואָס שטעהט איצטער ביי דעם
רודער, וועט דורכפיהרען זיינע פאָדערונגען, אָדער ער וועט באנקראָ־
טירען? איןביידע פעלען וועלען אויף אונז ארויפפאלען שווערע
אויפגאבען. קויטסקי בעשעפטיגט זיך אין זיין בוך אויף דעם פּאָ־
זיטיווסטען אופן מיט דעם פאנאנדערארבייטען געזעצגעבערישע
פראגען פאר דער צוקינפטיגער געזעלשאפט. און עס איז טאקי אונ־
מעגליך פאר אונז, מיר זאָלען זיך בעגרעניצען נאָר מיט דער קרי־
טיק פון דעם עקזיסטירענדען, מיר מוזען אויך פאנאנדערעפענען פּאָ־
זיטיווע פערספעקטיווען. שוין די פאָריגע פארלאמענטארישע קאָנ־
פערענץ האָט מיך געבעטען, איך זאָל פאָרלעגען בפרטיות מיינע
פאָרשלעגען בנוגע אונזער צוקונפט־פּאָליטיק. צום גליק פאר דער
ענטוויקלונג פון'ם סאָציאליזם בין איך יעמאָלט געווען קראנק
(ש פ אַ ס ה א פ ט ע ש ט י מ ו נ ג). אָבער איצטער בין איך
ווידער געזונט (ש פ א ס ה א פ ט ע ש ט י מ ו נ ג) און מיר
דוכט, אז די איינצעלנע פארלאמענטארישע גרופען האָבען זיך גע־
דארפט בעשעפטיגען מיט דער פראגע. (ג ע ד: „ניט די פארלאמענ־
טארישע גרופען, נאָר די פארטייען אין זייער גאנצען־"). מסכים
אויך מיט דעם". (צושטימונג).

ו ו י ק ט אָ ר א ד ל ע ר (וויען): „טרולסטרא'ס פאָרש־
לאג, דוכט מיר, איז אפשר ניצליך פאר יעדער בעזונדער פארלא־
מענטארישער פראקציע, ס'איז אָבער א שאלה צו ער קאָן זיין
פרוכטבאר פאר אַן אינטערנאציאָנאלע לעזונג. איך טייל ניט
טרולסטרא'ס פעסימיזם. מיר דוכט, אז דער פעסימיזם בנוגע פאר־
לאמענטארישע טעטיגקייט פאלט אָן אויף איינעם נאָר דאָרטען, וואו

מען האָט לכתחילה געהאט פאַנטאַסטישע פאָרשטעלונגען וועגן
דער מעגליכקייט און דעם בעדייט פון פאַרלאַמענטאַרישע אַקציאָ־
נען. ווער עס איז פריי געוועזן פון אַזעלכע פאַנטאַסטישע פאָר־
שטעלונג, יענער וועט אויך ניט ענטוישט ווערן פון דעם קליינעם
ביסעלע, וואָס די פּראָלעטאַרישע מינדערהייט דערגרייכט אין פאַר־
לאַמענט. ער וועט זיך טרייסטען מיט דעם בעוואוסטזיין, אז די
געזעצגעבערישע טעטיגקייט פון אַלע לענדער ווייזט ארויס א פּראָג־
רעסיווע טענדענץ, ווען אפילו ניט אומעטום גאָר אָהן שריט צו־
ריק. דאָס האָבען מיר קודם כל צו פערדאנקען דער פאַרלאַמענ־
טאַרישער טעטיגקייט פון די סאָציאַליסטען, ניט אזוי דעם, וואָס
מיר אַליין טהוען אמאָל, נאָר דעם, וואָס די אנדערע זענען, ווילענ־
דיג ניט־ווילענדיג, געצוואונגען צו טהאָן".

„זשאָרעס גלויבט, אז די דעמאָקראַטיע אין פראַנקרייך האַלט
שוין ביי דעם סוף פון איהר וועג. איך בין אין ספק, צו דאָס איז
אמת אפילו פאַר פראַנקרייך. על כל פנים, איז דאָס ניט ריכטיג
פאַר די אנדערע לענדער. אומעטום איז נאָך דאָ אזא מאַסע אַר־
בייט, אז די בורזשואַזע געזעלשאַפט קאָן קאָם־קאָם פאַרטיג ווערן
אַרויסוויקלען פון זיך דאָס, צו וואָס זי איז נאָך פעהיג. און אויב
זשאָרעס פרעגט פאַר פראַנקרייך: איז וואָס ווייטער? — ענט־
פער איך איהם; נעהמט זיך, חבר זשאָרעס, דורכפיהרען אייער
אייגענעם פּראָגראַם־מינימום. דאָס וועט אייך געבען א היבשע
ביסעל מירחא, און, על כל פנים, וועט דאָס צונעהמען צו פיעל צייט,
איהר זאָלט נאָך קאָנען טראַכטען וועגען ווייטערדיגע שריט".

„יעדער האָט זיינע חסרונות. מיין חסרון איז — קורצזיכ־
טיגקייט. אָבער איך וויים, אז ווייטזיכטיגקייט איז אויך ניט קיין
גרויסע מעלה. (שפּאַסהאַפּטע שטימונג). מיר האָ־
בען אזוי פיעל דאגות מיט די פּלאָגען פון יעדען טאָג, — און מיין
קורצזיכטיגע איבערצייגונג בעשטעהט אין דעם, אז גראַד די אַר־
בייט פאַר די קלייניגקייטען פון דעם טאָג איז דאָס וויכטיגסטע
פאַר דעם איבערגאַנג פון דער געזעלשאַפט אין א סאָציאַליסטישע
אָרדנונג, — אז איך האָב קיין מורא ניט, מיין חלאת זאָל אָננעה־
מען צו געפעהרליכע מאָסען. געוויס, אויב מיר זאָלען בעשטימען
א קאָמיסיע, וואָס זאָל אריינטראָגען אָרדענונג אין אַלע פאָרשטע־

לונגען, וואָס עקזיסטירען וועגען דעם עניין, אָדער גאָר צונויפשטי־
מען זיי איינע מיט דער אנדערער, קאָן יענע חלאת ווערן געפהר־
ליך, אָבער ניט פאר דער סאָציאליסטישער בעוועגונג, נאָר פאר די
מיטגלידער פון דער קאָמיסיע גופא.״ (ש פ א ס ה א פ ט ע
ש ט י מ ו נ ג).

„פון דעסטוועגען שטעל איך מיך ניט נעגאטיוו צו טרולסט־
רא׳ס אידעע אין אַלע איהרע פונקטען. עס וואָלט געווען זעהר גוט
אויסצושטודירען אַלע אָנהויבען פון דעם סאָציאַליזם, וואָס זענען
צושפרייט אומעטום. אָבער יעמאָלט דארף מען זיך ניט בעגרעני־
צען נאָר מיט די רעזולטאטען פון דער טעטיגקייט פון דער סאָציאַל־
דעמאָקראַטיע, ווייל יענע התחלות ענטשטעהען פון זיך אליין אויף
אַלע פעלדער, אָהן אונזער אריין מישען זיך. א בוך אָנשרייבען
וועגען דעם, וואָלט געווען אינטערעסאנט, אָבער ניט אַן אינטער־
פארלאמענטארישע קאָמיסיע קאָן בעשפרעכען די אַלע פראַ־
גען. א מענש, וואָס נעהמט אנטייל אין א גרויסער שלאכט, קאָן
זיין, ער זאָל די שלאכט אליין גאָר ניט זעהן. אזוי איז דאָס, ווי
איך רעכען, אויך מיט אונז: מיר אַלע נעהמען אנטייל אין דער
גרויסער שלאכט, אָבער מיר זעהען ניט איהר גאנצען צוזאמענהאנג.
און אויך א קאָמיסיע וועט דאָס ניט קאָנען דערזעהן.״

מען וואָלט געקאָנט ברענגען נאָך אנדערע עפיזאָדען און איינ־
דרוקען פון יענע ארבייטען, וואָס האָבען זיך אָבגעשפיעלט מחוץ
פון דעם קאָנגרעס. מען וואָלט בעדארפט צוציעהען די אויפמערק־
זאמקייט פון דעם לעזער אויף דער ערשטער סאָציאליסטישער פרוי־
ען־קאָנפערענץ, אויף דער ערשטער מושטירונג פון א נייער וואַק־
סענדער ארמעי, וואָס זוכט איהרע ז ע ל ב ס ט ש ט ע נ ד י ג ע
וועגען, וואָס וויל בעשטימען איהר א י י ג ע נ ע און בעזונדע־
רע ראָליע אין דעם בעפרייאונגס־קאמף פון דעם פּראָלעטאריאַט
און וואָס איז בעזעלט מיט דעם טיעפען גלויבען אין דער וויכטיג־
קייט און נויטיגקייט פון איהר ארבייט.

„ווער עס האָט צוגעצויגען צו זיין ארבייט נאָר דעם מאַן״, —
האָט געזאָגט די עסטאָנערין ב ע ר ג ל י י ן, — „דער האָט נאָר
א האלבען מענשען; ווער עס האָט צוגעצויגען אויך די פרוי, יע־
נער האָט צוויי מענשען, און ווער עס האָט געוואונען אויך די קינ־

דער, יענעם געהערט די צוקונפט. אַט די צוקונפט וועט די פּרויענבעוועגונג געבען דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע".

מען וואָלט אויך געקאָנט בעקאַנט מאַכען דעם לעזער מיט די שטרעבונגען פון דער „יונגער גוואַרדיע", דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער־יוגענד, וואָס האָט אויך געהאַט איהרע אייגענע זיצונגען און האָט אָבגעדרוקט איהר בעריכט אין די אויבען דערמאָנטע פּובליקאַציעס פון דער אינטערנאַציאָנאַלען ביוראָ. איהר ציעל איז בעשיינפּערליך צו פערווירקליכען יענע ווערטער קויטסקי'ס, מיט וועלכע ער האָט זיך נאָך אין דעם יאָהר 1903 געווענדט צו דער עסטרייכער אַרבייטער־יוגענד:

„די בורזשואַזי האָט שוין איצטער ניט מעהר קיין שום אידעאַלען און די בורזשואַזע יוגענד שטייגט זי נאָך אַריבער אין ענטוישונג, מיעדקייט, האָפנונגס־לאָזיגקייט און מענשען־פעראַכטונג אַדער גאָר אין אַכזריות און צולאָזענקייט. דער פּראָלעטאַריאַט צוריק איז אין דער איצטיגער צייט דער קלאַס פון דעם רעוואָלוציאָנערען אידעאַליזם, און יענע פּאָליטישע ראַליע, וואָס איז מיט אַ האַלבען יאָהרהונדערט צוריק אויסגעפאַלען אויף דעם גורל פון דעם שטודענטענטום, פאַלט איצטער אויס אויף דעם גורל פון דער אַרבייטער־יוגענד. זי איז דער קוואַל, וואו עס ווערט שטענדיג בענייט דער ענטהוזיאַזם פאַר אונזער גרויסער זאַך; מיט איהר קאָן מען אויך אויף דעם קלאָרסטען אופן אָבמעסטען דעם אינטעלעקטועלען און מאָראַלישען פּראָגרעס פון דער פּראָלעטאַריאַט".

נאָך אַמאָל: דער שטוטגאַרטער קאָנגרעס שטעהט אין קיין פאַל ניט אָב פון זיינע פאָרגענגער ניט אין אינטערעס, ניט אין בעדייט. אמת, זיינע רעזאָלוציעס זענען, אין אַ סך פּרטים געווען ניט גאָר צופריעדענשטעלענד, אָבער מען דאַרף אויך ניט פערגעסען, אַז די רעזאָלוציעס פון דעם סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל זענען מאָטיווירטע דירעקטיוען, וועלכע די פּראָלעטאַרישע פּאַרטיעס פון דער גאַנצער וועלט אַרבייטען אויס פאַר די פּראָלעטאַרישע פּאַרטיעס פון דער גאַנצער וועלט.

עס איז אמת, זיי זענען יורידיש ניט בינדענד, זיי האָבען נאָר אַ ריין מאָראַלישע בעדייטונג פאַר די פּאַרטיעס, וואָס

שטעהען צו צו דעם אינטערנאַציאָנאַל. אָבער ניט קוקענדיג דע־
רויף, לעגען זיי ארויף זייער שטעמפעל אויף די טעטיגקייט און
דעם טעגליכען קאמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין די פערשיידענע
לענדער ביי די פערשיידענע פעלקער. זיי שרייבען פאָר, וועלכע
אוממיטעלבאַרע אויפגאַבען מען דאַרף זיך שטעלען, וועלכע קאמף־
מעטאָדען אָנווענדען, פון וועלכע אויפגאַבען און קאמף־מעטאָדען
זיך אָבזאָגען.

עס איז דעריבער קיין חדוש ניט, ווען אַ וועלכע עס איז
פּאַרטיי וויל בשום אופן ניט אָננעהמען יענע אויפגאַבען און מע־
טאָדען, וואָס שטייגען אַריבער איהרע כוחות, אָדער וואָס גע־
העןן להיפך צו איהר יאָהרענלאַנג אויסגעפּרואווטער טאַקטיק. עס
איז קיין וואונדער ניט, ווען זי וויל זיך ניט אָבזאָגען פון אויפ־
גאַבען און מעטאָדען, וועלכע האָבען איהר ניט איינמאָל אַרויס־
געהאָלפען אין קאמף און שטימען איין, לויט איהר טיעפסטער
איבערצייגונג, מיט די גרונד־פּרינציפּען פונ׳ם סאָציאַליזם.

אָט פאַר וואָס עס איז אַזוי שווער אויסצואַרבייטען אַזאַ
רעזאָלוציע, וואָס זאָל קאָנען בעפריעדיגען אַלע פּאַרטייען, אָדער
לפּחות דעם גרעסטען רוב פון זיי.

דעם אינטערנאַציאָנאַל הויבט אָן קלאָר ווערען זיין אייגענע
קראַפט און דער היסטאָרישער בעדייט פון זיינע רעזאָלוציעס. מיט
שטאָלץ קאָן ער קאָנסטאַטירען, צ. ב., דעם פאַקט, אַז אויף דער
אינוועניגסטער פּאָליטיק פון פראַנקרייך, אין וועלכער די סאָציאַ־
ליסטישע פּאַרטיי שפּיעלט אַ געהויבענע ראָליע, גאָר ניט לפי ערך
צו איהר סכום מיטגליעדער, האָט געוויס געווירקט די בעקאַנטע
רעזאָלוציע פון דעם אמסטערדאַמער קאָנגרעס, וואָס האָט גע־
פיהרט צו דער פעראייניגונג פון די צוויי קעמפענדע ריכטונגען.

און ניט נאָר אויף דעם אינוועניגסטען לעבען פון פראַנקרייך
האָט זיך אָבגערופען די ווירקונג פונ׳ם אינטערנאַציאָנאַל, נאָר
אויך אויף דעם גאַנצען גאַנג פון דער יעצטיגער וועלט־פּאָליטיק.
זעהר ריכטיג האָט ו ו א ל י א ן בעמערקט אין איינער פון זיינע
רעדען אויף דעם קאָנגרעס, אַז, אין דער צייט פון דעם רוסיש־
יאַפּאַנישען קריעג, איז די בורזשואַזיע אין פראַנקרייך שוין גע־
ווען אָנגעגרייט, אַ וואָרף צו טהאָן זיך העלפען רוסלאַנד. און זי

וואָלט זיך געוויס אַריינגעפּלאָנטערט אין דעם געשלעג, אויב דער פּראָלעטאַריאַט וואָלט ניט אַרויס מיט זיין העפטיגען פּראָטעסט אונטער דער פיהרונג פון דער פעראייניגטער פּאַרטיי.*)

ביי אַזאַ היסטאָרישער בעדייטונג, וואָס די מ אַ ר א ל י ש ע רעזאָלוציעס פון דעם אינטערנאַציאָנאַל האָבען, איז קיין וואונדער ניט, וואָס דער קאָנגרעס בעגעהט זיך זעהר פּאָרזיכטיג מיט זיי און אָפּטמאָל מוזען זיי אונפערמיידליך אַרויסקומען בלאַסליך און אַפּילו אָפּאָרטוניסטיש.

## 3.

לאָמיר אָבער איבערגעהן צו אונזער „קאַפּיטעל.“

די נאַציאָנאַלע פראַגע איז ניט געשטאַנען אויף דעם סדר היום פון דעם קאָנגרעס. אָבער איהר גייסט האָט געשוועבט איבער אַלע זיינע אַרבייטען. אין תוך גענומען, איז נאָך ניט געווען קיין איינציגער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס, וואָס זאָל האָבען זיך אַזוי פיעל פערנומען מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע און וואָס זאָל האָבען זיך אַרויסגעזאָגט וועגען איהר אַזוי קלאָר און שאַרף, ווי דאָס האָט געטהאָן דער שטוטגאַרטער קאָנגרעס.

און קיין חדוש ניט. פון די פינף פראַגען, מיט וועלכע דער קאָנגרעס האָט זיך בעדאַרפט בעשעפטיגען, זענען דריי אוממיטעלבאַר צונויפגעבונדען מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע און קאָנען פערענטפערט ווערען נאָר יעמאָלט, ווען מען האָט לכתחילה אַ בע-

*) די מיינונג, וואָס ווערט דאָ אַרויסגעזאָגט וועגען דער ראָליע פון דעם אינטערנאַציאָנאַל אין דער וועלט־פּאָליטיק, דאַרף איצטער, אין דער צייט פון דעם גרויסען וועלט־קריעג, געוויס איבערגעקוקט ווערען. אָבער אַז די הערשענדע מעכטען האָבען געהאַט אין זינען דעם אינטערנאַציאָנאַל, איידער זיי האָבען זיך גענומען פאַר'ן קריעג, קאָן קלאָר ווערען פון צוויי פאַקטען: וואָס גראָד ערב קריעג האָט מען אָבגעראַמט פון וועג ז ש אָ ר ע ס'ן און וואָס דער קריעג איז דערקלעהרט געוואָרען אין דער גרעסטער אייל, נאָך איידער דער אינטערנאַציאָנאַל האָט געהאַט צייט צונויפצורופען אַן אויסעראָרדענטליכען צונויפפאָהר. די קומענדיגע געשיכטע וועט געוויס ברענגען אויפקלעהרענדע דאָקומענטען וועגען אָט די צוויי פאַקטען, (1917).

שטימטע פּרינציפּיעלע שטעלונג צו דעם נאַציאָנאַלען פּראָבלעם. דאָס זענען: „דער מיליטאַר־יזם און די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנ־פליקטען", „די קאָלאָניאַל־פּאָליטיק" און די פראַגע וועגען „עמי־גראַציע און אימיגראַציע". נאָר די פראַגען „וועגען פרויען־וואהל־רעכט" און „וועגען דער שטעלונג פון דער פּאַרטיי צו די פּראָפעּ־סיאָנעלע פעראיינען" האָבען געקאָנט בעהאַנדעלט ווערען אָהן אַ וועלכע עס איז שייכות צו אונזער ענין.

עס איז דעריבער געווען ניט קיין צופאַל, וואָס ב ע ב ע ל האָט פאַר דער יום־טוב־נומער פון דער „שוואַבישער טאַגוואַכט", וואָס איז אַרויס לכבוד דעם קאָנגרעס, געשריעבען זיין אַרטיקעל אויף דער טהעמע: „זענען נאַציאָנאַל און אינטערנאַציאָנאַל היפּכים?" („זינד נאַציאָנאַל און אינטערנאַציאָנאַל געגענזעצע?")

בעבעל רעזומירט אין די פאָלגענדע ווערטער יענע רעזולטאַטען, צו וועלכע ער איז געקומען בנוגע צו דער שאלה פון נאַציאָנאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם.

„די אויפגאַבע פון דעם אַרבייטער־קלאַס אין אַלע לענדער איז אין דערזעלביגער צייט אַ נאַציאָנאַלע און אַן אינטערנאַציאָ־נאַלע. ווען די אַרבייטער־קלאַסען קעמפען אין דעם גבול פון דער איי־גענער נאַציע, פון דעם ענגערען אייגענעם לאַנד פאַר דורכפיה־רען אין לעבען מאַסרעגעלן און אינסטיטוציעס, וואָס גיעבען דעם אַרבייטער די מעגליכקייט פאַרבעסערען זיין לעבענס־לאַגע, בע־פריעדיגען זיינע העכערע קולטורעלע בעדערפעניסען און, לסוף, אויסקעמפען רעכטליכע און סאָציאַלע גלייכהייט פאַר אַלעמען, דאַרפען זיי זעהען, אויך אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלען פעלד דורכצופיהרען דיזעלביגע שטרעבונגען, ווייל נאָר אויף אַזאַ'ן אופן קאָן מען גאַראַנטירען די זיכערקייט פון יענע פּערבעסערונגען, וואָס מען דערגרייכט אין דער אייגענער היים".

„נאַציאָנאַל און אינטערנאַציאָנאַל זענען אויף אַזאַ'ן אופן דורכאויס קיין בעגריפען און שטרעבונגען, וואָס שליעסען איינע די אַנדערע אויס; אדרבה, זיי ד ע ר ג א נ צ ע ן איינע די אַנ־דערע. אַקוראַט אַזוי, ווי אין דעם גבול פון דעם אייגענעם פאָלק איז דער אמת'ער וואויל־לעבען פון זיינע קינדער אָבהענגיג פון דעם, צי עס לעבט זיך וואויל יעדען איינצעלנעם יחיד, אַזוי איז

אויך אין די גרעניצען פון דער גרויסער פעלקער־משפחה דער וואויל־שטאנד פון פאָלק אָבהענגיג פון דעם וואוילשטאנד פון אַלע אנ־דערע.״*)

די געדאנקען אין בעבעל׳ס ארטיקעל זענען געווען ווי דער קאמערטאָן, וואָס האָט אָנגעשטימט דעם גאנצען קאָנגרעס אויף א בעשטימטען טאָן. מיט דעם גייסט פון דיזעלביגע געדאנקען איז געווען דורכגעדרונגען דאָס רוב פון אַלע וויכטיגסטע דערקלעהרונ־גען אויף דעם קאָנגרעס, וואָס זענען געמאכט געוואָרען וועגען דער נאציאָנאַלער פראגע. און דער ווערטה פון די אַלע דערקלעהרונ־גען שטייגט אויף אזוי פיעל מעהר, ווען מען דערמאָהנט זיך, אז זיי זענען ארויסגעזאָגט געוואָרען לגמרי אונאבהענגיג פון בע־בעל׳ס מיינונגען.

די פראגע וועגען נאציאָנאליזם און אינטערנאציאָנאליזם האָט געמוזט שפיעלען א בעדייטענדע ראָליע אין דער דיסקוסיע וועגען „מיליטאריזם און אינטערנאציאָנאלע קאָנפליקטען.״

דער הויפט־פונקט, ארום וועלכען עס האָבען זיך געדרעהט די ויכוחים, איז אין קורצען געווען אזא:

דער קאָנגרעס האָט זיך בשום אופן ניט גענויטיגט אין נאָך אמאָל איבערקוקען די שטעלונג פון דעם אינטערנאציאָנאלען סאָ־ציאליזם בנוגע צו דעם מיליטאריזם, וואָס פאלט מיט אזא שווערער לאסט אויף די אקסלען פון די ארבייטערישע קלאסען, און ניט צו־ליעב דעם ציעל איז דער פונקט אוועק געשטעלט געוואָרען אויפ׳ן סדר היום.

פאר דעם קאָנגרעס איז געשטאנען א ספעציעלע אויפגאבע — בעשטימען זיין שטעלונג צו יענער אנטי־מיליטאריסטישער און אנטי־פאטריאָטישער אגיטאציע, וועלכע ע ר ו ו ע האָט אויפ־געהויבען אין פראנקרייך, און ניט נאָר ארויסזאָגען זיך, צי ער איז מסכים מיט איהר אָדער ער לייקענט זי אָב, נאָר אויך ארויסטראָגען אָן אָפענעם און קלאָרען בעשלוס, צי ער פערלאנגט, אז אזא אגיטא־ציע זאָל אויפגעהויבען ווערען אין אַלע אנדערע לענדער.

---

*) „שוועבישע טאגוואכט״ פון דעם 17־טען אויגוסט, 1907.

ערוועס אַגיטאַציע האָט זיך אָנגעהויבען אין אַן ענגען צוזאַ־
מענהאַנג מיט די רעוואָלוציאָנערע פּאַסירונגען אין רוסלאַנד. אין
אַ געוויסער צייט האָבען גענומען צירקולירען קלאַנגען, אַז דייטש־
לאַנד איז בדעה אריבער צו טרעטען דעם רוסישען גרעניץ, כּדי מיט
בעוואָפענטער מאַכט צו פערטיידיגען דעם אָבגעלעבטען רעזשים.

דער פראַנצויזישער פּראָלעטאַריאַט האָט געמוזט פון אַזעלכע
קלאַנגען אויפגערודערט ווערן און זיך אַליין פרעגען: און וואָס
איז מכח דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע? נישיים וועלען
די מיליאָנען סאָציאַליסטען דאָס דערלאָזען? וואָס רעכענען זיי צו
ט ה אָ ן, כּדי צו צושטערען זייער קיסר'ס פּלאַן?

אויף אַלע אָט די פראַגען האָט דער פראַנצויזישער פּראָלעטאַ־
ריאַט ניט געפונען קיין ענטפער. די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַ־
טיע האָט מיט קיין זאַך ניט געדראָהט אויף דעם פאַל, ווען די קלאַנ־
גען זאָלען זיך אַרויסווייזען פאַר ריכטיג. מען האָט געמוזט אַליין
פערטראַכטען זיך וועגען דעם גרויסען פּראָבלעם, ווי אַזוי אָנצו־
הויבען אַ דירעקטען קאַמף אַנטגעגען דעם מיליטאַריזם.

און דאָ האָט זיך ערווע'ן אויסגעדוכט, אַז ער האָט געפונען דעם
גליקליכען ענטפער אויף דער פיין־פּולער שאלה. מען דאַרף זיך
אָבזאָגען פון מיליטער־דיענסט, מען מוז אין דער אַרמעע פּראָפּאַ־
גאַנדירען דעזערטירענטום און אינסובאָרדינאַציע און אויב דער
קריעג וועט דערקלערט ווערן, ענטפערען אויף איהם מיט אַן אַלגע־
מיינעם סטרייק.

היות אָבער, ווי אויף דעם גרונט פון יעדער בעוואָפענטער מאַכט
ליעגט די אידעאָלאָגיע פון דעם „פּאַטריאָטיזם", די נויטווענדיגקייט
צו בעשיצען „דאָס פאַטערלאַנד" פון דעם „שונא'ס" אָנפאַל, איז
דער איינזייטיגער שכל ערווע'ס לאָגיש דערגאַנגען ביז צום סוף.
ער האָט גענומען אַבסאָלוט אָבלייקענען יעדען פּאַטריאָטיזם און
יעדען נאַציאָנאַליזם.

מען דאַרף, — האָט ער געפאָדערט, — מאַכען אַ סוף צו די
פאָטערלענדער מיט די נאַציעס; מען מוז, צום ווענינגסטען, אַרויס־
שלאָגען די דאָזיגע נאַרישקייטען פון דעם פּראָלעטאַריאַט'ס קעפּ,
און יעמאָלט ערשט וועט מען קאָנען אָנהויבען אַן אַלוועלטליכע
אַגיטאַציע ניט נאָר צוליעב פאָלקס־בעוואָפענונג אַנשטאָט שטענדיגע

שטעהענדע אַרמעען, נאָר אויך געהן ווייטער און פאָדערען די אָב־שאַפונג פון אַ וועלכער עס איז בעוואָפענטער מאַכט.

אָט אַזעלכע ראַדיקאַלע פּאָסטולאַטען האָט ערווע אַרויס־געשטעלט.

די פראַנצויזישע דעלעגאַציע האָט אַריינגעטראָגען אין דער קאָמיסיע אַ רעזאָלוציע אַנטגעגען דעם מיליטאַריזם, אָבער אָהן ערווע'ס קאָסמאָפּאָליטישע „אַני־מאַמין'ס. זי האָט זיך בענוגענט מיט ריין אַנטי־מיליטאַריסטישע טעזען, — און אויך דאָס, אין זעהר אַן אָבגעשוואַכטער פאָרם, — און וועגען אָט די טעזען האָט זיך דער קאָנגרעס געדאַרפט אַרויסזאָגען.

מען האָט בעדאַרפט בעשטימען, צי קאָנען די איינצעלנע נאַ־ציאָנאַלע פּאַרטייען אויפהויבען אין זייערע לענדער צווישען זייערע פעלקער אַ דירעקטען קאַמף אַנטגעגען דעם מיליטאַריזם. דאָס הייסט, ניט נאָר אַ קאַמף מיט די מיטלען פון אַגיטאַציע און פּראָ־פּאַגאַנדע צווישען דער גאַנצער בעפעלקערונג אַנטגעגען די מיליטאַ־ריסטישע אידעען, — דאָס געהט שוין אויך אַזוי אַריין אין דעם טעטיגקייטס־פּראָגראַם פון יעדער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי; ניט נאָר אַ קאַמף דורך אָבוואַרפען די מיליטאַריסטישע ביודזשעטען, — דאָס איז שוין געוואָרען די אַלגעמיין־פערבינדענדע טאַקטיק פון אַלע סאָציאַליסטישע פראַקציעס אין די פּאַרלאַמענטען: עס ווערט גע־רעדט וועגען פּ ר אַ ק ט י ש ע ר קאַמף־טעטיגקייט מחוץ לפּאַר־לאַמענט, וועגען דער פּראָפּאַגאַנדע און דער אַגיטאַציע אין דער אַרמעע, וועגען אויפרופען צו די סאָלדאַטען, זיי זאָלען זיך אָבזאָ־גען פון דער מיליטערישער דיסציפּלין, וועגען דערקלערען אַן אַלגע־מיינעם סטרייק אין דעם פאַל פון אַ קריעג.

דער קאָנגרעס האָט געדאַרפט בעטראַכטען און בעשליסען, אויף וויפיעל צוועקמעסיג עס זענען די מיטלען, וואָס די פראַנצויזישע דעלעגאַציע שלאָגט פאָר, און וועלכע אַנדערע מיטלען קאָן מען פאָר־שלאָגען יענע פּאַרטייען, וואָס קאָנען עפּעס אויפטהאָן.

אָט פאַר וואָס אין דער רעזאָלוציע גופא איז מיט קיין וואָרט ניט דערמאָהנט געוואָרען די נאַציאָנאַלע פראַגע. דערפאַר אָבער האָבען די דיסקוסיעס זיך ניט געקאָנט בענוגענען מיט דער ריין פּראַקטישער זייט פון דער זאַך. מען איז געצוואונגען געווען אַריין

קוקען טיעפער אין יענעם אידעאָלאָגישען באזיס, אויף וועלכען ערווע האָט אויפגעבויט זיין אנטי־מיליטאריזם. מען האָט זיך געמוזט ארויסזאָגען וועגען דעם תוך פון נאציאָנאליזם.

און די קאָמפּעטענטע פיהרער פון דעם אינטערנאציאָנאלען סאָציאליזם האָבען זיך ארויסגעזאָגט.

שוין אין זיין ערשטער רעדע אנטגעגען ערווע האָט ב ע ב ע ל געזעכענט פאר נויטיג אויפצוהויבען א פּאָלעמיק אנטגעגען יענעם'ס „אנטי־פּאטריאָטיזם".

„ערווע", — זאָגט ער, — „מיינט, אז א פּאָטערלאנד איז נאָר א פּאָטערלאנד פאר די הערשענדע קלאסען און ממילא איז דאָס א גלייכגילטיגע זאך פאר'ן פּראָלעטאריאט... עס איז אָבער נאָך א גרויסע שאלה, וועמען עס געהערט דאָס פּאָטערלאנד. ענטוויקעלט זיך דאָך דאָס גאנצע קולטורעלע לעבען נאָר אויף דעם באָדען פון דער נאציע. טהוט א קוק אויף עסטרייך, אויף דעם קאמף פון די פּוילען פאר זייער נאציאָנאלער ווידערערלעבונג. אויך אין רוס־לאנד וועט זיך בלי ספק אויפהויבען די נאציאָנאלע פראגע" (ראָזע ליוקסעמבורג איז ניט מסכים). „יעדעס פּאָלק, וואָס ליידט אונטער א פרעמדער הערשאפט, אפילו ווען זי ברענגט איהם גוטס, הויבט זיך אויף אין זיין גאנצער מאסע צו קעמפען פאר פרייהייט און רוקט אָב אלע אנדערע ציעלען אויפ'ן הינטערשטען פּלאן".

ערווע ענטפערט בעבעל'ן און בעגרינדעט זיינע קאָסמאָפּאָלי־טישע טעזען. ער חזר'ט איבער נאָך א מאָל זיין ליעבלינגס־געדאנק, אז עס זענען ניטאָ קיין פעלקער און קיין פּאָטערלענדער, נאָר עס איז דאָ א בורזשואזיע און א פּראָלעטאריאט, די וועלף און די שעפּסען.

„יעדעס פּאָטערלאנד", — זאָגט ערווע, — „איז נאָר א מעל־קינע בהמה פאר די קאפּיטאליסטען; דאָס איז א שטיף־מוטער פאר אלע פּראָלעטאריער, און צוליעב אזא זאך לוינט זיך, כלעבען, ניט, זיי זאָלען איינער דעם אנדערן צוברעכען די קעפּ. די וועלף הינטער די פערשיידענע צאמען האָבען זיך פעראייניגט; אונזער אויפגאבע איז איצטער — צונויפצופיהרען אין איינעם אלע שעפּסען, און ניט קוקען אויף די פערשיידען אָבגעפּארבטע גרעניץ־קלעצער".

דער קאָנסעקווענטער קאָסמאָפּאָליט ערווע איז אָבער אין דעם

משך פון זיינע רעיד אַ פּאָר מאָל גאָר מיאוס ארויסגעפאַלען פון זיין ראָלע. ווענען בעלגיען האָט ער גערעדט פון אויבען אראָב און האָט איהר גענעבען צו פערשטעהן, אז זי מעג זיך ניט רוקען אין פראגען, וואס האָבען צו טהאָן מיט אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפליקטען. מיט גרויס בטול האָט ער גערעדט וועגען דעם פאָלק־כאראקטער פון די דייטשען, — אין וועמעס אדערן „עס פליעסט ניט קיין בלוט, נאָר ביער“, — און זעהר האַפערדיג האָט ער זיך געבריהמט מיט די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון דעם פראנצויזישען פאָלק.

דאָס האָט נעגעבען די מעגליכקייט דעם בעלגיער טראָקלע אריינצושיעסען אַ פייל אין דעם אכילעס־פונקט, וואס ערווע האָט אזוי אונפאָרזיכטיג אָבגעדעקט. „ביי דעם אולטרא־אינטערנאַציאָנאַליסט ערווע האָט זיך שוין גאָר אומדערוואַרטעט ארויסגעריסען דער שטאָלץ מיט זיין פראַנקרייך׳ס באַרריקאדען און רעוואָלוציעס!“ דער טעות, וואס ערווע מאַכט, בעשטעהט, לויט טראָקלע, אין דעם, וואס ער זעהט ניט איין, אז עס זענען דאָ צוויי ארטען פון פאַטריאָטיזם: איינער אַ בורזשואזער, דער אנדערער אַ פּראָלעטארישער. דעם פּראָלעטארישען פאַטריאָטיזם האָט ערווע אין גאַנצען ארויסגעלאָזען פון אויג. (אגב אורחא וועל איך בעמערקען, אז דער געדאַנק וועגען די צוויי ארטען פאַטריאָטיזם ווערט ענטוויקעלט אויך אין ק. קויטסקי׳ס בראָשורע: „דער פאַטריאָטיזם און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע“. די בראָשורע האָט יעדער דעלעגאַט צום קאָנגרעס בעקומען במתנה).

די איבעריגע רעדנער אין דער דיסקוסיע האָבען ניט דורכגעלאָזען די געלעגענהייט, אָבצוגרעניצען זיך אויפ׳ן שאַרפסטען אופן פון ערווע׳ס קאָסמאָפּאָליטיזם. ליידער האָבען מיר ניט קיין פולע סטענאָגראַפישע בעריכטען וועגען אַט די העכסט בעלעהרענדע ויכוחים. אָבער אויך דאָס וואָס איז אויפגענומען פון די בעריכטען, כאראקטעריזירט גענוג די אנשויאונגען, וואָס הערשען ביי די איצטיגע פיהרער פון דעם צווישען־פעלקערליכען סאָציאַליזם.

וואַליאַן, וואָס האָט גענומען דאָס וואָרט נאָך טראָקלע, האָט אויפגעוויזען אויף דעם אומשטאַנד, אז די נאַציעס זענען ניט נאָר ניצליכע, נאָר אויך נויטווענדיגע עלעמענטען פון דער מענשליכער ענטוויקלונג. און ער איז ניט געבליבען ביי דעם

פּשוט'ען ארויסזאָגען דעם געדאַנק: ער האָט איהם אין אַ לעגגע־ ־יער רעדע ענטוויקעלט און בעגרינדעט. נאָך אמאָל: אַ שאָד, וואָס פּונקט וועגען דער נאַציאָנאַליטעטען פראַגע זענען די קאָנגרעס־בע־ ריכטען אזוי קאַרג.

זשאָרעס שטימט איין מיט ערווע'ס אַנטי־מיליטאַריזם, אָבער איז בשום אופן ניט מסכים מיט זיין אַנטי־פּאַטריאָטיזם. „ערווע", — זאָגט ער, — „וויל פערניכטען די פּאַטערלענדער, ווי דער נאָר וואָס אויפגעוואַכטער פּראָלעטאַריאַט האָט אמאָל גע־ וואָלט פערניכטען די מאַשינען. מיר ווילען סאָציאַליזירען פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט סיי די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, סיי דאָס פּאַטערלאַנד. ווייל אַ נאַציע, — דאָס איז אַן אוצר פון מענשליכען זשעני און פּראָגרעס, און עס וואָלט נאָר ניט געפּאַסט פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט, ער זאָל צושלאָגען אויף פּיצלעך אָט די טייערע געפעס פון דער מענשליכער קולטור".

פאָלמאַר זאָגט: „ס'איז ניט אמת, אַז מיר האָבען ניט קיין פּאַטערלאַנד. מיר האָבען אַ פּאַטערלאַנד. איך זאָג דאָס און וויל זיך ניט איינלאָזען אין דעם שאַרפען אַנאַליז, וואָס מען זאָל פערשטעהן אונטער דעם וואָרט. די גאַנצע ליעבע צו דער מענש־ הייט קאָן אונז ניט שטערען צו זיין גוטע דייטשען. ווי ווייט מיר זאָלען ניט געהן אין דעם הסכם, אַז עס זענען דאָ אַלגעמיינע קול־ טורעלע אינטערעסען פאַר אַלע פעלקער, אָקוראַט אזוי ווייט מוזען מיר זיך אָבזאָגען צוצושטעהן צו יענעם אוטאָפּיסטישען בליק, וואָס מיינט, אַז עס וואָלט כלומר'שט געווען ווינשענסווערט, אַלע נאַציעס זאָלען פערשווינדען און אויף זייער אָרט זאָל אריין טרעטען אין לעבען אַ גלייכאַרטיגער אַלפעלקערליכער צימעס".

קאָסטאַ: „אויב מיר זענען ניט קיין פּאַטריאָטען אין דעם בורזשואַזען זין פון דעם וואָרט, זענען מיר פאָרט פּאַטריאָטען אין דעם בעסערען, סאָציאַליסטישען זין פון דעם וואָרט: מיר קאָנען ניט און ווילען זיך ניט אָבזאָגען פון די פּרעכטיגע און ערהאַבענע ווערטהען פון אונזער אייגענער היים".

בראַנטינג מיינט, מען דאַרף דאַנקען ערווע „פאַר דער

געלעגנהייט, וואָס ער האָט אונז געגעבן אַרויסצואווייזען אונזער גאַנצע איינינקייט בנוגע דעם געדאַנק, אַז נאַציאָנאַליזם און אינ־טערנאַציאָנאַליזם זענען ניט קיין היפּכים, נאָר אדרבה! זיי דער־גאַנצען איינער דעם אַנדערן".

וואַנדערוועלדע איז דעריבער געווען פאָלקאָם גערעכט, ווען ער האָט דערנאָך פאַר'ן פּלענאַר פון'ם קאָנגרעס אַזוי געשילדערט דעם רעזולטאַט פון די דעבאַטען מכח נאַציאָנאַ־ליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם.

„מיר זענען אַלע געווען איין הארץ און איין נשמה בנוגע צו דעם פּונקט, וואָס איז אַזוי גלענצענד בעלויכטען געוואָרען אין די רעדעס פון בעבעל און וואַליאַן און וואָס זאָגט, אַז דער ערש־טער פאָרבעדינג פאַר אונזער אינטערנאַציאָנאַל איז די עקזיסטענץ פון פרייע און אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציעס. דער אַרבייטער־אינ־טערנאַציאָנאַל איז ניט קיין מאַסע אָהן אַ שום פאָרם, גרופּירונג און פאַנאַנדערגלידערונג. ער איז אַ פרייע פעראייניגונג פון לע־בעדיגע אָרגאַניזאַציעס, אַ בונד ניט נאָר פון זעלבסטשטענדיגע מדינות, נאָר אויך פון נאַציעס, ווענען דער אינטערנאַציאָנאַל האָט צוריקגעגעבן זייער זעלבסטשטענדיגקייט, ווי צ. ב. פּוילען (שטור־רעמדיגע צושטימונג.)"

„מיר האָבען אָנגענומען דאָס רעכט אויף נאַציאָנאַלע פאַנאַנ־דערגלידערונג עהרליכער און קאָנסעקווענטער, איידער דאָס האָט געקאָנט טהאָן אַ וואָסער־עס־איז בורזשואַזע פּאַרטיי. אונזער רע־זאָליוציע בעפעסטיגט נאָך אַ מאָל דעם פאַקט, אַז מען קאָן האַל־טען פאַר נויטיג די עקזיסטענץ פון נאַציעס און אין דערזעלביגער צייט ניט אָבשוואַכען די צווישען־פעלקערליכע פערבינדונג פון די אַרבייטער".

„דער פועל־יוצא אָט פון דער איבערצייגונג אונזערער האָט געמוזט זיין דער הסכם, אַז יעדע נאַציע האָט אַ רעכט, וואָס קיי־נער קאָן ביי איהר ניט אָבנעהמען, צו פערטיידיגען איהר אונאָב־העגגיגקייט אַנטקעגען אַ וואָס פאַר אַן איבערפאַל ניט איז פון דרויסען".

ווי ווייט איז איצטער דער סאָציאַליזם פון יענער צייט, ווען אויף שריט און טריט פלעגט מען הערען די ווערטער פון'ם „קאָ־

מוניסטישען מאַניפעסט", אַז „דער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט קיין פאַטערלאַנד", און ווען אין די ווערטער פלעגט מען ארײנלעגען דעם זין, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף זיך לגמרי ניט קימערן װעגען די אינטערעסען פון דער נאַציאָנאַלער אונאָבהענגיגקייט, אָדער אַז ער דאַרף גאָר זיין פיינדליך צו זיי!

יענע ווערטער פון'ם מאַניפעסט בעקומען איצטער נאָר אַן אַנדער טייטש. „דער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט קיין פאָטערלאַנד", ווייל די בורזשואַזיע האָט אין איהרע הענד אַריינגעכאַפּט דאָס פאָטערלאַנד און עקספּלואַטירט עם צוליעב דעם אייגענעם נוצען. „דער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט קיין פאָטערלאַנד" איז דער טייטש: ע ר ד אַ ר ף ד אָ ס פ אָ ט ע ר ל אַ נ ד ע ר אָ ב ע ר ן. אָדער, ווי ד אַ ש י נ ס ק י האָט אויסגעדריקט דעם געדאַנק אין זיין רעדע אויף דעם קאָנשטאַטער פלעין: „דעם פאָלק, וואָס האָט ניט קיין היים, עראָבערן אַ פאָטערלאַנד, אַן אָרט, וואו ער זאָל קאָנען אַרויסווייזען זיין מענשליכע חשיבות און זיינע מענשליבע פריידען, — אין דעם בעשטעהט די אויפגאַבע פון דעם סאָציאַליזם".

דער בעריכט וועגען דאַשינסקי'ס רעדע בעמערקט, אַז די ווערטער האָבען אַרויסגערופען אַ „שטורעמדיגע, אָפט ווידערהאָלטע, לאַנג־אָנהאַלטענדע צושטימונג".

עס איז דעם פויל דאַשינסקי געווען לייכטער פאַר אַלעמען צו געפינען די פּאַסיגע פאָרמעל פאַר אַט דער סאָציאַליסטישער אויפגאַבע, ווייל ער איז אַ פערטרעטער פון אַן אונטערדריקטען פאָלק. אָבער אַפילו די פוילען האָבען, דוכט מיר, נאָך ניט קיין רעכט צו רעדען וועגען זייער היימאַטלאָזיגקייט אין אַ נאַציאָנאַלען זין. אַ פאָלק, וואָס האָט זיין טעריטאָריע, איז נאָך ניט אָהן אַ פאָטערלאַנד.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס מיט די עקסטעריטאָריאַלע פעלקער, און צווישען זיי די אידען, דעם אמת'ען נע־ונד'ניק אין דער פעלקער־משפחה פון דער מענשהייט. אויף דאָס אידישע פאָלק פּאַסט אות באות דער אויסדרוק „אַ פאָלק אָהן אַ היים". דאַשינסקי'ס ווערטער פאָרמולירען די אַלגעמיינע שטעלונג פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם צו דער פראַגע וועגען פּאַטריאָ־

טיזם אין פּאָטערלאַנד. אָבער אויף קיינעם זענען זיי ניט אַזוי אָנגעמאָסטען, ווי אויף דאָס אידישע פאָלק.

יע, עראָבערן פאַר זיך אַ פּאָטערלאַנד! וואָס דאָס זאָל ניט קאָסטען! דאָס איז ניט נאָר דער בעפעהל פון דער אידישער נאַציאָנאַלער לעבענס־נויט. דאָס איז אויך אַ נויטוועגדיגער טייל פון אַ ריכטיג פערשטאַנענעם סאָציאַליסטישען פּראָגראַם.

די דעבאַטען וועגען פּאַטריאָטיזם, וואָס האָבען זיך ענטוויקעלט אויף דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מי־ליטאַריסטישער פראַגע, וועלען צוגעבען נאָך מעהר מוטה יענע אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס האָבען נאָך, איידער דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס, קלאָר איינגעזעהען, ווי נויטיג עס איז אָוועקצושטעלען פאַר דער אידישער ארבייטערשאַפט און דעם אידישען סאָציאַליזם די אויפגאַבע — עראָבערן אַ פּאָטערלאַנד פאַר דאָס אידישע פאָלק.

## 4

די נאָר וואָס כאַראַקטעריזירטע שטעלונג פון׳ם אינטערנאַציאָ־נאַל צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע האָט געמוזט זיך אָבשפּיעגלען אויף אין די דעבאַטען וועגען דער ק אָ ל אָ נ י אַ ל ־ פּ אָ ל י ט י ק.

עס איז זעהר לייכט צו פערשטעהן די אינווענינסטע שיכות צווישען דער קאָלאָניאַל־פּאָליטיק און דער נאַציאָנאַלער פראַגע. קויטסקי האָט זעהר ריכטיג פאָרמולירט דעם גרונד־פּרינציפּ פון דער קאָלאָניאַל־פּאָליטיק, וואָס ווערט געפיהרט פון די קאַפּיטאַליס־טישע רעגיערונגען. דאָס איז — „עראָבערן אַ פרעמד לאַנד אויף יענעם זייט ים און מיט בעוואָפענטער מאַכט האַלטען דאָס אין דער אייגענער געוואַלט“.

אויב עס איז אַזוי, — און דאָס איז אַזוי, — איז יעדע קאַפּיטאַליסטישע קאָלאָניאַל־פּאָליטיק, אין וועלכע קולטורעלע מאַנט־לען זי זאָל זיך ניט דראַפּירען, אַ שרייענדער ווידערשפּרוך צו די גרונד־פּרינציפּען פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם, צו דעם ר ע כ ט פ ו ן י ע ד ע ם פ אָ ל ק א ו י ף ז ע ל ב ס ט־ ב ע ש ט י מ ו נ ג.

אין די דעבאטען וועגען דער קאָלאָניאַל־פראַגע האָבען זיך אויפ'ן קאָנגרעס צונויפגעשטויסען צוויי ריכטונגען:

איין ריכטונג גלויבט ניט אומבעדינגט אין דעם אויבען־דער־מאָהנטען גרונד־פרינציפ און איז דעריבער נוטה צו פערענטפערען די שאלה אויפ'ן אַלט־מארקסיסטישען אופן און גערעכטפערטיגען די פערברעכען אַנטקעגען דעם סאָציאַליסטישען פעלקער־רעכט דורך די אינטערעסען פון דער קאפיטאַליסטישער ענטוויקלונג און פון די פראָדוקטיוו־קרעפטען.

די אַלט־מארקסיטישע ריכטונג איז, פערשטעהט זיך, געגען די אָנווענדונג פון געוואַלט אין דער קאָלאָניאַל־פּאָליטיק. אָבער זי לאָזט דאָרט צו די „אפּוטרופסות" פון „העכער"־שטעהענדע פעל־קער איבער די „נידעריגערע" און רעדט וועגען עפּעס א „סאָציאַ־ליסטישער" קאָלאָניאַל־פּאָליטיק, וואָס זאָל אָנגעווענדעט ווערען אין יענע מרחקים־לענדער, וועלכע די קאפּיטאַליסטישע רעגירונגען האָבען אריין געכאַפּט אין זייערע הענד.

די צווייטע ריכטונג שטעלט זיך שוין אביסעל אַנדערש צו דעם גרונד־געדאַנק פון דעם מאַרקסיזם, אַז אַלץ דאַרף געשעהן לויט די אינטערעסען פון דער קאפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג, — דעם געדאַנק, וואָס האָט אין די פריהערדיגע צייטען געשפּיעלט די ראָליע פון דעם וויכטיגסטען, דעם איינציג־מעגליכען שטאַנד־פּונקט. אויף דעם קאָנגרעס איז זי בעשטאַנען אויף דעם, אַז די איצטיגע קאָלאָניאַל־פּאָליטיק טראָגט בלי שום ספק דעם כאַראַק־טער פון פערגוואַלטיגונג און צושטערונג פון פרעמדע נאַציאָנאַלע רעכט.

די ערשטע ריכטונג, — די וואָס שטיצט זיך מאַרקסיסטיש אויף די אינטערעסען פון דעם קאַפּיטאַליזם, — איז אויפ'ן קאָנ־גרעס פערטיידיגט געוואָרען פון אַזעלכע בעקאַנטע „רעוויזיאָניס־טען", ווי עדוארד בערנשטיין, עדוארד דאַוויד און דער האָלענדער וואַן־קאָל, וואָס האָט זיך נאָך אויף דעם אַמסטערדאַמער קאָנגרעס איינגעשטעלט פאַר דער קאָלאָניאַל־פּאָליטיק. שוין יעמאָלט האָט ער גע'טענה'ט, אַז די ענטוויקעלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם נויטיגט זיך אין דער קאָלאָניאַל־פּאָליטיק, ווי די ענטוויקלונג פון דעם סאָציאַליזם נויטיגט זיך אין דעם קאַפּיטאַליזם. פאַר דער צווייטער

ריכטונג האָט גערעדט, דער עיקר, דער „אָרטאָדאָקסער" מאַרקסיסט ל ע ד ע ב ו ר, בעקאַנט אין דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווי אַ העפטיגער געגנער פון דעם רעוויזיאָניזם און ווי אַ היסער אָנהענגער פון אַ פּאָליטיש־אומאָבהענגיגען פּוילען. איהם האָט קרעפטיג אונטערשטיצט אויפ'ן קאָנגרעס ק. קויטסקי.

ליידער איז דער בעריכט וועגען די דעבאַטען אין דער קאָמיסיע אַרויסגעקומען צו סומאַריש. אָבער אפילו שוין פון דעם אליין, וואָס עס איז גערעדט געוואָרען אויף דעם פּלענום, קאָן מען זיך אויסמאָלען דעם כאַראַקטער פון די צוויי שטרייטענדע ריכטונגען.

וואַן־קאָל איז געוועזן דער רעפערענט פון דער קאָמיסיע. ער קאָן גאָר ניט פערשטעהן, ווי אַזוי אַזאַ דענקענדער און טעאָרעטיש געבילדעטער סאָציאַל־דעמאָקראַט, ווי לעדעבור, זאָל קאָנען זיין געגען דער קאַפּיטאַליסטישער קאָלאָניאַל־פּאָליטיק. „ער דאַרף זיין איבערצייגט", האָט ער אויסגעשריען, „אַז דער קאַפּיטאַליזם איז אין אייראָפּאַ אַ נויטיגע און אונפערמיידליך שטופע פון ענטוויקעלונג. איז דאָס אייגענע אויך ניט אמת פאַר די קאָלאָניעס?... וואו וועט ער אהין טהאָן די איבערבעפעלקערונג פון אייראָפּאַ?.. וואָס וועט ער אָנהויבען טהאָן מיט דער אַלץ וואַקסענדער מאַסע פּראָדוקטען פון אונזער אינדוסטריע, אויב ער וועט זיין געגען נייע מערק, וואָס דאַרפען בעשאַפען ווערן אין די קאָלאָניעס?"

בערנשטיין סעקונדירט וואַן־קאָל'ן: „מען מוז זיך אָבזאָגען פון דעם אוטאָפּיסטישען געדאַנק, אַז מען קאָן כלומרשט אין גאַנצען פטור ווערן פון קאָלאָניעס. דער לעצטער פועל־יוצא פון אַזאַ געדאַנק וואָלט געוועזן, אַז מען זאָל די פעראייניגטע שטאַאַטען צוריק אוועקגעבען די אינדיאַנער. אַ געוויסע אַפּוטרופּסות פון די קולטורעל פעלקער איבער די ניט־קולטורעלע איז נויטווענדיג און זי וועט ניט אויפהערען צו זיין נויטווענדיג אויך אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. דאָס האָבען אָנערקענט אי לאַסאַל, אי מאַרקס. אין דעם דריטען באַנד פון „קאַפּיטאַל" שרייבט מאַרקס: „דער באָדען קאָן ניט געהערען צו קיין פאָלק; ער געהערט צו דער מענשהייט, און יעדעס פאָלק דאַרף פערוואַלטען איהם פאַר דעם וואויל פון דער מענשהייט". און לאַסאַל האָט

ערגעץ־וואו געזאָגט: „דאָס רעכט פון יעדען פאָלק אויף אַן אייגע־נער ענטוויקעלונג קאָן ניט זיין קיין אבסאָליוטעם רעכט. דאָס הענגט אָב פון דעם בעדינג, אז אזא אייגענע ענטוויקעלונג זאָל אויפגעוויזען ווערן בפועל. פעלקער, וואָס ענטוויקלען זיך ניט, קאָנען אונטער געוויסע אומשטענדען מיט פולען רעכט אונטער־וואָרפען ווערן אונטער פעלקער, וואָס האָבען א קולטורעלע ענט־וויקעלונג".

ד א ו ו י ד וויעדערהאָלט די געדאנקען, וואָס זענען שוין ארויס געזאָגט געוואָרען פאר איהם: „אויך די קאָלאָניעס מוזען דורכגעהן דורכ'ן קאפיטאליזם, אויך דאָרטען איז אונמעגליך צו מאכען א שפרונג פון ווילדקייט צו סאָציאליזם. דער וועג פון יסורים, וואָס ליעגט דורכ'ן קאפיטאליזם, קאָן ערגעץ ניט פערשפאָרט ווערן פאר דער מענשהייט און לויט דער טעאָריע פון דעם וויסענ־שאפטליכען סאָציאליזם, איז ער דער נויטווענדינער פאָרבעדינג פאר דער סאָציאליסטישער באלעבאטישקייט".

בערנשטיין, דאוויד און וואן־קאָל האָבען דערלאנגט דעם קאָנ־גרעס א שיילאָק־וועקסעל אין דעם נאָמען פונ'ם מארקסיזם. ניט קוקענדיג דערויף האָט דער איצטיגער כהן־גדול פון דעם מארקסיזם, דער קאָמפעטענטסטער קענער פון דער דאָקטרין און איהר טרייער פאָר־קעמפער, קארל קויטסקי, דעם וועקסעל ניט אקצעפטירט. ער האָט זיך ארויסגעזאָגט פאר דעם שטאנדפונקט, וועלכען לעדעבור פערטרעט.

קויטסקי לייקענט, אז דעמאָקראטיע און סאָציאלע פּאָליטיק זאָלען קאָנען ווען עס איז געהן האנד אין האנד מיט עראָבערונגען און פרעמדען־הערשאפט. מען דערמאָהנט אונז, זאָגט ער, אז מיר מוזען געהן צו די ווילדע פעלקער, ווי א ציוויליזאטאָרישע קראפט, ווי לעהרער און ראטה־געבער. יע, דאָס דארפען מיר. מיר זענען פעראינטערעסירט אין דעם, אז דער קולטור־ניוואָ פון די ווילדע פעלקער זאָל אויפגעהויבען ווערן. אָבער די קאָלאָניאל־פּאָליטיק מיט איהרע עראָבערונגען און פערגוואלטיגונגען דער־גרייכט פונקט די היפּוך'דיגע רעזולטאטען. עס איז זעהר פער־שפרייט די פאלשע מיינונג, אז די ווילדע שטעלען זיך פיינדליך צו יענע מיטלען פון דער ציוויליזאציע, וואָס די קולטור־פעלקער

ברענגען זיי. די ערפאַהרונג בעווייזט אָבער פונקט פערקעהרט. די ווילדע נעהמען גערן איבער די מיטלען פון דער ציוויליזאַציע אומעטום, וואו מען קומט צו זיי מיט פריעדליכע אַבזיכטען. קומט מען אָבער צו זיי מיט דעם ציעל צו אונטערדריקען זיי, צו אונ־טעריאָכען זיי און צו ווערן זייערע אַפּוטרופּסים, לאָז זיין מיט די בעסטע אַבזיכטען אין דער וועלט, איז יעמאָלט ווערען זיי מיס־טרויאיש און פערוואַרפען, אין איינעם מיט דער פרעמדלענדישער הערשאַפט, אויך די פרעמדלענדישע קולטור. ווילען מיר דעריבער ווירקען ציוויליזאַטאָריש אויף די ניעדעריגערע פעלקער, איז קודם כל נויטוועדיג, מיר זאָלען געווינען זייער צוטרוי. און דאָס קאָנען מיר דערגרייכען נאָר דורך דעם, וואָס מיר וועלען פערזיכערען זיי זייער פרייהייט. בערנשטיין האָט דאָ גאָר אומזיסט ציטירט מארקסען. ס׳איז אמת, מארקס האָט געזאָגט, אַז „די ערד געהערט דער מענשהייט". אָבער די מענשהייט בעשעפטיגט זיך איצטער ניט מיט קאָלאָניאַל־פּאָליטיק. מאַרקס האָט קיינמאָל ניט געזאָגט: „די ערד געהערט צו די קאַפּיטאַליסטישע נאַציעס".

ס י י מ אָ נ ס פון די פעראייניגטע שטאַאטען דערמאָהנט דעם קאָנגרעס, אַז „דאָס סאָציאַליסטישע סיסטעם מוזען מיר זיך פאָרשטעלען ווי אַ ברידערליכען פערבאַנד פון נאַציעס און ראַסען, אָבער בשום אופן ניט אַזוי, אַז איין טייל פון דער מענשהייט זאָל הערשען און דער אַנדערער זאָל זיין אונטעריאָכט".

אויף די אַלע אָנפאַלען האָט דער רעפערענט פון דער קאָמיסיע, וואַן־קאָל, געענטפערט מיט אַ פייעריגער, שאַרפזיניג־וויציגער רע־דע. דערהויפּט האָט ער געוואַשען דעם פעלץ קויטסקי׳ן. ס׳איז אוטאָפּיש צו גלויבען אין איינעם מיט קויטסקי׳ן אין אַ פריעדליכע אינדוסטריעלע ענטוויקלונג פון די קאָלאָניעס. געהן קיין אַפריקאַ מיט מאַשינען און אינסטרומענטען און אויף אַזאַ׳ן אופן ציוויליזירען דאָס לאַנד, — וואָס פאַר אַ בוך־סברא! שיקט אַ מאַשין קיין אַפריקע. וואָס וועלען די ווילדע אָנהויבען צו טהאָן מיט איהר? זיי וועלען גאָר אפשר אָנהויבען צו טאַנצען אַרום איהר, ווי אַרום אַ געץ, און זיי וועלען בערייכערען מיט איהר די צאָהל פון זייערע פעטישען.

אָדער אפשר שיקען אַהין אייראָפּעער אין איינעם מיט די

מאַשינען? „וואָס זיי וועלען טהאָן מיט די אייראָפּעער, — דאָס ווייס איך שוין ניט. לאָמיר ביידע, קויטסקי און איך, מאַכען אַ פּרואוו. לאָמיר ביידע, ער און איך, די טעאָריע און די פּראַקטיקע, זיך אַ לאָז טהאָן האַנד אין האַנד צו די ווילדע מיט מאַשינעם און אינסטרומענטען. וואָס וועט דערפון אַרויס? אָדער זיי וועלען צוברעכען אונזערע מאַשינעם, אָדער זיי וועלען גאָר הרגה'נען אונז און אויפרעסען און יעמאָלט", — דאָ האָט וואַן־קאָל' גענומען גלעטען זיין גאָר ניש'קשה'דיגען בייכעל, — „און יעמאָלט וועל איך ביי זיי זיין אַ סך אַ גרעסערער מיוחס, איידער קויטסקי".

די אייראָפּעער קאָנען דאָרטען גאָר נישט ניט אויפטהאָן מיט זייערע מאַשינעם, אויב זיי וועלען זיין אומבעוואָפענט. הייסט עס, אַז מיר וועלען זיי מוזען פערטיידיגען מיט כלי־זין אין די הענד. אָבער יעמאָלט — יעמאָלט ווערט אויך קוטסקי מגולגל אין אַן אימפּעריאַליסט.

„ניין!" — שרייט וואַן־קאָל' אויס צום סוף פון זיינע רעיד. „ס'איז אוממיגליך, ס'איז נאַריש איינצופלאַנצען ציוויליזאַציע מיט די מעטאָדען, וואָס קויטסקי שלאָגט פאָר; ס'איז נאַריש צו גלויבען אין אַזעלכע מעטאָדען פאַר אַ לאַנד, וואו עס איז נאָך ניטאָ קיין רעכטליכער שוץ ניט פאַר דער היימישער, ניט פאַר דער אָנגעפאָהרענער בעפעלקערונג". ווי געפעהרליך עס איז פאַר אַ געלערנטען זיך צו דערווייטערען פון דעם לעבען, האָבען מיר היינט דערלעבט אַ ביישפּיעל אויף קויטסקי'ן, וואָס איז אין דער קאָלאָניאַל־פראַגע געוואָרען אַ רעוויזיאָניסט, אַן אימפּעריאַליסט און אַן אוטאָפּיסט.

אַזוי האָט גערעדט וואַן־קאָל'.

עס קומט אונז ניט אַריין אין זין צו בעהויפּטען, אַז די פראַגע וועגען קאָלאָניאַל פּאָליטיק, איז, אין איהר שיכות צו נאַציאָנאַליזם און סאָציאַליזם, אַרומגענומען געוואָרען און בעלויכטען געוואָרען אויף דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס פון אַלע איהרע זייטען. אויך איז די אָנגענומענע רעזאָלוציע, וועלכע מיר ברענגען אונטען, דורכאויס נאָך ניט דאָס לעצטע וואָרט פון סאָציאַליזם.

די קאָלאָניאַל־פּאָליטיק, ווי די נאַציאָנאַל־פראַגע בכלל, — ד. ה. די פראַגע וועגען אַ פריעדליכען, בריעדערליכען לעבען צווישען

די פעלקער אויף דער וועלט, — האָט ערשט ניט לאַנג פעראינטער־רעסירט דעם סאָציאַליזם פון איהר פּראַקטישער זייט, ווייל זי האָט זיך גענומען געוואַלטיג אריין רייסען אין דעם לעבען פון דעם ארבייטער־קלאַס.

דער געדאַנק פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם וועט נאָך ניט איינמאָל זיך מוזען אומקעהרען אָט צו די אַלע פראַגען. טריי צו זיינע גרונד־פּרינציפּען, וועט ער דאַרפען אויסארבייטען קאָנקרעטע פאָרמען, ווי אַזוי דורכצופיהרען אין לעבען יענעם ענט־פער, וועלכען דער נביא ישעיהו האָט שוין געפונען פאַר דעם פּראָבלעם.

פאַר דער איצטיגער צייט אָבער, איז געווען בעזונדערס וויכ־טיג פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלען פּראָלעטאַריאַט צו בעשטעהן אויף דער פּרינציפּיעלער זייט פון דער זאַך, וואָס זאָל איהם דיענען ווי א קאָמפּאַס אין זיינע לעבענס־נויטען. מען האָט געמוזט פעסט אוועק־שטעלען די יסודות פון דעם סאָציאַליס־טישען רעכטס־בעוואוסטזיין אויף דעם פעלד פון צווישען־פעלקערליכע בעציעהונגען.

און דעריבער האָבען ניט די וויסענשאַפטליכע ציטאַטען פון די דאַווידס און די בערנשטיינס, ניט דער פּראַקטישער רעאַליזם און דער לעבענספולער וויץ פון א וואַן־קאָל ניט געקאָנט איבער־קעהרען דעם סאָציאַליסטישען רעכטס־פּרינציפּ, מיט'ן דעק ארויף, דעם רעכטס־פּרינציפּ, וואָס איז אויסגעדריקט געוואָרען אין די פאָלגענדע ווערטער פון לעדעבור'ס רעדע.

„מיר פערוואַרפען אומבעדינגט דאָס אפּטרופּסות־רעכט פון איין פאָלק איבער אַן אַנדער פאָלק און מיר האַלטען פאַר אוממיגליך, אַז דער קאָנגרעס זאָל גוט היימען אַזאַ מין אפּטרופּסות".

אין דעם זין פון אָט דעם פּרינציפּ איז איבערגעארבייט געוואָ־רען די רעזאָלוציע, וואָס די מאַיאָריטעט פון דער קאָלאָניאַל־קאָמי־סיע האָט פאָרגעשלאָגען.

מיר ברענגען דאָ אין גאַנצען די רעזאָלוציע, ווי זי איז אָנגע־נומען געוואָרען פון דעם קאָנגרעס, ווייל די קאָלאָניאַל־פראַגע איז

שוין ביז צו אַ געוויסען גראַד געוואָרען אַ פּ ר אַ ק ט י ש ע פראַגע פאַר דעם אידישען סאָציאַליזם מיט דעם מאָמענט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די אידישע קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל.

„דער קאָנגרעס האַלט מיט דער מיינונג, אַז די קאַפּיטאַליס־טישע קאָלאָניאַל־פּאָליטיק, מוז, לויט איהר אינוועניגסטען תוך נאָך, פיהרען צו דער פערשקלאַפונג, דער צוואַנגס־ארבייט אָדער דעם אויסשטארבען פון דער איינגעבאָרענער בעפעלקערונג אין דעם קאָלאָניאַל־געביעט".

„די ציוויליזאַטאָרישע מיסיע, אויף וועלכע עס בערופט זיך די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט, דיענט איהר נאָר ווי אַ מאַנטעל, וואָס זאָל פערדעקען איהרע עראָבערישע, עקספּלאָאַטאָרישע גע־לוסטען. נאָר די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט וועט געבען אלע פעל־קער די מעגליכקייט זיך צו דערענטוויקלען ביז צו דער פולער קולטור".

„אַנשטאָט צו פערגרעסערען די פּראָדוקטיוו־קרעפטען, רואינירט די קאַפּיטאַליסטישע קאָלאָניאַל־פּאָליטיק דעם נאַטור־רייכטום פון יענע לענדער, וואוהין זי טראָגט אריין איהרע מעטאָדען, סיי דורך די פערשקלאַפונג און די פערעלענדונג פון די איינגעבאָרענע, סיי דורך מערדערישע און חרוב־מאַכענדע קריגען. דורך דעם גופא פערלאַנגזאַמט זי אָדער מאַכט גאַנץ אוממעגליך די ענטוויקעלונג פון האַנדעל און דעם אָבזעץ פון אינדוסטרי־פּראָדוקטען פון די ציווי־ליזירטע מדינות".

„דער קאָנגרעס פערוּרטיילט די באַרבאַרישע מעטאָדען פון דער קאַפּיטאַליסטישער קאָלאָניזאַציע און פאָדערט, אין די אינטע־רעסען פון דער ענטוויקעלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען, אַזאַ פּאָליטיק, וואָס זאָל גאַראַנטירען אַ פריעדליכע קולטורעלע ענטווי־קעלונג און וואָס זאָל די אוצרות פון דער ערד אַוועק שטעלען אין דיענסט פון דער העכערער ענטוויקעלונג פון דער גאַנצער מענש־הייט".

„ער בעשטעטיגט נאָך אַ מאָל די פּאַריזער (1900) און אַמס־טערדאַמער (1904) רעזאָלוציע וועגען דער קאָלאָניאַל־פראַגע און פערוואַרפט אויף דאָס ניי דעם איצטיגען קאָלאָניזאַציאָנס־מעטאָד, וועלכער מוז, לויט זיין קאַפּיטאַליסטישען תוך, ניט האָבען קיין

אַנדערע ציִלען, אַ חוץ די ערלאָבערונג פון פרעמדע לענדער און די פערשקלאַוואונג פון פרעמדע פעלקער, כדי שוינונגסלאָז צו עקספּלאָ־אַטירען זיי צוליעב אַן אומבעדייטענדער מינאָריטעט, בעת אין דעם אייגענעם לאַנד ווערט אַלץ שווערער די לאַסט, וואָס ליגט אויף דעם פּראָלעטאַריאַט".

„אַ פיינד פון יעדער עקספּלאָאַטאַציע צווישען מענש און מענש און אַ פערטיידיגער פון אַלע אונטערדריקטע אָהן אַן אונטערשייד פון ראַסע, פעראורטיילט דער קאָנגרעס אַט די פּאָליטיק פון גזילה און ערלאָבערונג, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר בלויז די אומפערשעהמ־טע אַנוועגדונג פון דעם שטאַרקערענ׳ס רעכט און טרעט מיט די פיס דאָס רעכט פון די בעזיעגטע פעלקער".

„די קאָלאָניאַל־פּאָליטיק מאַכט גרעסער די געפאַהר פון מילי־טערישע קאָמפּליקאַציעס ביי די שטאַאטען, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט קאָלאָניזאַציע, ווי זי פערגרעסערט אויך זייער שטייער־לאַסט אויף אויפצוהאַלטען אַן אַרמעע און אַ פלאָט".

„אַלע הוצאות צוליעב קאָלאָניזאַציע, ווי אויך די, וואָס ווערען אַרויסגערופען פון דעם אימפּעריאַליזם, אַזוי אויך די, וואָס ווערען געמאַכט אין די אינטערעסען פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקעלונג אין די קאָלאָניעס, האָבען, פון אַ פינאַנציעלען שטאַנדפּונקט, בעדאַרפט ליעגען אויף די אַקסלען פון די, וואָס בעקומען אַליין דעם נוצען פון בע׳גזלנ׳ען פרעמדע לענדער און וועמעס עשירות פער־דאַנקען זייער עקזיסטענץ אַט יענע פרעמדע לענדער".

„צום סוף דערקלערט דער קאָנגרעס, אַז די סאָציאַליסטישע דע־פּוטאַטען זענען מחויב אין אַלע פּאַרלאַמענטען דערקלערען אַן אומ־פריעדפּאַרטיגען קאַמף אַנטגעגען אַט דער מעטאָדע פון שוינונגס־לאָזער עקספּלאָאַטאַציע אין פערשקלאַוואונג, וואָס הערשט אין אַלע עקזיסטירענדע קאָלאָניעס".

„צוליעב אַט דעם צוועק מוזען זיי אונטערשטיצען רעפאָרמען, וואָס זאָלען פערבעסערן דעם גורל פון די איינגעבאָרענע, מוזען שטערען יעדע פערלעצונג פון זייערע רעכט, זיי טאָרן ניט דער־לאָזען זייער עקספּלאָאַטאַציע און פערשקלאַוואונג; זיי מוזען, אַ חוץ דעם, מיט אַלע מיטלען אין זייער געבאָט, ווירקען אויף די ער־ציעהונג פון די איינגעבאָרענע צו זעלבסטשטענדיגקייט".

.5

קיין איין פראַגע איז אַפשר ניט אַזוי ענג פערבונדען מיט דעם פּראָבלעם פון נאַציאָנאַליזם, מיט דעם רעכט פון יעדען פאָלק אויף אַ זעלבסטשטענדיגע ענטוויקעלונג און מיט דער גלייכבערעכטיגונג פון פעלקער, וואו זיי זאָלען ניט וואוינען, ווי די פראַגע וועגען עמיגראַציע און אימיגראַציע.

אונטער דעם דרוק פון געוויסע עקאָנאָמישע, קולטורעלע און פּאָליטישע אומשטענדען רייסט זיך אַ טייל פון איין פאָלק אריין אין דער טעריטאָריע פון אַן אַנדערן. ניט גערעכענט זיך מיט דער לאַגע אויף דעם ארבייטס־מארק, מיט דעם צושטאַנד פון די ארבייטער אָרגאַניזאַציעס, מיט דעם זיך בייטענדען גורל אין דעם קאַמף צווישען קאַפּיטאַל און ארבייט, וואַרפט זיך יענער טייל ארויף, מיט ־ער בלינדקייט פון אַ הונגעריגען אויף דעם ארבייטס־מארק, ־ייסט פאַנאַנדער די אויך אָהן דעם שוואַך־געשלאָסענע קעיט, וואָס די ארבייטער־אָרגאַניזאַציעס פון יענע לענדער האָבען מיט אַזוי פיעל מיה ארום געשטעלט ארום זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

מוז דער ארבייטער־קלאַס דולדען אָט דעם געפערליכען אַנ־פאַל פון פרעמדלינגע, אריבערטראָגען איהם אין דעם נאָמען פון אינטערנאַציאָנאַלער קלאַסען־סאָלידאריטעט? האָט ניט אַ רעכט דער סאָציאַליסטישער פערטיידיגער פון דעם היימישען ארבייטער צו דערקלערען די אימיגראַנטען:

דאָס לאַנד געהערט ניט צו אייך, נאָר צו זיי. זיי פיהרען דאָ אָן דעם קאַמף, כדי צו צערברעכען די מאַכט פון דעם קאַפּיטאַל און צו דערנעהענטערן די ממשלה פון סאָציאַליזם. אַלץ, וואָס שוואַכט אָב זייער קראַפט אין אָט דעם קאַמף, גערט להיפך ניט נאָר צו זייער רעכט אויף זייער אייגען פאָטערלאַנד, נאָר אויך להיפך צו די אינטערעסען פון דעם סאָציאַליזם גופא.

האָבען זיי דען קיין רעכט ניט צו פערמאַכען די טהיר פון זייער לאַנד פאַר דעם נאָז פון דעם איינדרינגלער, דערהויפּט, ווען זיי זעהען, אַז דער איינדרינגלער קומט ניט מיט קיין אַנדער צוועק, ווי נאָר ארויסצורייסען דאָס שטיקעל ברויט פון זייער מויל?

פון דער אַנדער זייט האָבען אַפשר די אימיגראַנטען אַ רעכט צו ענטפערן אויף די טענות מיט אַזעלכע מיני רעיד:

ס'איז אמת, אַז דער סאָציאַליזם פערטיידיגט היים די רעכט פון יעדען פאָלק אויף זיין פאָטערלאַנד. אָבער ער קאָן בשום אופן ניט אָנדערקענען, אַז אַ וועלכעס עס איז פאָלק זאָל האָבען אַן א י י ג ע נ ט ו מ ס־ר ע כ ט אויף זיין טעריטאָריע.

ווי ווינשענסווערטה עס זאָל ניט זיין, אַז יעדעס פאָלק זאָל האָבען אַן אונפערלעשבאַרען רעכט אויף זיין לאַנד, קאָן אָבער יענעס רעכט פערווירקליכט ווערן נאָר אין אַזעלכע גרעניצען, וואָס געהען ניט להיפך צו דעם אונפערלעשבאַרען רעכט פון יעדען מענ־שען, צו וואוינען דאָרטען, וואו איהם פערוועלט זיך, וואו ער פיהלט זיך אַם בעסטען.

דער סאָציאַליסטישער רעכטס־בעוואוסטזיין קאָן ניט מאַכען קיין חלוק צווישען „אייגענע" און „פרעמדע". דער פאַטריאָטיזם און דער טעריטאָריאַליזם זענען, אמת, פאָסטולאַטען פון סאָציאַ־ליזם, אָבער זיי שליעסען ניט אויס, נאָר אדרבא, זיי פאָרדערן, ווי אַ דערגענצונג, דאָס רעכט פאַר יעדען פאָלק אויף אַ זעלבסט־שטענדיגע ענטוויקעלונג אפילו דאָרטען, וואו דעם פאָלק פעהלט אַ טעריטאָריע.

דער איינציגער באַלאַבאָס אויף דעם גאַנצען ערד־באַל איז די גאַנצע מענשהייט. און די מענשהייט גיט אוועק אַ טייל פון איהר בעזיץ, אַ בעזונדער לאַנד, צו איין פאָלק אָדער צו אַ גרופּע פון פעלקער, ניט אין אייגענטום, נאָר אין אויסנוטץ. אויסגענוצט דאַרף אָבער ווערן אַ לאַנד פון אַלע זיינע איינוואוינער, מיט גליי־כע רעכט פאַר יעדען, אָהן אַ שום אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט און אָבשטאַם.

האָבען אַן אייגען פאָטערלאַנד, — דאָס איז דעם פאָלק'ס אַ ר ע כ ט; בעזיצען עס איז אַ ג ל י ק. אָבער ניט האָבען עס, אָדער זיין געצוואונגען צו פערלאָזען עס איז ניט קיין פערברעך, נאָר אַן אומגליק. קיינער האָט קיין רעכט צו לאָזען אַ היימלאָזען אויפ'ן גאַס. אמת, יעדער זאָל טייער האַלטען זיין אייגען היים, אָבער — „יהי ביתך פתוח לרוחה", — „דיין היים דאַרף זיין אָפען פאַר אַלעמען".

און דער היימלאָזער דאַרף אַריינגעהן אָהין ניט ווי אַ גאַסט, פון וועלכען מען דערוואַרט, ער זאָל נושא חן זיין אין די אויגען

פון דעם באַלאַבאַס, נאָר ווי אַ פול בערעכטיגטער בן־בית, וואָס מעג זיך בענוצען מיט אַלע בעקוועמליכקייטען, וועלכע די באַלאַ־באַטים האָבען בעשאַפען פאַר זיך אַליין. ווייל — „חוקה אחת תהיה לכם ולגר הגר בתוכיכם", „דערזעלביגער געזעץ, וואָס פאַר אייך, דאַרף אויך זיין פאַר דעם פרעמדען, וואָס וואוינט צווישען אייך".

און פרעגען טאָרסטו איהם ניט: ביסטו אויף אַ ווייליגע געקומען צו אונז, אָדער ווילסטו דיין לעבען אָבלעבען ביי אונז? אפשר איז ער אוים נויט געקומען צו דיר; מיט זיין אייגענעם ווילען קאָן ער אַוועק געהן פון דיר. איין זאַך נאָר זאָלסטו פון איהם פערלאַנגען און דורכפיהרען: אַז ער זאָל דאָס לאַנד דיינס, וואָס די מענשהייט האָט דיר געגעבען, אַכטען און וועגען דעם וואויל־און־גוט פאַר דעם לאַנד דאַגה'ן, אַקוראַט אַזוי ווי דו.

עס פערשטעהט זיך, אַז די אימיגראַנטען רעדען נאָך ניט אַזוינע רעיד און וועניגער פאַר אַלץ ליעגט זיי אין זינען, צו בערו־פען זיך אויף אַלט־העברעאישע פסוקים און מימרא'ס. זיי, די הונגעריגע און אויסגעצעהרטע, קאָנען ניט טראַכטען וועגען פרינ־ציפען אָדער וועגען דעם סאָציאַליסטישען רעכטס־בעוואוסטזיין.

אָבער אין דעם געזעלשאַפטליכען און היסטאָרישען לעבען קומט כמעט אַלע מאָל פאָר אַזוי, אַז איידער די מענשען הויבען אָן רעדען, שרייען פאַר זיי צום הימעל יענע אומשטענדען, אין וועלכע זיי זענען געצוואונגען צו לעבען. און אין אונזער פאַל זענען די אומשטענדען אַזעלכע, אַז זיי ווילט זיך אַלע ווייליגע ציטירען דעם חומש, די נביאים, און די הומאַנערע שפּרוכען פון אונזערע „פרקי אבות"...

אָט דאָס איז דער תוך פון דער פראַגע וועגען עמיגראַציע און אימיגראַציע, ווען מען שטעלט זי אַוועק אין דעם ליכט פון דעם סאָציאַליסטישען נאַציאָנאַליזם. בעהאַנדלען זי אָהן אַ שום שיכות צו דעם פּראָבלעם פון נאַציאָנאַליטעט הייסט — זיך גליטשען איבער איהר אויבערפלאַך, און ניט אַריינדרינגען אין איהר טיעף.

די אידישע סאָציאַלסטשע אַרבייטער־פּאַרטיי (דער „סערפּ") האָט דורך אהרע דעלעגאַטען געוואָלט פאָרשלאָגען דעם קאָנגרעס אַ רעזאָלוציע, וואָס האָט אין איהר פּראַקטישען טייל אָבגעגעבען

דעם נויטיגען פּלאַץ דעם נאַציאָנאַלען מאָמענט. צווישען די איבע־ריגע פאָרדערונגען, וואָס האָבען צונויפגעשטימט בדרך כלל מיט די פאָרדערונגען פון אַלע אַנדערע עמיגראַנטען־פריינדליכע רעזאָ־לוציעס, האָט זי אַרויסגעשטעלט די פאָלגענדע פונקטען:

א) די עמיגראַנטען זאָל געגעבען ווערן דאָס רעכט אויף נאַ־ציאָנאַלע זעלבסט־פערוואַלטונג אין שוהל־אָנגעלעגענהייטען, קולטור־רעלע אונטערנעהמונגען און אַלע ענינים, וואָס האָבען א שיכות צו זיי, ווי צו מיטגליעדער פון א בעשטימטער נאַציאָנאַליטעט און ניט ווי צו איינוואוינער פון א בעשטימטען אָרט אָדער ווי צו בירגער פון א בעשטימטען לאַנד;

ב) די גאַנצע אָנגעלעגענהייט פון עמיגראַציע זאָל איבער־געגעבען ווערן אין די הענד פון דער נאַציאָנאַלער זעלבסט־פער־וואַלטונג און דאָרטען וואו עס פעהלען אַזעלכע אָרגאַנען, זאָלען זיך מיט איהר בעשעפטיגען די אָרגאַנען פון דער לאָקאַלער זעלבסט־פערוואַלטונג אונטער דער קאָנטראָליע און דער אָבאַכט פון די אָר־גאַניזירטע אַרבייטער ביי יענע פעלקער, וואָס פון זייער מיטע רע־קרוטירט זיך די עמיגרירענדע מאַסע.

ליידער, זענען די אַרבייטער פון דער קאָמיסיע פאַר דער פראַ־גע, — אויף וויפיעל מען קאָן אורטיילען לויט די קורצע בעריכטען, וואָס זענען פאַראַן, — ניט געשטאַנען אויף דער ערפאָרדערליכער הויך. די אידישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פּאַרטיי האָט זיך ניט געקאָנט בעטייליגען אין די דעבאַטען פון דער קאָמיסיע. זי האָט געמוזט קעמפּפען פאַר איהר רעכט אַנצוגעהערען צו דעם אינ־טערנאַציאָנאַל און אין יענע טעג, ווען איהרע דעלעגאַטען האָבען נאָך געמוזט שטעהן אויפ'ן שוועל, זענען אין דער קאָמיסיע פער־ענדיגט געוואָרען אַלע גענעראַל־דעבאַטען, אויסגעהערט געוואָרען אַלע רעזאָליוציעס און פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרען צווישען די סוב־קאָמיסיעס.

און אַז די טהירען פון דעם אינטערנאַציאָנאַל האָבען זיך ענד־ליך אויפגעעפענט פאַר דעם „סערפּ“, איז פאַר יענע מיטגליעדער פון זיין דעלעגאַציע, וועלכע די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע רוסישע פּאַרטיי האָט קאָמאַנדירט אין דער עמיגראַנטען־קאָמיסיע, ניט גע־בליעבען קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר אַריינצוטראָגען אויסבעסערונ־

נען אין דעם פּראַקטישען טייל פון דער שוין פאַרטיג געוואָרענער רעזאָלויציע, אריין טראַגען ריין אויס פּרינציפּ, אָהן אַ וועלכער עס איז מאָטיווירונג, פאַרשלאָגען איין מאָסרעגעל נאָך דער אַנדע־רער, לכתחילה וויסענדיג, אַז זיי קאָנען ניט אָנגענומען ווערן, ווייל זיי זענען נאָך גאָר ניט דיסקוטירט געוואָרען.

פון דעסטוועגען קאָן מען שוין פון דעם קורצען בעריכט וועגען די גענעראַל־דעבאַטען זעהען, אַז עס איז געוועזען אוממיגליך פאַר דער קאָמיסיע, אין גאַנצען צו איגנאָרירען די נאַציאָנאַלע פראַגע. דערהויפּט דערפאַר, וואָס זי איז אַזוי בולט ארויסגע־טרעטען אין דער פאָרם פון דער ראַ ס ע ן ־ פ ר אַ ג ע.

די דעלעגאַטען פון אויסטראַליע האָט אריינגעטראָגען אַ רעזאָ־לויציע, וואָס האָט, לויט איהר אינוועניגסטען תוך, אויב ניט לויט דער פאָרם, געוואָלט פערוועהרען דעם אריינפאָהר פון דער געלער ראַסע אין די אימיגראַציאָנס־לענדער. דער טעם? — די געלע ראַסע איז כלומרשט פון נאַטור אויס בעשטימט צו שפּיעלען די ראָליע פון „סטרייק־ברעכערס“.

אַ געוויסער טייל פון דער אַמעריקאַנער דעלעגאַציע איז אויך געוועזען פּרינציפּיעל געניינט אויסצושליסען די געלע ראַסע פון דער גלייכבערעכטיגטער משפּחה פון דער אַרבייטענדער מענש־הייט. נאָר די פראַנצויזישע רעזאָלויציע האָט מיטגעקעמפט פאַר דעם אינטערנאַציאָנאַלען פּרינציפּ אין זיין גאַנצער ריינקייט.

די רעזאָלויציע, וואָס די קאָמיסיע האָט אויסגעאַרבייט און וואָס איז דערנאָך אָנגענומען געוואָרען פון דעם קאָנגרעס, שטעלט מיט זיך פאַר אַ טריאומף פון דעם אינטערנאַציאָנאַליזם איבער דעם ענגען שאָוויניזם און איבער די ענגאָאיסטישע אינטערעסען פון איינצעלנע אַרבייטער פּאַרטייען. אָבער אין איהר פעהלט דער טריאומף פון דעם אינטערנאַציאָנאַליזם איבער זיין געגנער פון ל י נ ק ס, איבער דעם קאָסמאָפּאָליטיזם.

די קאָמיסיע האָט גערן אריינגעבראַכט אין דער רעזאָלויציע אַלע מאָסרעגעלן, וואָס זענען גינסטיג פאַר די אימיגראַנטען, ווי מענשען און בירגער; זי האָט אָבער ניט אויפגענומען קיין איין פּונקט, וואָס זאָל פערטיידיגען זייער נאַציאָנאַליטעט. פון אַלע אויסבעסערונגען, וואָס די אידישע סאָציאָליסטישע פּאַרטיי האָט

פאָרגעשלאָגען איז אַריינגעגאַנגען נאָר איינע: לייכטער מאַכען די נאַטוראַליזאַציע פאַר דעם אימיגראַנט.

ניט קוקענדיג דערויף האָט דער קאָנגרעס אויך אין דער עמיג־ראַציאָנס־פראַגע זיך ניט געקאָנט בעגעהן גאָר אָהן דערקלערונגען צוגונסטען דעם נאַציאָנאַליזם.

עס קאָן זיין, אַז דאָס איז געווען אונטער דעם דרוק פון דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק, וואָס איז אַזוי מערקווירדיג קלאָר געוואָ־רען אין דער לעצטער צייט בנוגע דער נאַציאָנאַלער פראַגע, אָדער אפשר אונטער דעם איינדרוק פון יענע נאַציאָנאַליסטישע אויס־בעסערונגען, וואָס די פערטרעטער פונ׳ם „סערפ״ האָבען אַריין גע־טראָגען אין דער קאָמיסיע, — אַזוי, צי אַזוי, — אָבער געוואָסע ע ל ע נ ב ו י ג ע ן, דער רעפערענט פון דער קאָמיסיע פאַר דעם פלענום, האָט געפונען פאַר נויטיג צו מאַכען די פאָלגענדע דערקלערונג:

„די ארבייטער פון יעדער (איינגעוואַנדערטער) נאַציע דאַרפען ניט פערשטעהן די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט אין אַזאַ זין, אַז דאָס זאָל זיי צווינגען איבערצוגעבען זיך דעם אָהן־פאַרביגען אינטערנאַציאָנאַליזם און אָבצוזאָגען זיך פון זייער נאַציאָנאַליטעט. אדרבא! די ארבייטער פון אַלע נאַציעס האָבען אַ רעכט און אַ פליכט צו זיין צוגעבונדען מיט ליעבע און בעגייסטערונג צו די קולטורעלע אוצרות פון זייער אייגענער נאַציע. (בראַוואָ!) זיי וועלען דאָס מעהר שטרעבען אָבצוהיטען זייערע אייגענטימליכ־קייטען, וואָס מעהר זיי וועלען איינזעהן, אַז גראַד מיט דעם אָבהי־טען זייערע אייגענטימליכקייטען קאָנען די נאַציעס ברענגען דעם גרעסטען נוצען דער אַלגעמיינער קולטור.״

דער וואָס איז בעקאַנט מיט דער פריהערדיגער שטעלונג עלענבויגענס צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע האָט געמוזט, אויס־הערענדיג אָט די רעיד זיינע, אַ טראַכט טהאָן:

„אויך דו, ברוט!... איז ווער ווייס דען, אויף אַזאַ׳ן אופן, נאָך ווייטער זיך איינשפּאַרען אנטגעגען דעם טריאומף פון דעם אמת? איז אונז אפשר גאָר בעשערט אויף דעם קומענדיגען קאָנגרעס אויסצוהערען אַזוינע רעיד פון ראָזא לוקסעמבורג אַליין?!״

אונזער בעריכט וועגען דעם שטוטגאַרטער קאָנגרעס — פון

דעם ספּעציעלען שטאַנד־פּונקט, פון וועלכען מיר בעטראַכטען איהם דאָ, — וואָלט געווען ניט פּאַרפּול, אויב מיר וואָלטען ניט בעריהרט, לאָז זיין בקיצור, די זיצונגען פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען ביוראָ גופא פאַר דער צייט פון קאָנגרעס.

דאָס רעכט פון יעדען פּאָלק אויף זעלבסט־בעשטימונג און די גלייכבערעכטיגונג פון אַלע פעלקער, — אָט די צוויי פונדאַמענטאַל־פּרינציפּען פון דעם סאָציאַליסטישען רעכטס־בעוואוסטזיין אין צווישען־פעלקערליכע בעציעהונגען, — וואָלטען געבליעבען אַ לעדיגער קלאַנג פאַר'ן אינטערנאַציאָנאַל, אויב ער וואָלט ניט גע־שטרעבט צו פערווירקליכען זיי אין דער פולסטער מאָס קודם כל, וואו ער איז אליין דער באַלעבאָס: אין דער ספערע פון זיין איי־גענער אָרגאַניזאַציע.

אין דעם אַלטען אינטערנאַציאָנאַל, — אין דער „אינטערנאַ־ציאָנאַלער אַרבייטער אַססאָציאַציע“, — איז אָט דער אָרגאַניזאַ־ציאָנס־אידעאַל דערגרייכט געוואָרען אין גאַנצען, און זי פלעגט אָנווייזען אויף איהר אייגענעם אָרגאַניזאַטאָרישען פּרינציפּ ווי אויף אַ פאָרבילד פאַר די קינפטיגע בעציעהונגען פון די פעלקער אין דער פעדעראַציע פון דער מענשהייט.

אָבער דער אַלטער אינטערנאַציאָנאַל האָט, לויט זיין היסטאָ־רישען בעדייט, פאָרגעשטעלט מיט זיך נאָר אַ מאָדעל פון אַ בנין, ניט דעם בנין אליין, — אַ מאָדעל, אויפגעבויט פון אַ גע־ניאַלער האַנד.

דער בנין אליין ווערט ערשט איצטער ג ע ב ו י ט, און ניט אַלע טיילען ווערען אויסגעפיהרט מיט דערזעלביגער רעגעלמעסיג־קייט און דערזעלביגער אַרכיטעקטורעלער עלעגאַנץ. איינציגע טיילען מוזען צייטווייליג לאָז זיין ווי עס איז פערענדיגט ווערן, כדי מען זאָל קאָנען וואוינען און אַרבייטען אין זיי. צו דער צאָהל פון די נאָך ניט פערענדיגטע, נאָר אויף גיך צום וואוינען פערפאַרטיגטע טיילען, געהערען אויך יענע פּרינציפּען, וואָס דאַרפען בעשטימען דאָס רעכט פון אַ וועלכען עס איז פאָלק צו בעטייליגען זיך אינ'ם אינטערנאַציאָנאַל, ווי אַ בעזונדער, זעלבסטשטענדיגע סעקציע.

דער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך אָבגעזאָגט פון דעם ריין־שטאַאַטליכען פּרינציפּ: עס בעטייליגען זיך אין איהם, מיט דעם

רעכט פון בעזונדערע סעקציעס, סיי פּוילען, סיי בעהמען, וואָס האָבעןביידע ניט קיין אייגענע שטאַאטען. אָבער צו דעם ריין פ ע ל ק ע ר ל י כ ע ן  פּרינציפּ, אויף וועלכען דער אַלטער אינ־טערנאַציאָנאַל איז געווען אויפגעבויט, איז דער נייער אינטערנאַ־ציאָנאַל נאָך ניט דערגאַנגען. פאָרהערשענד אין איהם איז דער ט ע ר י ט אָ ר י ע ל ע ר  יסוד, דער פּרינציפּ פון לענדער. אָבער אויך אָט דער „סטיל" איז ניט אינגאַנצען אויסגעהאַלטען.

אַ ביישפּיעל. די אינזעל קובאַ, אַ לאַנד, וואָס האָט ניט לאַנג געהערט צו שפּאַניע, געהערט איצטער צו די פעראייניגטע שטאַאַ־טען, ווייל זיי האָבען זי פערכאַפּט אין קריעג*). די קובאַנער דעלעגאַטען האָבען ביי דעם אינטערנאַציאָנאַלען ביוראָ געבעטען די ערלויבניס, זיך צו־צוצעהלען צו דער שפּאַנישער סעקציע. דער ביוראָ האָט ניט איינגעוויליגט. מען האָט דאָך געזאָלט מיינען, אַז „דאָס רעכט פון יעדען פאָלק אויף זעלבסט־בעשטימונג" האָט בעדאַרפט גאַראַנטירען די קובאַנער די מעגליכקייט, זיי זאָלען זיך זעלבסטבעשטימען אויף דעם קאָנגרעס, ווי  ז י י  געפעלט. אָבער דער אינטערנאַציאָנאַלער ביוראָ האָט, ווער ווייס פאַר וואָס, אַוועק געשטעלט העכער דעם ווילען פון דעם קריעגס־גאָט איבער דעם ווילען פונ'ם פאָלק.

נאָר, משמעות, אַז דער ווילען פון די קובאַנער, זיך צו בע־שטימען ווי שפּאַניער, איז געווען ניט בעזונדערס שטאַרק. ווייל אויב זיי וואָלטען בעשטעהן אויף זייער רעכט און וואָלטען אַריבער געטראָגען זייער סכסוך צו דעם פּלענום פונ'ם קאָנגרעס, וואָלט די לעצטע ניט דורכגעלאָזען די געלעגענהייט צו פּראָטעסטירען אַנטקעגען קריגערישע אַננעקסיעס.

אַ חוץ דעם פאַל האָט זיך דער אינטערנאַציאָנאַלער ביוראָ, בנוגע אַריינגעהמען נייע אָרגאַניזאַציעס און פעלקער אינ'ם אינ־טערנאַציאָנאַל, אויפגעפיהרט העכסט קאָרעקט און אָנשטענדיג.

די פערטרעטער פון דער אַרמענישער דעלעגאַציע „דאַשנאַק־צוטיון" האָבען אַריינגעבראַכט אַ פאָרשלאַג: מען זאָל בעשאַפען

*) איצטער איז זי אַ כלומר'שט זעלבסטשטענדיגע רעפּובליק (1917).

אַ נייע אַ ר מ ע נ י ש ע סעקציע איס׳ם אינטערנאַציאָנאַל, וואוהין עס זאָלען אריינגעהן אויך די פערטרעטער פון דער טערקי־שער אַרמעניע.

דער אינטערנאַציאָנאַלער ביוראָ האָט גאָרנישט ניט געהאַט געגען דעם, נאָר האָט אָבגעלעגט די פראַגע, ביז עס וועט קלאָר ווערן דער סאָציאַליסטישער כאַראַקטער פון יענער ארבייט, וואָס ווערט אָנגעפיהרט אין אַרמעניע. דורך דעם בע־שלוס האָט דער ביוראָ זעהר דערלייכטערט די אויפגאַבע פון דעם „דאַשנאַקצוטיון". וואָס ער האָט צו טהאָן, איז נאָר קלאָרער מאַכען פאַר דער סאָציאַליסטישער וועלט דעםווירקליכען כאַראַקטער פון זיין אָרגאַניזאַציע אין דער טערקיי, און מיר קאָנען לכתחילה גראַטו־לירען אונזערע ארמענישע חברים מיט זייער ערפאָלג. דער אינטער־נאַציאָנאַלער ביוראָ וועט פאָרשלאָגען — גרינדען אַ בעזונדער אר־מענישע סעקציע לויט דעמזעלבען רעכט און לויט דיזעלבע מאָטי־ווען, לויט וועלכע עס עקזיסטירט אין אינטערנאַציאָנאַל די פּולישע סעקציע. דער קאָנגרעס וועט גאַנץ געוויס גוטהייסען אַזאַ בעשלוס.*)

די „אידישע סאָציאַליסטישע ארבייטער פּאַרטיי" (סערפּ) און די „ציוניסטען־סאָציאַליסטען" זענען, לויט דעם בעשלוס פון דעם ביוראָ אויפגענומען געוואָרען אין דעם אינטערנאַציאָנאַל: די לעצ־טערע מיט אַ בעראַטענדער שטים, די ערשטערע מיט אַ בעשלי־סענדער, פערבונדען מיט דעם רעכט צו שיקען אַן אייגענעם פער־טרעטער אין ביוהאָ, מיט אַ בעראַטענדער שטים.

געגען צולאָזען די צוויי אידישע אָרגאַניזאַציעס צום אינטער־נאַציאָנאַל האָט שטאַרק געקעמפט די „רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע" מיט דעם „בונד" בראש. די הויפּט־טענה זייערע איז געווען — דער טעריטאָריאַליזם פון יענע אָרגאַניזאַציעס, וואָס געהט כלומר׳שט להיפך צו דעם סאָציאַליזם.**)

*) אין אַ יאָהר אַרום איז די אַרמענישע סעקציע געגרינדעט גע־וואָרען (1917).

**) ביי די „ציוניסטען־סאָציאַליסטען", (די איצטערדיגע ס. ס. און ס. ט.) האָט דער ביוראָ ווייעדער צוגענומען דאָס רעכט זיך צו בעטיי־ליגען אין דעם אינטערנאַציאָנאַל, ווייל די רוסלענדישע ס. ד.־סעקציע האָט זיי ניט געוואָלט צולאָזען צו זיך. די ס. ר. האָבען געקעמפט פאַר זייער רעכט צו פערבלייבען אינ׳ם אינטערנאַציאָנאַל (1917).

מיט דעם אריינטרעטען פון דעם „סערפּ“ און די ס. ס. אין דעם אינטערנאַציאָנאַל האָט דער אידישער טעריטאָריאַליזם בעקו־מען די סאָציאַליסטישע סאַנקציע פון דער העכסטער און קאָמפּע־טענטעסטער אינסטאַנץ אין די פראַגען פון דעם צווישען־פעלקער־ליכען סאָציאַליזם: פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען ביוראָ.

## .6

ווארפען מיר א בליק אויף אלץ, וואָס מיר האָבען אויבען גע־זאָגט וועגען דער איצטיגער שטעלונג פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע, — אויף וויפיעל די שטע־לונג האָט זיך אויסגעדריקט אין די אַרבייטען פון דעם שטוטגאַר־טער קאָנגרעס, — קאָנען מיר האָפערדיג נאָך אַ מאָל בעשטעטיגען האָס, אין וואָס מיר זענען אלע מאָל געווען טיעף איבערצייגט: אז אין דער איצטיגער וועלט איז נאָר דאָ איין קראַפט, וואָס נעהמט נאָהענט צום הארצען דעם גורל פון די אונטערדריקטע נאַציאָנאַ־ליטעטען, וואָס סימפּאַטיזירט טיעף מיט זייער פּולער און ראַדי־קאַלער בעפרייאונג, ביז צו דער עראָבערונג פון דער פולסטער פּאָליטישער אונאָבהענגיגקייט.

די קראַפט איז — דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל פון דעם אַרבייטער־קלאַס, דיזעלביגע קראַפט, וואָס האָט זיך אוועק־געשטעלט צום ציעל די פולע און אַלזייטיגע בעפרייאונג פון דער אונטערדריקטער מענשהייט.

יענע קראַפט איז נאָך ניט אַזוי מעכטיג, זי זאָל קאָנען נעה־מען אויף זיך די אויפגאַבען פון בעפרייען די אונטערדריקטע פעל־קער. אחוץ דעם מוז די נאַציאָנאַלע בעפרייאונג פון אַ פאָלק זיין קודם כל די זאַך פון דעם אונטערדריקטען פאָלק גופא.

אָבער אַט די אַלץ מעהר וואקסענדע קראַפט איז אפילו אין דער איצטיגער צייט שוין ניט אַזוי שוואַך, אז איהרע סימפּאַטיען זאָלען ניט שפּיעלען גאָר קיין שום ראָליע אין אויסגלייכען די שאַלען פון דער וואָג בעת די געשיכטע וועגט אָב די היסטאָרישע שיקזאַלען פון אַ פאָלק. אַט פאַר וואָס די אונטערדריקטע פעלקער האָבען ערגעץ ניט און זאָלען ערגעץ ניט זוכען קיין אַנדערע פער־

בינדעטע, אחוץ די סימפּאַטיען און די מיטהילף פון דעם אינטער־נאַציאָנאַלען פּראָלעטאַריאַט.

און זעלבסטפערשטענדליך בעשטעהען די אויפגאַבען פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען ביי יענע פעלקער אין דעם — אָנצוזאַפּען דאָס לעבען און דעם בעוואוסטזיין פון זייער פאָלק מיט די פּרינציפּען פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם; שטרעבען דערצו, אַז זיין נאַציאָנאַלער קאַמף זאָל געפיהרט ווערן אונטער דער פאָהן פון דעם אינטערנאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישען אמת און אַז זיין טריאומף אין דעם קאַמף זאָל פערגרעסערן די שאַנסען פון אַן ענדליכען זיעג פאַר יענעם אמת.

---

צ ו ש ר י פ ט  פ ו ן  1917. דער איצטיגער וועלט־קריעג האָט געווים זעהר פיעל געענדערט אין דער לאַגע די בעשטרעבונגען, אין דער בעדייטונג פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. זאָגען נביאות איז קיין מאָל ניט געווען מיין פאַך, און איך מוז מיך איצטער אָבזאָגען פון דער אויפגאַבע, אויסצופאַנטאַזירען, וואָס עס וועט ווערן פון דעם אינטערנאַציאָנאַל און ווי ער וועט זיך אין דער צוקונפט שטעלען צו דעם נאַציאָנאַלען פּראָבלעם.

ג ל ו י ב ע ן גלויב איך, אַז ער וועט פון דעם איצטיגען קריעג אַרויס ניט נאָר ניט קיין אָבגעשוואַכטער, נאָר גראָד אַ פערשטאַרקטער, ווייל די בעדייטונג פון די אַרבייטער־קלאַסען איז מאוים'דיג אויסגעוואַקסען אין דעם קריעג און די לאַגע וועט זיי סופלירען, זיי זאָלען אויסנוצען זייער געוואַקסענע מאַכט אין פער־איינינגטע האַנדלונגען.

דאָס וועט אָבער אויך פיהרען דערצו, אַז זייער שטעלונג צו דעם נאַציאָנאַלען פּראָבלעם וועט ווערן נאָך פּאָזיטיווער און אינ־טימער, ווייל זייער נייע פּאָליטישע מאַכט וועט זיין דער רעזול־טאַט פון זייער קלאָרען און קרעפטיגען נאַציאָנאַלזם אין די צייטען פון קריעג.

פון דעסטוועגען מוז איך אין אַ גרויסער מאָס אָבשוואַכען מיין אָפּטימיסטישע און קאַטעגאָרישע פאָרדערונג, אַז די סאָציאַליס־

טישע פּאַרטייען פון אַן אונטערדריקטען פאָלק, זאָלען בויען זייערע האָפענונגען נאָר אויף דער מיטהילף פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען פּראָלעטאַריאַט.

פאַר אַן אונטערדריקטען פאָלק, וואָס וויל באמת און מיט'ן גאַנצען הארצען קעמפען פאַר זיין זעלבסטשטענדיגקייט, איז אָפט מאָל ניטאָ קיין אַנדערע ברירה, ווי זוכען פערבינדעטע, ווּאו נאָר ער קאָן. דאָס האָט איצטער געלערנט דער קריעג.

# הערנן דובנאָוו׳ס „גייסטיגער“ נאַציאָנאַליזם *)

(אַ קריטישע נאָטיץ)

[ס. מ. דובנאָוו. פּיס׳מאַ אָ סטאַראָם אי נאָוואָם יעווריייסט־וויע. (1897—1907) — (בריעף וועגען דעם אַלטען און דעם נייעם יודענטום) דערגענצטע אויסגאַבע. ס. פּעטערבורג, 1907. 8 און 370.]

לויט הערנן דובנאָוו, זענען דאָ אויף דער וועלט דריי פערשיי־דענע טיפּען פון נאַציעס: „1) דער ראַסען־טיפּ, 2) דער טעריטאָ־ריעל־פּאָליטישער אָדער דער סאָציאַל־אויטאָנאָמער, 3) דער קולטור־היסטאָרישער אָדער גייסטיגער“.**) דער גייסטיגער טיפּ פון אַ נאַציע, רעכענט ער, איז „אַ העכערע שטופע אין דער עוואָליוציע פון די פעלקער איידער דער טעריטאָריעלער“.***)

אַ שאָד נאָר, וואָס דער אויטאָר גיט ערגעץ ניט קיין שאַרפע דעפיניציע פון יענעם חלוק, וואָס דאַרף עקזיסטירען צווישען אָט די פערשיידענע טיפּען. אויך שטעלט ער זיך ערגעץ ניט אָב, כדי צו געבען אונז אַלע טעאָרעטישע פּרטים, פאַר וואָס מיר זאָלען דעם גייסטיגען טיפּ העכער שעצען פאַר דעם טעריטאָריעל־פּאָלי־טישען אָדער דעם סאָציאַל־אויטאָנאָמען.

פון אייניגע געדאַנקען אָבער, וואָס זענען צוזעיט איבער דעם גאַנצען בוך, דערוויסען מיר זיך, וואָס אַזוינס אַ גייסטיגער טיפּ פון אַ נאַציע איז. דאָס איז אַזאַ, וואָס שטעלט זיך איין פאַר זיין עקזיסטענץ און ענטוויקעלט זיין געשיכטליכען לעבען אָהן דער הילף פון וועלכע עס איז דרויסענדיגע מיטלען, וואָס קאָנען בעוואָהרענען

*) סערפּ ב. 2. ז. 300—310 (1908).

**) ז. 1.

***) ז. 367.

די נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגקייט און די נאַציאָנאַלע ענטוויקעלונג.

אַזאַ נאַציע ווערט פּאַרטיג מיט איהר אויפגאַבע אָהן אַ לאַנד, אָהן אַ געמיינשאַפטליכער נאַציאָנאַלער שפּראַך און אָהן פּאָליטישע אונאָבהענגיגקייט. נאָר אַ דאַנק דער קראַפט פון זיין נאַציאָנאַלען ווילען, דער קראַפט פון זיין גייסט; אַ דאַנק דער צוגעפּאַסטער ערציעהונג פון זיין יונגען דור און דער בעשטימטער אָרגאַניזאַציע פון זיין אינוועניגסטען קהילה־לעבען, ברעכט דורך אַזאַ נאַציע איהר וועג אין דער געשיכטע און בלייבט טריי צו אָט דעם וועג.

אַ צווייטער סימן פון דעם גייסטיגען טיפּ, — אַ סימן, וואָס קאָן ניט אָבגעטיילט ווערן פון דעם ערשטען, — בעשטעהט אין דעם, וואָס ער, דער גייסטיגער טיפּ, טרעט ארויס ווי אַ בעוואוסטזיניגער טרעגער פון בעשטימטע אידעען־טראַדיציעס, פון בעשטימטע קולטור־אידעאַלען, וואָס צוליעב זייער דערהאַלטונג און ענטוויקעלונג טהוט ער אָן אויף זיך דעם יאָך פון אַ מחוץ־טעריטאָריעלער, ריין־גייסטיגער עקזיסטענץ.

לויט דעם אויטאָר'ס מיינונג, בעשטעהט דער אמת'ער נאַציאָנאַליזם גראָד אין אַזאַ מין נאַציאָנאַל־גייסטיגער בעשאַפעדישקייט, וואָס איז בעפרייט פון אַלע מיני סאָציאַל־פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען.

אין דער מאָדערנער מענשליכער געשיכטע געפינט זיך דערווילע נאָר איין איינציגער פאָלק, וואָס איז ארויסגעקלעטערט אויף דעם העכסטען שפּיץ בארג פון דער נאַציאָנאַלער עוואָליוציע: דאָס אידישע פאָלק! אין זיינע „בריעף" וויל דאָ דער מחבר דערקלעהרען דעם תוך פון דער אידישער נאַציאָנאַלער אידעע, בעשטימען סיי די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק, וואָס פליעסט פון איהר ארויס, סיי די פאָרמען פון דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, וועלכע דאָס אידישע פאָלק דאַרף אָננעהמען. דורך דער קריטיק פון די פערשיידענע שטרעמונגען אין דעם אידישען עפענטליכען געדאַנק וויל ער אויספעכטען דעם טריאומף פאַר דער אידעע פון יענעם „אמת'ען נאַציאָנאַליזם, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם אָריגינעלען שטריך פונ'ם יודענטום"*), פון יענער „העכערער וועלט־אַנשויאונג", יע־

*) ז. 176.

נעם „גייסטיגען נאַציאָנאַליזם", וועלכען די אידענשאַפט האָט אויסגעאַרבייט אין איהר פיעל־הונדערטיעהריגער עוואָלוציע."*)

דאָס אַלטע אידענטום האָט געקוקט אויף דאָס אידישע פאָלק, ווי אויף אַ רעליגיעזער נאַציע. דאָס אַסימילאַטאָרישע אידענטום האָט געזעהען אין איהם נאָר אַ רעליגיעזע גרופּע מענשען. דער אמת'ער אידישער נאַציאָנאַליזם דערנעהנטערט זיך אין דער פראַגע, לויט זיין אינוועניגסטען מהות, צו דעם קוק פון דעם אַלטען אידענ־טום.

„דער שטאַנדפּונקט פון דער אָרטאָדאָקסאַלער מאַסע קאָן מען", זאָגט דער מחבר, „פאָרמולירען אַזוי: די אידענשאַפט איז אַ רעליגיעזע נאַציע. איהרע מיטגליעדער זענען צונויפגעבונדען צווי־שען זיך דורך דער קראַפט פון דעם רעליגיעזען אימפּעראַטיוו אָדער פון דעם „שלחן־ערוך"־דיסציפּלין, און יעדער איינער, וואָס טרעט ערנסט אריבער די דיסציפּלין, געהט אַרויס פון דעם פאָלקס פערבאַנד. אַזאַ שטאַנדפּונקט געהט ניט להיפך, לויט זיין תוך, צו דעם בעגריף פון אַ „גייסטיגער (אָדער קולטורעלער) נאַציע": ער מאַכט נאָר אַ פעהלער, ווען ער אידענטיפיצירט די טערמינען „גייס־טיג" און „קולטורעל" מיט „רעליגיעז"."**)

דער גייסטיג־קולטורעלער נאַציאָנאַליזם פון דעם אידישען פאָלק דאַרף זיין אַ פאָרטזעצונג און אַ ווייטערע ענטוויקלונג (אין דעם גייסט פון אַלגעמיין־מענשליכע שטרעבונגען) פון דעמזעלבינגען נאַ־ציאָנאַליזם — דעם רעליגיעזען.

„די הויפּט־קרעפטען אונזערע", זאָגט דער מחבר, „דאַרפען אָנגעווענדט ווערען אויף די פערשטאַרקונג פון יענע לעבענס־האַפטע גרונד־זיילען פון דעם אידענטום, פאַר וועלכע מיר האָבען געקעמפט און געליטען אין אַ משך פון יאָהר־טויזענטער"."***)

געוויס פאָרדערן די אינטערעסען פון דעם אַלגעמיין־מענשלי־כען פּראָגרעס און פון דער ווייטערדיגער נאַציאָנאַלער ענטוויקע־לונג, מען זאָל **סעקולאַריזירען** די נאַציאָנאַלע אידעע, מען זאָל אָבטיילען די נאַציאָנאַליטעט פון דער רעליגיע.

*) ד. ג.

**) ז. 15.

***) ז. 290

אָבער אַז די סעקוליאַריזאַציע דאַרף ניט פערשטאַנען ווערן אַזוֹ, אַז מען זאָל פאָרמעל אָבלייקענען דעם יודאַאיזם און זיך אין גאַנצען אָבזאָגען פון איהם: „מיר ווילען נאָר, אַז די רעליגיע זאָל ניט ה ע ר ש ע ן און ניט, אַז זי זאָל אין גאַנצען אויסגעשלאָסען ווערן פון דער נאַציע'ס גייסטיגען קאַפּיטאַל.“*)

דער יודאַיזם איז ניט נאָר אַ רעליגיע; ער איז אַן אַלע־ארומנעהמענדע וועלט־אַנשויאונג, „וואוהין עס געהען אריין עלעמענטען רעליגיעזע, עטישע, געזעלשאַפטליכע, מעסיאַנישע, פּאָליטישע, פילאָסאָפישע. די גרונד־אידעען פון דעם יודאַאיזם דאַרפען אָוועקגעלעגט ווערן אויך אין דעם פונדאַמענט פון דער גייסטיג־קולטורעלער נאַציאָנאַל־אידישער אידעע. דאָס דערנעהנטערט אונז צו דעם אַלטען אידענטום, אָבער אין דערזעלביגער צייט דערווייטערט עס אויך אונז פון איהם“.

„דער חלוק צווישען אונז און די אָרטאָדאָקסען“, זאָגט דער מחבר, „בעשטעהט אין דעם, וואָס זיי אָנדערקענען אַ ט ר אַ ד י־צ י אָ נ ע ל ע ן יודאַאיזם, ווי עפּעס אַזוינס, וואָס איז איינמאָל פאַר אַלע מאָל פעסט געוואָרען אין זיינע פאָרמען, בעת מיר אָנדערקענען אַן ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ע ן יודאַאיזם, וואָס האָט געביטען און בייט זיינע פאָרמען, אָהן אויפהער זיך צופּאַסענדיג צו די בעדינגונגען פון אַ נייער קולטור“.**)

און אויך דאָס איז ממילא מובן, אַז דאָס טראַדיציאָנעלע אידענטום איז ניט קיין חוב פאַר דעם אידישען נאַציאָנאַליזם. „מען קאָן זיין אַ איד“, זאָגט ער, „לויט די נביאים אָדער לויט'ן תלמוד, לויט מאַימאָניד אָדער לויט'ן „שלחן ערוך“, לויט מענדעלסאָן אָדער לויט דעם בעל־שם, אפילו לויט ספּינאָזאַ אָדער גייגער, אויב נאָר דיביידע לעצטערע וואָלטען דערגאַנגען ביז צו דעם אָנדערקענען די אידישע נאַציאָנאַלע אידעע אין איהר מאָדערנעם זין“.***)

הערץ דובנאָוו'ס געדאַנק קאָן מען דעריבער פאָרמולירען אויף אַזאַ'ן אופן: דאָס אידישע פאָלק, ד אָ ס א י ז אַ נ אַ צ י ע, וואָס א ר ב י י ט א ו י ס י ו ד אַ א י ז ם. אין דערינען

*) ז. 17.
**) ד. ג.
***) ז. 18.

ליעגט דער זין און די בערעכטיגונג פון איהר אויטאָנאָמען לעבען, פון איהר קאַמף פאַר אַ בעזונדערע נאַציאָנאַלע עקסיסטענץ.

די אויסאַרבייטונג פון יודאַאיזם גיט אַרויס אין פערשיידענע צייטען פערשיידענע פּראָדוקטען, אָבער אַלע זענען זיי דורכגעדרונ־גען מיט איין און דערזעלביגער אייגענשאַפט: זיי געהערען צום יודאַאיזם אָדער, לפּחות, ג ע ה ע ר ע ן  ז י י  נ י ט  צו אַ וועלכער עס איז אַנדערער רעליגיעזער ספערע.

הערר דובנאָוו געהט ניט אַזוי ווייט, ער זאָל פאָדערן, אַז יעדער איד זאָל פאָרמעל געהערען צו דער אידישער אמונה. ער פערשטעהט, אַז אין דער איצטיגער צייט דאַרף מען זיך רעכענען מיט די תביעות פון דעם פרייען געדאַנק, און דעריבער מאַכט ער גאַנץ בעדייטענדע הנחות צו דער מאָדערנער „ו ו ע ל ט ל י כ ע ר" ציוויליזאַציע, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס ער האָט זיין נאַציאָנאַ־ליזם אַ נאָמען געגעבען „גייסטיג"־קולטורעלער.

נאָר איין זאַך פאָדערט ער: אידען זאָלען ניט אַריבערגעהן צו אַן אַנדער גלויבען. „אַ איד", זאָגט ער, „קאָן זיין רעליגיעז אַן „איזראַעליט" אַקטיוו אָדער פּאַסיוו, רעעל אָדער נאָמינעל. ער קאָן אפילו זיין אַ „בלאַ" אָדער „קאָנפעסיאָנסלאָז", — אָבער זיך אָבזאָגען פון אידענטום און פאָרמעל אַריבערגעהן אין קריסטענטום איז שוין גלייך ווי ער וואָלט אין גאַנצען אַרויסגעגאַנגען פון דער אידישער נאַציע".

„מחמת דער אָפיציעלער איבערגאַנג אין אַן אַנדער אמונה בע־טייט פּאַקטיש, פאַר אונזער לאַגע אין גלות, אַרויסגעהן פון דער אידישער נאַציע, אויב ניט פאַר דעם משומד אליין, איז פאַר זיין נאָכקום, וואָס וועט מוזען זיך צונויפגיעסען מיט דער אַרומיגער ניט אידישער בעפעלקערונג אויך לויט דער נאַציאָנאַליטעט"*).

„דער יודאַאיזם", זאָגט ער נאָך אַ מאָל אין אַן אַנדער אָרט, „ווי אַ טייל פון דער אידישער נאַציאָנאַלער קולטור, ש ט ע ל ט מ י ט  ז י ך  פ אַ ר  ד ע ם  אַ ט ר י ב ו ט  פ ו ן  ד ע ר אַ י ד י ש ע ר  נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר  אַ י ד ע ע, ווי אַן עוואָליו־ציאָנערער פּרינציפּ און ניט קיין טראַדיציאָנערער. אָבזאָגען זיך פון

*) ז. 19.

איהם אין זיין בעוועַליכער פאָרם איז פּאַקטיש גלייך צו דעם ארויס־גאַנג פון דער אידישער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע".*)

דערפאַר אָבער, ווען דאָס אידישע פאָלק בלייבט אין דעם גבול פון דעם ברייט־פערשטאַנענעם און זיך ענטוויקלענדעם יודאאיזם, וועט עס קאָנען געהן אין איין טריט מיט זיין יאָהרהונדערט, איבער־ארבייטען און אריינגעהמען אין זיך די אייראָפּעאישע קולטור אָהן א ברעקעל געפאַהר פאַר די גרונד־פּרינציפּען פון דעם יודאאיזם.

„מיר שטרעבען איצטער", זאָגט ער, „צוזאַמענצופאָרען אין איי־נעם די בעסערע זייטען פון דער אַלגעמיינער און דער אידישער אויפקלעהרונג; מיר נעהמען אריין אין זיך די אייראָפּעאישע קול־טור און אין דערזעלביגער צייט ווילען מיר אָבהיטען אַל' דאָס בעס־טע אין אונזער נאַציאָנאַלער קולטור; מיר דערוועגען זיך צו קריי־טיקירען דעם יודאאיזם, אָהן מורא, טאָמער צושטערען מיר איהם, ווייל מיר גלויבען אין דער ניט בייצוקומענער מאכט פון זיינע העכערע רעליגיעזע און עטישע אידעאַלען".**)

די פערענדערטע שטעלונג צו דעם „אַלטען" יודענטום אין דער פראַגע וועגען דער אידישער טראַדיציע, איז ביי הערר'ן דובנאָוו'ן צוזאַמענגעבונדען מיט א נאָך מעהר ראַדיקאַלערע שטעלונג צו די איי־ביגע האָפנונגען פון דעם פאָלק — ווען עס איז אויסגעלייזט ווערן פון דעם גלות, ווען עס איז אָנהויבען צו לעבען אין דעם אייגענעם לאַנד.

הערר דובנאָוו איז טיעף איבערצייגט, — און ער זאָגט דאָס אָפּט ארויס אין זיינע בריעף, — אַז „דער גלות וועט קיין מאָל ניט פערשווינדען, סיידען מען זאָל אריין רעכענען אין חשבון דעם „אחרית הימים" פון דער משיח צייט".***)

דערפון ווערט ארויסגעדרונגען דער לאָגיש דורכאויס קאָרעקטער און אויך אין דער אמת'ען זעהר ריכטיגער שלוס, אַז דער ציעל פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער ארבייט פאַר דער איצטיגער צייט דאַרף זיין „די אינווענינסטע ווייעדערבעלעבונג פון די אידען אין

*) ז. 27, אונטערגעשטראָכען פון אונז.

**) ז. 225.

***) ז. 320.

אַלע ערטער, וואוהין די געשיכטע האָט זיי פערוואָרפען"*). מחמת „אַלע צוזעיטע טיילען פון דער אידישער דיאַספּאָרא שטעלען מיט זיך פאָר אַן איינהייטליכען אונטיילבאַרען פאָלק, צונויפגעבונדען דורך אַלגעמיינע אינטערעסען"**).

אין דער פראַגע, ווי אָבצושעצען דעם גלות גיהט זיך הערר דובנאָוו אויף דעם ראַדיקאַלסטען אופן פאַנאַנדער מיט כמעט אַלע נאַציאָנאַליסטישע שטרעמונגען אין דער אַלטער און דער נייער אי־דענשאַפט. פיעל אויפמערקזאַמקייט שענקט ער דער רעהאַביליטי־רונג פון דעם גלות. און אייגענטליך קאָן דאָס אַנדערס ניט זיין פאַר איינעם, וואָס רעכענט דעם „גייסטיגען טיפּ פון נאַציאָנאַלי־טעט" העכער פאַר'ן „טעריטאָריעלען".

דאָס הייסט ניט, אַז הערר דובנאָוו שטעלט זיך דורכאויס פיינד־ליך צו דעם שטרעבען פון דעם ציוניזם אַריבערצוטראָגען דעם צענ־טער פון קולטורעלע שעפּפונגען פון דעם אידישען פאָלק קיין פּאַ־לעסטינע. אָבער אפילו אָט דעם אַם ווענינסטען „טעריטאָריאַלען" און אַם מעהרסטען „גייסטיגען" ציוניזם פון אחד העם'ס אַרט לאָזט ער צו נאָר, ווי אַ ניצליכע נעבען־הילף פאַר דער פונדאַמענטאַלער אויפגאַבע — דער דערהאַלטונג און דער ענטוויקלונג פון דער אידי־שער נאַציע אין גלות גופא.

„די קראַפט פון אַ היסטאָרישען פאַקטאָר", בעהויפּטעט ער, „וועט בלייבען ניט ביי יענעם ציוניזם, וואָס לייקענט אָב דעם גלות און לעבט מיט דעם פאַנטאַסטישען טרוים וועגען אָבשאַפען איהם, נאָר יענער, וואָס שטעלט זיך, אין איינעם מיט די אַנדערע אויפגאַ־בען פון דער אידישער נאַציאָנאַלער ווידערבעלעבונג אין דער גאַנ־צער וועלט, אויך דעם ציעל: בעשאַפען נאָך אַן אַקומוליאַטאָר פון אָריגינעלער גייסטיגער ענערגיע אויף שפּייזען דעם גלות, וואָס קעמפט מיט אַלע קרעפטען פאַר זיין נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ"***).

אָט דער עקסיסטענץ־קאַמף פון דעם אידישען פאָלק אין גלות האָט גראָד אין אונזער צייט אַלע שאַנסען אויף אַן ערפאָלג. „דער־

*) ז. 111.
**) ז. 98.
***) ז. 320.

האַלטען און פערפאָלקאָמענען אונזער נאַציאָנאַלען טיפּ אין דעם גייסט פון אונזער היסטאָרישער עוואָליוציע איז מעגליך מיט דער הילף פון יענע מיטלען, וועלכע די מאָדערנע קולטור גיט אַלע נאַציעס, וואָס קעמפען פאַר זייער עקסיסטענץ".*)

פיעלע שטאאטען, וואָס בעשטעהען פון פערשיידענע פעלקער, זענען שוין לאַנג פעראינטערעסירט אין אָבהיטען די נאַציאָנאַלע רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינאָריטעטען. די אידעען, ווי אַ נאַציאָנאַלע מינאָריטעט, דאַרפען אויך קעמפען פאַר זייערע, ניט אוועקצו־רויבענדע נאַציאָנאַלע רעכט און זיך דערשלאָגען צו אַ פולער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

אָבער — וואָס פאַר אַן אַרט נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע דאַרף זיך דערשלאָגען דאָס אידישע פאָלק? — הערר דובנאָוו ענטפערט אויף דער פראַגע אין די פאָלגענדע ווערטער, וואָס זענען כולל אין זיך די קווינט־עסענץ פון יענע פּראַקטישע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, וועלכע ער שטעלט אַרויס צו דעם מאָדערנעם שטאַאַט.

„מיר מוזען פאַנאַנדערשיידען", זאָגט ער, „צוויי מינים נאַציאָנאַלע מינאָריטעטען אין אַ פערשיידענפאָלקיכען שטאַאַט אָדער אַ נאַציאָנאַליטעטען־שטאַאַט"; 1) אַ טעריטאָריאַלע פאָלקשאַפט, וואָס איז אַ מינאָריטעט אין דעם אַלגעמיינעם צונויפשטעל פון דער מדינה און איז אַ מאַיאָריטעט אין איהר היסטאָרישען ראַיאָן אָדער פּראָווינץ (די פּוילען אין דריי אימפּעריעס, די טשעכען אין עסטרייך וכדומה); 2) אַ ניט־טעריטאָריאַלע פאָלקשאַפט אָדער אַ פאָלקס־תשבורת, וואָס שטעלט ניט פאַר מיט זיך קיין מאַיאָריטעט פון דער בעפעלקערונג אין דער געגעבענער פּראָווינץ (אידען אין אַלע לענדער, פּוילען און ליטאָ א. אז. וו.) פאַר די נאַציעס פון דעם ערשטען טיפּ דאַרף מען האָבען די אויטאָנאָמיע אין דער פאָרם פון אַ ראַיאָנגעם סיים, פאַר די נאַציעס פון דעם צווייטען טיפּ — די אויטאָנאָמיע פון קולטורעלע קהילות".**)

ליידער דערקלעהרט אונז הערר דובנאָוו ערגעץ ניט, פאַר וואָס די טעריטאָריעלע פעלקער נויטיגען זיך אין אַ סיים און פאַר וואָס

*) ז. 110.
**) ז. 83.

די עקסטעריטאָריעלע זאָלען קאָנען אויסקומען מיט דער אויטאָנאָמיע פון קולטורעלע קהילות. אין פלוג, דאַרף אויסקומען פונקט פאַרקעהרט. א טעריטאָריעלע פאָלקשאַפט, וואָס קאָן, אין איהר קאַמף פאַר עקסיסטענץ, זיך שטיצען אויף אַזעלכע מעכטיגע דערהאַלטונגס־פאַקטאָרען, ווי אַן אייגענע טעריטאָריע און אַן אייגענע שפּראַך, וואָלטען אויף דעם עקסטען פאַל געקאָנט אויסקומען לגמרי אָהן אַ צענטראַלען סיים, ווי באַלד זיי האָבען נאָר אין זייער ראיאָן אויטאָנאָמע קהלות.

צוריק די נאַציעס פון דעם צווייטען טיפּ, גראָד דערפאַר, וואָס זיי האָבען ניט קיין אייגען לאַנד און קיין אייגענע שפּראַך (הערר דובנאָוו ווייזט מעהרמאָל אָן, אז אידען פעהלט די שפּראַכ־ליכע אייגענהייט), — אַזוינע פעלקער נויטיגען זיך אויף דעם העכס־טען גראַד אין אַ צענטראַלען, פעראייניגענדען אָרגאַן פון נאַציאָ־נאַלער אויטאָנאָמיע און קאָנען זיך בשום אופן ניט בענוגענען בלויז מיט די אָרגאַנען פון אַ קהילה־זעלבסט־פערוואַלטונג. דעריבער וואָלט הערר דובנאָוו, אפילו בלייבענדיג אין דעם גבול פון זיין „גייסטיגען“ נאַציאָנאַליזם, געדאַרפט פאָסטולירען פאַר זיי אַ קול־טורעלע אויטאָנאָמיע אין דער פאָרם פון אַ סיים.

פאַקטיש טהוט ער עס טאַקי. אין זיין פּלאַן, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירען דאָס אידישע פאָלק אין גלות, נעהמט ער אָן, אַ חוץ דער אידישער נאַציאָנאַלער קהילה, אויך דעם „ועד“, ד. ה. אין תוך אריין אַ „ס י י ם“ מיט גאַנץ ברייטע פולמאַכטען און פונקציעס. אין זייער צאָהל געהט אריין ניט נאָר זאָרגען וועגען אינסטיטוציעס, וואָס האַלטען אויף די נאַציאָנאַלע קולטור, נאָר אויך איינווירקען אויף דאָס עקאָנאָמישע לעבען, כדי אויפצוהויבען די מדרגה פון דעם פאָלקס וואוילשטאַנד, אויפמונטערן קאָאָפּעראַציעס, פּראָפּע־סיאָנעלע פעראיינען, רעגולירען די עמיגראַציע און דערגלייכען.*)

דער שוואַר־פונקט פון הערין דובנאָוו׳ס בעטראַכטונגען ליעגט אָבער ניט דערין, אין וועלכער פ אָ ר ם דאָס אידישע פאָלק דאַרף האָבען זיין אויטאָנאָמיע, און די קליינע אינקאָנסעקווענץ אין דער פערענטפערונג פון אָט דער פראַגע, — ווי אויך אין נאָך

*) ז. 315.

אנדערע פראַגען, — שטערט לחלוטין ניט דער אויסגעהאַלטענקייט און צונויפגעשטימטקייט פון זיינע גרונד־פּרינציפּען.

די אָביעקטיוו־רעכטליכע בעדינגונגען פון א נאציאָנאַלער אויטאָנאָמיע זענען ווייניג אויף צו דערהאַלטען א „גייסטיג־קולטור־רעלע" נאציאָנאַליטעט, א נאציע פון א „העכערען טיפּ". דאָס פעהלען פון נאַטירליכע דערהאַלטונגס־פּאַקטאָרען שאַפט ניט אָב די געפאַהר אויף פאַר דער נאציע פון אזא טיפּ, זי זאָל אונטער־פאַלען אונטער דער אסימילירענדער ווירקונג פון דער ארומיגער סביבה. עס איז פאַר איהר נויטיג שטענדיג צו שטעהן אויף דער וואך. זי מוז פערשטאַרקערען די „אינווענינגסטע שומרים", כדי דורך דעם אויסצוגלייכען דעם שאָדען פון די פעהלענדע „דרויסענ־דיגע אָבהיטערס פון דעם נאציאָנאַלען טיפּ". זי מוז אָנשטרענגען איהר נאציאָנאַלען ווילען צו אַן אויטאָנאָם־קולטורעלער ענטוויקלונג, ענערגיש אָבשטויסען די אסימילירענדע ווירקונג פון דער ארומיגער סביבה, — א פּראָצעס, וואָס איז בעזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַר דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק אין גלות".*)

„דער נאציאָנאַלער ווילען", זאָגט ער אין אַן אנדער אָרט, „דער ווילען צום לעבען פון א קאָלעקטיווער פּערזענליכקייט, א רעזול־טאַט סיי פון דער בירושה אָנגעזאַמעלטער ענערגיע, סיי פון די אימפּולסען, וועלכע מיר בעקומען אין דער ערציעהונג, — אָט אין וואָס עס ליעגט אונזער לעבענס קראַפט. די אָנשטרענגונג פון אָט דעם נאציאָנאַלען ווילען דאַרף זיין פּראָפּאָרציאָנעל צו דער סכנה פון דער „אינווענינגסטער עראָבערונג" (ד. ה. דער אסימילא־ציע. — ח. זש.). כדי אָבער צו שפּייזען אָט דעם סוביעקטיווען ווילענס־פאַקטאָר, מוז מען אין אַלע לעבענס־צווייגען אויפהאַלטען אונזער היסטאָרישע עוואָלוציע, כדי ניט אָבצורייסען די יונגע צווייגען פון דעם אַלטען שטאַם; מען מוז פערשטאַרקען די נאציאָ־נאַלע עלעמענטען אין דער ערציעהונג, פערטיידיגען אונזער אויטאָ־נאָמיע פון דער קהילה און אין א נאָרמאַלען שטאַאַט פיהרען אַן אקטיווע פּאָליטיק"**).

---

*) ז. II.
**) ז. 327.

די נאַציאָנאַליסטען, וואָס ווייסען, אַז אין גלות האַלטען מיר זיך נאָר אַ דאַנק דעם אָנגעשטרענגטען נאַציאָנאַלען ווילען, „ווען שטרעבען שטענדיג שטאַרקער מאַכען יענעם ווילען, דערנעהרען איהם מיט דער געזונדער שפּייז פון אונזער מעכטיגער, יאָהרהונ־דערטען אַלטער קולטור, וואָס שאַפט אין זיך איבער אַלע עלעמענטען פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור, און לאָזען איהם״ (דעם נאַ־ציאָנאַלען ווילען) „ארויסווייזען זיך אין אַ סואווערענער נאַציאָנאַ־לער פּאָליטיק, וואָס פאַר איהר בעפעהל דאַרפען זיך בויגען אַלע קלאַסען־אינטערעסען, אַלע פּאַרטייר־ און גרופּען־אינטערעסען. . . אָט די סואווערעניטעט פון דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק איז דער דירעקט־טער אויסדרוק פון דעם פאָלקס סואווערעניטעט, פון זיין נאַציאָנאַ־לען ווילען, ווי ער האָט זיך ארויסגעוויזען אין דעם גאַנצען גאַנג פון אונזער געשיכטע. די סואווערעניטעט פון דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק איז אַ סוראָגאַט אַנשטאָט דער טעריטאָריאַלער איינהייט אין גלות, וועלכער שטעלט זיך אַנטגעגען דער דרויערענדער געפאַהר פון דער „אינוועניגסטער עראָבערונג״. די אַנדערע פעלקער, אפילו די אונטערדריקטע, נאָר וואָס זענען פעראייניגט דורך אַ טערי־טאָריע און אַ געמיינשאַפטליכער שפּראַך, נויטיגען זיך ניט אַזוי אין יענעם סוראָגאַט, אָדער נויטיגען זיך נאָר אין די מאָמענטען פון געפעהרליכע קריזיסען. פאַר די הערשענדע פעלקער איז „די נאַציאָנאַ־לע פּאָליטיק״ אַ שמאַכפולער כלי־זיין צו אונטערדריקען די אָבהענגי־גע נאַציעס; פאַר דער אידענשאַפט אָבער האָט דער לאָזונג אַ גאַנץ אַנדער זין, אַן אַנדער אינהאַלט: דאָס איז דער איינהייטס־סימ־באָל פון דעם צושטרעיטען פאָלק, דער סימבאָל פון קולטורעלען און גייסטיגען זעלבסט־שוץ; דאָס איז — דער עהרליכער וועג פון קאַמף פאַר דער אייגענער פאָלקס אינדיווידואַליטעט, וואָס איז מיט קיין זאַך ניט ארומגעצאַמט, אַ חוץ די גייסטיגע פאַקטאָרען און דעם אינוועניג־אויטאָנאָמען סדר פון לעבען״.*)

דעם מחבר׳ס גרונד־שטאַנדפּונקט, וואָס זאָגט, אַז דער תוך פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט בעשטעהט אין דעם בעשאַפען אַן אייגענע „גייסטיגע״ קולטור, פיהרט צו דעם רעזולטאַט, אַז

*) ז. 336.

דער בעוואוסטזיניגער נאַציאָנאַלער ווילען צום לעבען אין גלות מוז אָנגעווענדט ווערן הויפּטזעכליך אָדער גאָר אין גאַנצען אויף די בעפריעדיגונג פון דעם פאָלק'ס גייסטיג־קולטורעלע בעדערפניסען און ניט אויף די בעפריעדיגונג פון זיינע סאָציאַל־עקאָנאָמישע נוי־טען.

דער פּאַלעסטינישער בעוועגונג מאכט דער מחבר פאָרוואורפען דערפאַר, וואָס זי האָט געשטרעבט צו פערענטפערן ניט אזוי די נאַציאָנאַל־קולטורעלע, ווי די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פראגע",*) און אויף די ציוניסטען, וואָס האָבען זיך ניט געקאָנט דערהויבען צו די הויכען פון דעם גייסטיג־קולטורעלען נאַציאָנאַליזם, קוקט ער ווי אויף די „בני־נח" („יאַזיטשניקי") פון דער נאַציאָנאַלער אי־דעע".**) הערכן דובנאָוו'ס גייסטיג־קולטורעלער נאַציאָנאַליזם זאָגט זיך אָב, אריינצוטראָגען וועלכע עס איז נייע ענטפערס אויף דעם פעלד פון דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען פון דעם אידישען פאָלק.

די פראגע, פ ו ן  ו ו אָ ס לעבט דאָס אידישע פאָלק, ווי לעבט ער, צי איז נאָרמאַל די גאַנצע אַטמאָספערע פון זיין סאָציאַל־עקאָנאָמישען לעבען, ווי שפּיעגעלט זי זיך אָב אין אַלע זייטען פון זיין לעבענס־פיהר, אין אַלע שיכות'ען צו די ארומיגע פעלקער אין גלות, אין די בעציהונגען פון די ארומיגע פעלקער צו איהם, — אַלע די און נאָך פיעלע אַנדערע ברענענדע פראגען פון דער אידי־שער מאַטעריעלער ווירקליכקייט פערשווינדען לגמרי, — און מוזען לאָגיש לגמרי פערשווינדען פון דעם גייסטיגען אויג פון דעם גייסטיג־קולטורעלען נאַציאָנאַליזם.

צוזעיט איבער פערשיידענע לענדער אין גלות, אָהן אַן  א י י־נ ע נ ע ם  באָדען אונטער די פיס, דארף דאָס אידישע פאָלק זיך נאַטירליך אָבזאָגען פון אַ וועלכער עס איז זעלבסטשטענדיג־קייט אין די וויכטיגסטע לעבענס־פראגען: אין דעם ענין פון די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. ער מוז זיך אויסאיינען מיט דעם געדאנק, אז „די סאָציאַל־עקאָנאָמישע צרות זענען אויסגעפאַ־לען אויף דעם גורל אויך פון אַ סך טעריטאָריאַלע פעלקער און אין

*) ז. 175.
**) ז. 158.

דעם געגעבענעם פאַל בלייבט פאַר אונז נאָר צו וואַרטען אויף אַ דערלייכטערונג פון יענעם קאַמף פאַר אַ נייעם פּאָליטישען און סאָציאַלען סדר, אין וועלכען אויך די אידען מוזען נעהמען אַן אַקטי־ווען אַנטייל צוגלייך מיט אַלע פעלקער, די אידען נאָך דערצו — ווי דער העכסט געקריוודעטער מיטגליעד פון דער אינטערנאַציאָנאַ־נאַלער משפחה.*)

אָבער — אויף דעם באָדען פון וועלכער פּלאַטפאָרם, פון וועלכען סאָציאַל־עקאָנאָמישען פּראָגראַם, דאַרפען די אידען, זיין איינציג מיט די אַנדערע, קעמפען פאַר אַ נייעם פּאָליטישען און סאָ־ציאַלען סדר?

פון דעם מחבר׳ס גאַנצער טעאָרעטישער קאָנצעפּציע, וואָס שטרעבט צו פעראייניגען דעם ווילען פון דער גאַנצער נאַציע אויף דעם קאַמף פאַר אַ ריין־גייסטיגע עקסיסטענץ, פליעסט קודם־כל אַרויס יענער רעזולטאַט, אַז אַ סאָציאַל־פּאָליטישער פּראָגראַם, וואָס נעהמט אָן דעם קלאַסען־קאַמף פון אַרבייט אַנטגעגען קאַפּיטאַל פאַר דעם גרונד־פּרינציפּ פון זיין טאַקטיק, איז אַן אומגליק פאַר די געשיכטליכע שיקזאַלען פון דעם גייסטיג־קולטורעלען אידענטום.

„אַנשטאַט דער פּאָליטיק פון אַלגעמיינע פאָלקס־אינטערעסען, וואָס שטעהען אין דער העכסטער געפאַהר“, — בייזערט זיך הערר דובנאָוו, — „שלעפּט מען אונז אויף דעם וועג פון קלאַסען־פּאָלי־טיק, וואָס שפּאַלט פאַנאַנדער יענע אַלגעמיינע אינטערעסען און שטעלט אַוועק אויף זייער אָרט פּריוואַטע אינטערעסען, עקאָנאָ־מישע! דער קריעגס־געשריי: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פעראייניגט אייך!“ הערט מען פון אידישע לעפּצען אין יענעם מאָמענט, ווען די רעטונג פון פאָלק פאָדערט, מען זאָל אָהן אַן אויפהער שרייען: „אידען פון אַלע קלאַסען און פּאַרטייען, פעראיי־ניגט אייך!“**)

„ווען די פּאָליטיק פון קלאַסען־צושיידונג“, זאָגט ער ווייטער, „פיהרט די פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי פון אַ פאָלק, וואָס איז פער־

---

*) ז. 175.

**) ז. 307.

אייניגט נאָר אין זיינע קולטור־נאַציאָנאַלע אינטערעסען און וואָס שטעהט אויף יעדען שריט אין דער סכנה איינגעשלונגען צו ווערן פון די אַרומיגע פעלקער, איז דאָס שוין גיט קיין פעהלער, ניט קיין איינזייטיגקייט, נאָר אַ פערברעך, ווייל דאָס פיהרט צו דעם פאָנאַנ־דערפאַל פון דער נאַציע".*)

אַ נאַציע פון דעם העברעען, ד. ה. דעם גייסטיג־קולטורעלען טיפּ, דאַרף פיהרען ניט קיין קלאַסען־פּאָליטיק, נאָר אַ נאַציאָנאַלע פּאָליטיק.

„אַ נאַציאָנאַלע פּאָליטיק, ד. ה. אַזאַ, וואָס האָט צו איהר ציעל אַרום צאַמען דעם פאָלק'ס גאַנצקייט און די זעלבסטשטענדיג־קייט פון זיין קולטורעלער ענטוויקעלונג", — זאָגט ער, — „איז דער העכסטער קריטעריום אומעטום, וואו יענע גאַנצקייט און אינווע־ניגסטע פרייהייט שטעהט אין געפאַהר. די אידישע נאַציע אין גלות, אָהן לאַנד און צוברעקעלט, אומעטום מיט אַ סך מעהר פיינד (בעוואוסטזיניגע אָדער סטיכישע) איידער פריינד און, מחמת זיין לאַגע, אונטערגעוואָרפען דעם אַסימילירענדען איינפלוס פון פרעמדע קולטורען — געפינט זיך אין דעם אויבען אָנגעצייגטען פּרט אין דעם צושטאַנד פון אַ פּערמאַנענטער געפאַהר. ממילא מוז פאַר דער אידענשאַפט די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק שטענדיג זיין דער העכ־סטער קריטעריום פאַר אַלע פּאַרטייען און קלאַסען, וואָס נעהמען ניט אָן דעם פּרינציפּ פון „צונויפמישונג" אָדער פון נאַציאָנאַלער זעלבסט־פערלייקענונג. אין דעם פאָלק קאָנען און זאָלען עקסיס־טירען פערשיידענע פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע, גייסטיגע און קלאַסען־ גרופּען, אָבער זיי אַלע מוזען זיך אונטערוואַרפען דער העכסטער פיהרערשאַפט פון דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. די פאָרמעל "סאַליוס פּאָפּולי סופּרעמאַ ליעקס" קאָן אויף דער אידענ־שאַפט אָנגעווענדט ווערן אות באות: דאָס העכסטע געזעץ אָדער קרי־טעריום איז גראָד די „רעטונג" (די אומבעשעדליכקייט) פון דעם פאָלק, וועמעס גאַנצער וועג אין גלות איז בעזעיט מיט געפאַהרען".

„די גאַנצע אידישע געשיכטע אין גלות איז די געשיכטע פון אַן ניט־איבערגעריסענעם פערטיידיגונגס־קריעג, וועלכען די נאַציע

*) ז. 308.

האָט געפיהרט פאַר איהר עקסיסטענץ, ווי אַ נאַציע, פאַר איהר אינוועניגסטער איינהייט און אויטאָנאָמיע, ביי דער דרויסענדיגער פּאָליטישער און טעריטאָריאַלער צובראָקעלטקייט. אין דעריגען בעשטעהט דער טראַגיזם און דער הויכער העראָאיזם פון אונזער געשיכטע: דער טראַגיזם פון אַ שטענדיגען קריעגס־צושטאַנד, וואָס פאָדערט פון דער נאַציע די אָנשטרענגונג פון אַלע איהרע כחות פאַר'ן זעלבסטשוץ און דער העראָאיזם פון בייקומען די גרעסטע שטערונגען אין אַ משך פון צוויי טויזענד יאָהר".

„שאַפט אָב אָדער מאַכט בעדייטענד שוואַכער אָט די אָנשטרענגונג פון דער נאַציאָנאַלער פערטיידיגונגס־ענערגיע — און די אידענשאַפט וועט זיך פּלוצלונג געפינען אין דעם פאַנטעאָן פון די געשטאָרבענע פעלקערשאַפטען אָדער היסטאָרישע מומיעס. אָבער צו אַזאַ רעזולטאַט וועט מען קומען, ווען מען זאָל די נאַציאָנאַלע אָדער אַלגעמיין־פּאָלקליכע (איבער־קלאַסען־) פּאָליטיק פערבייטען אויף אַן אַנדער העכערען אָדער גלייכווערטיגען קריטעריום, ווי צום ביישפּיעל די קלאַסען־פּאָליטיק".*)

אָבער אויב די פּראָגראַמען, וואָס רוהען אויף דעם פּרינציפּ פון קלאַסען־קאַמף דאַרפען פעריאָגט ווערן פון דער אידישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, איז יעמאָלט — „וואָס זאָל אין דעם איצטיגען מאָמענט זיין יענע פּאָליטישע פּלאַטפאָרם, אויף וועלכער די מעהרהייט פון די אַקטיווע קרעפטען אין דער אידענשאַפט וואָלטען געקאָנט, נעהמענדיג אָנטייל אין דער אַלגעמיינער מלוכה־טהעטיגקייט, — אַ רעוואָלוציאָנערער און אויפקומענדער, — סיסטעמאַטיש פיהרען זייער פאָלקס־פּאָליטיק?"**)

עס איז פאַר דעם לעזער ניט שווער צו טרעפען דעם ענטפער, וואָס הערר דובנאָוו גיט אויף דער שאלה.

„דאָס איז", — ענטפערט ער, — „די פּלאַטפאָרם פון דער פּאָליטישער דעמאָקראַטיע אָדער, פּינקטליכער, יענער קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, צו וועלכער עס שטעהען צו אַלע

---

*) ז. 322—323.

**) ז. 308—309.

געזונטע, פּאָליטיש־רייפע עלעמענטען פון דער רוסישער געזעל־שאַפט." *)

אויף אַזאַ'ן אופן איז דער לאָגישער אַבשלוס, די קרוין פון הערר'ן דובנאָוו'ס „גייסטיג־קולטורעל־נאַציאָנאַלען" בנין ניט קיין אַנדער זאַך ווי דער נאַציאָנאַל־אידישער קאַדעטיזם מיט אַן „עוואָלוציאָנער־יודאאיסטישען" אונטערשלאַג.

אָט דאָס איז אין אַלגעמיינע שטריכען דער תוך פון הערר'ן דובנאָוו'ס לעהרע. מיר ווייסען ניט, צי זי פּערדיענט, מען זאָל זי איבערגעבען אין אַלע איהרע פּרטים, דערקלערען זי און קריטי־קירען זי. מיר ווילען זיך דאָ בענוגענען נאָר מיט אַ פּאָר בעמער־קונגען. פיעלע רעכענען הערר'ן דובנאָוו'ן פאַר דעם פאָטער פון דעם אידישען „אווטאָנאָמיזם", דעם בעשאַפער פון יענער נאַציאָ־נאַלער טעאָריע, וואָס זאָגט, אַז דאָס אידישע פאָלק איז אויף אייביג פער'משפּט צו לעבען אין גלות, און דאַרף דאָ, אין די גלות־לענ־דער, דערשלאָגען זיך צו נאַציאָנאַלע רעכט, איינשטעלען זיך פאַר זיין נאַציאָנאַלער קולטור און ענטוויקלען זי.

אין איינעם פון הערר'ן זש.'ס**) אַרטיקלען האָבען מיר געפונען אַ דירעקטען אָנווייז, אַז דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פון דעם „בונד" איז בעשאַפען געוואָרען אונטער דעם איינפלוס פון הערר'ן דובנאָוו'ס „בריעף".

דאָס איז ניט ריכטיג. די אידעע פון אַ זעלבסטשטענדיגער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק אין די גלות־לענדער איז אויסגעוואַקסען אונטער דעם איינפלוס פון דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק אין די מיטלערע אַכציגער יאָהרען, ווי אַ סינטעז פון דעם ציוניזם, וואָס האָט געקעמפט פאַר דער נאַציאָנאַלער ווייעדערבעלעבונג פון דעם אידישען פאָלק, און דעם צווישען־פעלקערליכען סאָציאַליזם, וועלכען מען האָט פאַר דעם אידישען פאָלק פערשטאַנען אַ ביסעל צופיעל אות באות: אין דער פאָרם פון אַ זעלבסטשטענדיגער עקזיסטענץ „צווישען די פעל־קער".

*) דאָרטען גופא.

**) וו. זשאַבאָטינסקי'ס. (1916.)

אַרבייטען, אמת ניט צאָהלרייכע, אָבער דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון יענעם נאַציאָנאַליזם, זענען ערשינען אין דעם ס.ף אַכציגער און דעם אָנהויב נייענציגער יאָהרען*).

אין 1896, הייסט עס, מיט אַ יאָהר פריהער, איידער עס זענען ערשיענען הערץ דובנאָוו'ס בריעף, איז צו די אַנשויאונגען פון דעם „גלות-נאַציאָנאַליזם" צוגעשטאַנען די יעמאָלט'דיגע רעדאַקציע פון דעם אויסלענדישען בונדיסטישען אָרגאַן „דער אידישער אַרבייטער". דער זעקסטער נומער פון אָט דעם צענטראַל־אָרגאַן איז אינגאַנצען געווען דורכגעדרונגען מיט די גרונד־אידעען פון דעם „אויטאָנאָמיזם". אין דעמזעלביגען נומער האָט דער בונדיסטישער נאַציאָנאַליזם זיך געפרואווט טעאָרעטיש שאַרף אָבגרעניצען פון דעם ציוניזם. ער פיהרט דאָרטען דורך דעם געדאַנק, אַז פאַר דעם נייעם נאַציאָנאַליזם, אין זיין אונטערשייד פון דעם אַלטען, איז דער ענטשיידענער פרינציפּ ניט דאָס פאָטערלאַנד, ניט די טעריטאָריע, נאָר די זעלבסטשטענדיגע קולטור פון דעם פאָלק**).

נאָר אויב די טעאָרעטיקער, וואָס האָבען יעמאָלט זיך אָנגעשלאָסען אָן דעם „בונד", קאָנען מיט אַ געוויסען רעכט פּרעטענדירען אויף דעם נאָמען די „פאָטערס" פון דעם ק ו ל ט ו ר ע ל ע ן נאַציאָנאַליזם, אין זיין אונטערשייד פון דעם טעריטאָריעלען, וועלען זיי אין דער פראַגע וועגען דעם ג י י ס ט י ג ע ן נאַציאָנאַליזם זעהר גערן איבערלאָזען הערץ דובנאָוו'ן ניט נאָר די ערשטלינגס־פּאַלמע, נאָר אויך אַ פּאַטענט אויף אַליין־בעזיץ.

אין דער קולטור־נאַציאָנאַלער קאָנצעפּציע פון די „בונדיסטען"

---

*) איך וויל מיך דאָ בערופען אויף מיינע „מיסלי אָב איסטאָרישעסקיך סוד'באַך יעווריישטוואַ" פון 1887 און „יעווריי ק' יעווריאַך" פון 1892. (1916.)

**) בנוגע דעם „אידישען אַרבייטער" האָב איך געמאַכט אַ שטיקעל טעות. דער זעקסטער נומער איז אַרויס ניט אין 1906, נאָר אין 1908, אָבער אַזוי ווי די אַרטיקלען, וועגען וועלכע איך רעד דאָ, זענען געווען געשריעבען פון פריהער, (אונטער דעם פּסעוודאָנים „בן־אחוד"), בלייבט מעהר גאָר נישט צו פערריכטען אין טעקסט. און בכלל קאָן מען היסטאָריש בעווייזען, אַז דעם „בונד'ס" אויטאָנאָמיזם האָט געשטאַמט פון אַ ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע ן מקור און האָט גאָר ניט צו פערדאַנקען הערץ דובנאָוו'ס טעאָריען. (1916.)

און די „בונדיזירענדע" איז ניט אריין אפילו קיין שאָטען פון יענעם „גייסטיגען" נאציאָנאַליזם, וואָס האָט זיך ביי הערן דובנאָוו'ן לאָגיש צונויפגעבונדען מיט דעם יודאאיזם, קאָדעטיזם און דער אַבלייקענונג פון דעם קלאַסען־קאַמפּף. דאָרטען איז קיין רעד ניט געוועזן וועגען דעם, אַז דאָס פאָלק איז מחויב אָבצוהיטען און צו ענטוויקלען די אָדער יענע רעליגיעזע, פילאָסאָפישע אָדער אפילו סאָציאַל־עטישע „טראַדיציעס", די אָדער יענע ווילען פון אַ „פיעל־הונדערט־יעהריגער קולטור".

איינגעגלויבטע אָנהענגער פון דעם פּרינציפּ פון דער פרייער פּערזענליכקייט און דעם פרייען קריטישען געדאַנק, האָבען זיי געוואָלט אויסקעמפען פאַר זייער פאָלק אַזעלכע פאָרמען פון דעם נאַציאָנאַלען לעבען אין גלות, וואָס זאָלען גאַראַנטירען יעדען יחיד די מעגליכקייט צו בלייבען אין דעם גבול פון זיין פאָלק און דעם פאָלק די מעגליכקייט צו ענטוויקלען זיין נאַציאָנאַליטעט, אפילו אויף יעמאָלט, ווען זיי ביידען, סיי דעם יחיד, סיי דעם פאָלק, וואָלט אויסגעקומען ארויס צו וואַרפען איבער'ן באָרט, — ווייל ער האָט אויפגעהערט צו טויגען, — דעם גאַנצען (אות באות: דעם גאַנ־צען) גייסטיגען באַגאַזש, וועלכען אונזער פאָלק האָט געשלעפּט מיט זיך אין אַ משך פון יאָהרהונדערטען: דעם גאַנצען יודאַ־איזם, מיט זיין גאַנצער רעליגיע, פילאָסאָפיע און מאָראַל.

דאָס הייסט ניט, אַז זיי האָבען זיך פּרינציפּיעל און לגמרי נעגאַטיוו בעצויגען צו יענער גאַנצער קולטורעלער ירושה, וואָס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פון דעם אידישען פאָלק. דער שרייבער פון די צייל̇ען, וואָס האָט זיך בעטייליגט אין אויסאַרבייטען די מעאָריע פון'ם קולטורעלען נאַציאָנאַליזם, איז שוין אויף יעמאָלט גע־ווען איבערצייגט, — און איז עד היום געבליבען ביי זיין איבערציי־גונג, — אַז ניט אַלץ איז צופוילט אין די אַלטע אוצרות פון אונזער פאָלק. ער גלויבט, אַז אַ קריטישע דורכמוסטערונג פון אונזער קולטורעלער ירושה וועט ארויסברענגען אומגעהויערע אוצרות פון אַזוינע גייסטיגע רייכטימער, וואָס ניט נאָר ווע̇לען מיר זיך ניט דאַרפען שעהמען פאַר זיי, נאָר וואָס וועלען אַרויפלעגען אַ חוב אויף אונזער אינטעליגענץ, פאַנאַנדעראַרבייטען זיי און מאַכען זיי פאַר דעם אייגענטום פון דער גאַנצער מענשהייט.

אָבער אויך פאַר אונז וועט זייער ווערטה בעשטעהן ניט אין דעם, וואָס זיי זענען אויסגעאַרבייט געוואָרען פון אונזערע אבות, נאָר אין יענע טיפע אַלגעמיין־מענשליכע יסודות, וואָס געפינען זיך אין זיי. פאַר אונז זענען יענע אוצרות ענג צונויפגעוועבט מיט געוויסע שאַטירונגען פון אונזער ריין אידישער פסיכיק. אָבער זיי קאָנען גאַנץ זיכער אריבערגעגאָסען ווערן אין אַנדערע נאַציאָנאַלע פורעמס און ווערן אַ טייל פון דער זיך ענטוויקלענדער מענשליכער קולטור.

פון דעסטוועגען, ווי רויזענפאַרביג מיר זאָלען ניט קוקען אויף דעם ווערטה פון געוויסע עלעמענטען אין דעם אַלט־אידישען שאַפען, קאָנען מיר זיי קיינעם ניט אָנהענגען, ניט נאָר ניט דער מענשהייט, נאָר אַפילו ניט דעם אייגענעם פאָלק. זייער טריאומף אין דעם קאַמף פון מענשליכע געדאַנקען קאָן און זאָל, אַפילו ביי דעם אידישען פאָלק, דערגרייכט ווערן נאָר אויף איין איינציגען אופן: *דורך דעם קאַמף פון אידעען.*

און אַפילו יעמאָלט, ווען זיי זאָלען האָבען געזיעגט, טאָהרען זיי ניט ווערן קיין *צענז,* וואָס בעשטימט די צוגעהעריגקייט צו דער אידישער נאַציאָנאַליטעט. די דאָזיגע צוגעהעריגקייט דאַרף אויך ביי אונז זיין, ווי ביי אַלע פעלקער, *לחלוטין אומאָבהענגיג פון וועלכע עס איז מיינונגען און גלויבונגען.*

מען קאָן זיין אַ איד ניט נאָר „לויט דעם בעל־שם אָדער לויט ספינאָזא“. מען קאָן זיין אַ איד אויך לויט ישו, דעם קריסט. איך קאָן זיין אַן אָנהענגער פון דעם „מיסטישען עראָטיזם“, לאָמיר זאָגען, לויט שבתי־צבי, אָבער אויב אין דעם פונקט געפעלט מיר בעסער הערר וויאַטשעסלאַוו איוואַנאָוו, העך איך דערפון ניט אויף צו זיין אַ איד.

אַלע שאַטירונגען פון דעם פילאָסאָפישען, רעליגיעזען און סאָציאַל־פאָליטישען געדאַנק, די גאַנצע גאַמע פון דעם מענשליכען אמת־זוכען און פון מענשליכע פעראירונגען טאָהרען ניט אויסגעשלאָסען ווערן פון דער אידישער בעשאַפונגס־ספערע. אַזאַ אָדער אַן אַנדער געדאַנקען־קרייז, וואָס זאָל זיין אָבליגאַטאָריש פאַר דעם אידישען פאָלק, וועט, ווי ברייט ער זאָל ניט זיין, אומבעדינגט

בעשאפען א ווייטע ספערע פון פ ע ר ב אָ ט ע נ ע  ג ע ד א נ ־ק ע ן ־ פ ר ו כ ט ע ן, וואָס ליעגען דרויסען פון איהם. און מיט דעם וואָלט געמוזט געהן האנד אין האנד אן אינקוויזיטאָריש גראָ־בען זיך אין דעם אנדערנ'ס געוויסען, אן אומגעזעצליך אריין ריי־סען זיך פון דער נאציע אין די העכסט אינטימע עולמות פון דעם יחיד'ס לעבען.

אן אָבליגאַטאָרישע וועלט־אַנשויאונג, ווען אפילו זי וואָלט בעשטאנען נאָר אין דעם, מען זאָל ניט צולאָזען קיין אנשויאונגען, וואָס זענען „שעדליך" פאר'ן פאָלק, וואָלט אויפגעהאַלטען און פער־אייביגט דעם אנטאגאָניזם צווישען די אָפיציעלע אָנשויאונגען פון דעם פאָלק און די פרייהייטליעבענדע שטרעבונגען פון דעם יחיד, — אן אַנטאַגאָניזם, וואָס האָט ביז אהער כמעט אומעטום געהערשט אין דער אידישער געשיכטע און וואָס שטעלט מיט זיך פאָר איהר העכסט טראַגישע און אַם וועניגסטען סימפּאַטישע זייט.

די אָבליגאַטאָרישע וועלט־אָנשויאונג וואָלט בלי־יפונה פער־משפט דאָס פאָלק צו אַ שטיל־שטאַנד אָדער אפילו צו אַ גייסטיגען רעגרעס, ווען עס זאָל זיך אַרויסווייזען, אַז דער פּראָגרעס פון דעם אַלגעמיין־מענשליכען געדאנק געהט ניט נאָר להיפך צו די אָדער יענע פאָרמען און ערשיינונגען פון יענער וועלט־אַנשויאונג, נאָר איז אבסאָלוט פיינדליך צו זיינע פונדאַמענטאַלע פּרינציפּען.

אזא אָדער אַן אַנדערער אַרויפגעצוואונגענער געדאַנקען־גאַנג, אפילו דער אָדער יענער קרייז פון גייסטיגע אינטערעסען, וואָס זאָל לכתחילה דיקטירט ווערן דעם פאָלק, וועט אומפערמיידליך מוזען פיהרען דערצו, אַז די מעהר רעוואָלוציאָנערע פערזענליכ־קייטען, די וואָס געהען זיך אַם ראַדיקאַלסטען פאַנאַנדער מיט זייער סביבה, וועלען זיין געצוואונגען צו  פ ע ר ל אָ ז ע ן  דאָס אייגענע פאָלק און זעהען צושטעהן צו אַנדערע, פרייערע פעלקער און קולטורען.

יענע פערזענליכקייטען זענען אָבער גראָד דער פערמענט, וואָס לאָזט ניט רוהען דעם קולטורעלען פּראָגרעס. זיי דריקען אויס אַלע יענע רעוואָלוציאָנערע פּרינציפּען, וואָס זענען אָנגעוואַקסען אין אַלע צווייגען פון דעם פאָלקס־לעבען. געהען זיי אוועק, יעמאָלט וועלען בלייבען אין דער היים, ווי טרייע קינדער, נאָר די צרה'דיגע

בינוני׳ס מיט דעם ענגען, פּיליסטערישען האָריזאָנט פאַר זייערע געדאַנקען און געפיהלען.

די גאַנצע געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק בעווייזט די ריכטיגקייט פון דעם נאָר וואָס געזאָגטען און שטעלט גענוג קלאָר ארויס אָט די ה ו י פּ ט ־ צ ר ה פון דעם אידישען לעבען אין גלות.

הערין דובנאָוו׳ס פּראָגראַם שאַפט ניט אָב די צרה. ער בעפרייט ניט דעם אידישען געדאַנק פון יענע געצען און קעיטען, וועלכע די אידישע נאַציע האָט ארויפגעלעגט אויף איהם, דעם געדאַנקען, מיין איך, אין די אינטערעסען פון דער נאַציאָנאַלער זעלבסטדערהאַלטונג. הערר דובנאָוו שטרעבט נאָר צו בעגילדען יענע קעיטען, מאַכען זיי לייכטער, ניט אַזוי שניידענד און צוגעבען זיי דעם אויסזעהען פון נאַציאָנאַלע „בראַסלעטען“, וועלכע יעדער איד זאָל דאַרפען טראָגען מיט שטאָלץ.

דער קולטורעלער נאַציאָנאַליזם פון די „בונדיזירענדע“ איז ניט געוועזען שולדיג אין אַזעלכע גרייזען. אונז האָט זיך געדוכט, אַז מען קאָן אין גלות גופא דערשלאָגען זיך צו גאַנץ נאָרמאַלע בעדינגונגען פאַר דער ענטוויקעלונג פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט.

מען דאַרף נאָר אויסקעמפען נאַציאָנאַלע רעכט פאַר דעם אידישען פאָלק, מען דאַרף נאָר דורך פּאַסיגע ריין־אידישע ערציעהונגס־און קולטור־אַנשטאַלטען אויפהעיבען די גערעדטע אידישע שפּראַך (דעם אַזוי אָנגערופענעם זשאַרגאָן) צו דער מדרגה פון א ליטעראַריש־וויסענשאַפטליכער, נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר שפּראַך, און די דערהאַלטונג פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט איז פערוואָרענט אויף אַזוינע בעדינגונגען, וואָס וועלען מאַכען לחלוטין איבריג די צוגעהעריגקייט צו געוויסע רעליגיעז־פּילאָסאָפישע טראַדיציעס.

די אידישע איינצעל־פּערזענליכקייטען וועלען זיך בעפרייען פון אַלע שטריק, וואָס די נאַציע לעגט אויף זיי ארויף אין דעם נאָמען פון איהר דערהאַלטונג. צוגויפגעבונדען אין איינעם דורך דער א י י נ ה י י ט פ ו ן ד ע ר א י ד י ש ע ר שפּ ר אַ ך און אויך דורך יענעם נאַטירליכען שטרעבען צו זיין זעלבסטשטענדיג און פריי פון אַנדערע פעלקער, וואָס יעדעס פאָלק ווייזט ארויס, בעת עס פערענטפערט זיינע קולטורעלע פּראָבלעמען, וועלען אויך

די אידען, ווי אַלע אַנדערע פעלקער, גאַנץ נאַטירליך, אָהן אַ ברע־קעל „הערצאָיזם" און „טראַגיזם", אָהן אַ בעזונדערע אנשטרענגונג פון דעם נאַציאָנאַלען ווילען, לעבען אַן אייגענעם נאַציאָנאַלען לע־בען, ד. ה. איבערארבייטען אויף זייער אייגענעם אופן דעם גאַנ־צען מעכטיגען אוצר פון דער אַלגעמיין־מענשליכער קולטור, אפילו יענעם טייל, וואָס איז ביז אַהער געווען אַ פערבאָטענע פרוכט פאַר דער אידישער נאַציאָנאַליטעט, ווייל זי האָט געשטעלט אין געפאַהר די זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ פון דער נאַציע.

אויב די מאַיאָריטעט פון דעם אידישען פאָלק וואָלט זיך ווען עס איז פעראינטערעסירט אין קריסטענטום, וואָלט זי געקאָנט אָננעהמען די קריסטליכע אמונה אויף פאָרמעל און זי וואָלט דערביי גאָרנישט ניט געליטען אין דעם נאַציאָנאַלען זין. אַ קריסטענטום, וואָס וואָלט געוואָרען די אמונה פון אַ בעדייטענדען צאָהל אידען, וואָלט אומפערמיידליך בעקומען אַן אייגענעם אָריגינעלען כאַראַק־טער, וואָס שטימט צונויף מיט די בעשאַפונגס־פאָרמען פון דער אידישער פסיכאָ־פיזישער אָרגאַניזאַציע.

דעמזעלביגען נאַציאָנאַלען כאַראַקטער וואָלט אויך אָנגענומען יעדער אנדער געדאַנקען־סיסטעם, אויב אַ בעדייטענדע צאָהל אי־דען וואָלט אריבערגענומען איהם פון דער ארומיגער סביבה און אויב ער וואָלט ווערן ווייטער פאַנאַנדערגעארבייט פון אידישע קרעפטען אין דעם גבול פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט.

די אידישע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ וואָלט געקאָנט פריי און אָהן מורא פאַנאַנדערוויקלען די פאָהן פון דעם אַלוועלטליכען סאָציאַליזם פאַר די אידישע אַרבייטענדע מאַסען, אין איינעם מיט זיי אריינגעהמען אין די אייגענע הענד דעם גורל פון דער היסטאָ־רישער ענטוויקלונג פון דעם אידישען פאָלק און, דורך דעם קלאַ־סען־קאַמף פון דער אידישער ארבייט אנטגעגען דעם אידישען קאַ־פּיטאַל, דורך דעם אנטייל־נעהמען אין דער אַלוועלטליכער בע־פרייאונגס־בעוועגונג פון דעם סאָציאַליזם, פערזיכערן דעם טריאומף פון זיינע אידעאַלען אויך אין די גרעניצען פון דער אידישער נאַציאָ־נאַליטעט. אין דער משפּחה פון דער בעפרייטער מענשהייט, וואָלט דאָס אידישע פאָלק פערנומען, ווי אַ נ א צ י ע, יענעם גלייכבע־

רעכטיגטען פּלאַץ, וועלכען דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליזם גאַראַנטירט אַלע פעלקער אָהן אַן אויסנאַהם.

דער קולטורעלער נאַציאָנאַליזם פון די „בונדיזירענדע“ איז, לויט זיינע טעאָרעטישע אַנשויאונגען און אידעאַלען, געווען אַקוראַט אַזוי ווייט פון הערין דובנאָוו׳ס „גייסטיג־קולטורעלען“ נאַציאָנאַליזם, אויף וויפיעל דער סאָציאַליזם איז ווייט פון דעם קאַדעטיזם.

עס איז ניט דאָ דער אָרט אויסצורעכענען אַלע יענע פערשיידענע אַרגומענטען, וואָס האָבען געצוואונגען דעם אידישען נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישען געדאַנק זיך אָבצוזאָגען פון דעם גלות־נאַציאָנאַליזם און איינצוזעהען יענעם, אין מיינע אויגען, בעשייניגפערליכען אמת, אַז עס איז אוממעגליך צו האָבען אַ פרייע קולטורעלע אונאבהענגיגקייט דאָרטען, וואו עס איז ניטאָ קיין באָדען פון אייגענע לאַנד אונטער די פיס. אַלע צווייגען פון דער מענשליכער קולטור זענען צונויפגעוואַקסען אין איינעם און די הויפּט ראָליע אין זיי שפּיעלען די סאָציאַל־פּאָליטישע און די עקאָנאָמישע בעציעהונגען. כדי צו האָבען אַ זעלבסשטענדיגען קולטורעלען לעבען בכלל, מוז מען דעריבער פריהער האָבען די מעגליכקייט זעלבסשטענדיג איינצואָרדענען דאָס עקאָנאָמישע און דאָס סאָציאַל־פּאָליטישע לעבען פון דעם פאָלק. אָבער דאָס ווידער איז פון זיין זייט אוממעגליך דורכצופיהרען אָהן אַן אייגענעם לאַנד, ד. ה. אָהן אַ טעריטאָריע מיט אַ האָמאָגענער אידישער בעפעלקערונג, פערבונדען מיט דעם רעכט איינצואָרדענען די יסודות פון דעם עקאָנאָמישען לעבען אַזוי ווי דאָס שטימט צונויף מיט דעם ווילען פון דער מאַיאָריטעט.

עס איז אויך ניט דאָ דער אָרט אָבצושטעלען זיך באריכות אויף דעם בעוויז פון יענעם געדאַנק, אַז דער „דריטער אַגרעגאַט־צושטאַנד“ פון אַ קולטורעלער נאַציע, — דער „גאַזפאָרמיגער“ אָדער „גייסטיגער“, — וועט פּאָזיטיוו פאָרדערן, מען זאָל אָנווענדען אַן אומגעהויערע מאַסע ענערגיע, כדי גובר צו זיין די אָנציעהונגס־קראַפט פון די שטאַרקערע, סאָלידערע נאַציאָנאַלע קערפּערס און כדי איינצוהאַלטען די „קינעטישערע“ טיילכעלעך אין דעם נבול פון דעם „לופט־אַרטיגען“ גאַנצען.

ניט קוקענדיג אויף אַלע אָנשטרענגונגען פון דעם נאַציאָנאַלען

ווילען, וועט א טייל פון דעם אידישען פאָלק, — און דוקא פון זיינע בעסטע קינדער, — זיך אָבשפּאַלטען פון איהם, און אנדער טייל וועט אומפּענדלען, ווי אַן אומרוה, צווישען צוויי פּאָליוסען פון קולטורעלער צוציעהונג, נאָך א טייל וועט זיך איינמארינירען אין הערמעטיש פערמאַכטע כלים פון דעם טראַדיציאָנאַלען יודענ־טהום, און נאָר די קאָמפּראָמיסליבע מיטעלמעסיגקייט וועט אויס־ארבייטען א מין „גייסטיגען" נאציאָנאַליזם, אָהן ברייטע פּער־ספּעקטיווען און אידעאַלען, אָהן א גרויסען שוואונג פון נאציאָנאַלען שאפען און וועט אָנשטרענגען דעם גאַנצען „נאציאָנאַלען ווילען צום לעבען", כדי אויסצומיידען די עקסטרעמען אין דעם רעליגיעזען, פילאָסאָפישען און סאָציאַל־פּאָליטישען געדאנק. אָם־דער־וואָכען וועט זי, אין דעם עפענטליכען און דעם פּאָליטישען לעבען, זיך נאָכשלעפּען נאָך דעם עק פון אַקוראַט אַזא קאָמפּראָמיסליכער מי־טעלמעסיגקייט ביי די אַנדערע פעלקער און נאָר אין שבתים און יום־טובים וועט זי מיט דערזעלביגער אָבגעהיטקייט וועבען יענע „גייסטיגע" שפּינוועבס, וואָס דאַרף אָבהיטען דאָס אידישע פּאָלק פון דער „פּערמאַנענטער געפאַהר" — פערשלונגען צו ווערן פון די אַנדערע פעלקער.

הערר דובנאָוו זעהט אין אזא „פּערמאַנענטען" לעבען איבער אַן אָבגרונד א בעזונדער „טראַגיזם און הערואיזם" און דערבליקט אין איהם דעם דערקענונגס־שטריך פון דער אידישער געשיכטע, איהר בעצויבערנדען חן. אָבער הערר דובנאָוו, ווי עס שיינט, לאָזט ארויס פון אויג איין איינציגען, זעהר וויכטיגען אומשטאַנד.

דאָס אידישע פּאָלק לעבט און הערט ניט אויף צו לעבען איבער'ן אָבגרונד, בעזועלט דורך דעם ליידענשאַפטליכען גלויבען: אז ער וועט אין גיכען ארויסגעצויגען ווערן פון אזא לעבען. ער האָט אַריבערגעטראָגען אַלע יסורים פון גלות, ווייל ער איז געווען איבערצייגט, אז צו דעם גלות דאַרף קומען א סוף, אז ער וועט זיך באַלד צוריק אומקעהרען אין זיין אייגען לאנד און דאָרטען וועט ער אָנהויבען פיהרען א פרייען, זעלבסטשטענדיגען לעבען און וועט אַלע פעלקער בעווייזען א ביי־

ש פ י ע ל, ווי אזוי מען זאָל פערוווירקלי-
כען דעם יושר בין אדם לחבירו.

אָט צו דעם נאַציאָנאַלען טרוים אונזערן וועגען אַן אַלוועלט-
ליכער מיסיע פון אידישען פאָלק אין זיין איי גענעם
לאַנד קאָן מען זיך אָוועקשטעלען, ווי מען וויל. אָבער נאָר אָט
דער נאַציאָנאַלער טרוים, אָט דער נאַציאָנאַלער גלויבען האָט ארום
געוועבט מיט הערןאָאישער, טראַגישער שעהנקייט די היסטאָרישע
שיקזאַלען פון דעם אידישען פאָלק אין גלות.

נעהמט ארוים פון דער אידישער געשיכטע אָט די נשמה,
נעהמט ביי איהר אוועק אפילו נאָר דעם טרוים וועגען נאַציאָנאַלע
אונאָבהענגיגקייט, און די גאַנצע אידישע געשיכטע בעווייזט זיך
פאַר אונז יעמאָלט ניט אין אַ העראָאישער, נאָר גאָר אין אַ פּאַ-
טאָלאָגישער בעלייכטונג, און איהר גאַנצער העראָאיזם
ברענגט אונז אַקוראַט אזוי וועניג אריין אין התלהבות, ווי וועניג
מיר ווערן נתפעל פון אַלע יענע העראָאישע זעלבסט-פּייניגונגען,
וואָס ווערן דורכגעפיהרט פון סעקטאַנטישע פאַנאַטיקער, ווען זיי
פאַלען אריין אין אַ רעליגיעזען עקסטאַז.

הערר דובנאָוו מונטערט אויף דאָס אידישע פאָלק, ער זאָל
אויך אויף ווייטער ניט אויפהערען „טראַגדירען" און „העלדעווען",
— אויב מען קאָן זיך אזוי אויסדריקען, — ניט אין דעם נאָמען פון
אַ דורכאויס אונאָבהענגיגען נאַציאָנאַלען לעבען, נאָר אין דעם
נאָמען „פון דעם „עוואָליוציאָנערען יודאַאיזם". דער לעזער האָט
אַ רעכט צו פאָדערן פון איהם, ער זאָל דאָך אַ מאָל דערקלערען
וואָס פאַר אַ מין בריאה דאָס איז, אָט דער „עוואָליוציאָנערער יודאַ-
איזם", וואָס צוליעב איהם זאָל זיך לוינען צו בלייבען אין אַ „פער-
מאַנענטער געפאַהר".

ליידער האָבען מיר אין דעם גאַנצען בוך „בריעוו" ניט גע-
פונען קיין איין שורה, וואָס זאָל אונז אָנווייזען יענע
יסודות פון דעם יודאַאיזם, וואָס זענען טהייער הערן דובנאָוו'ן;
אויף יענע אייביגע שטריכען, וואָס שיידען ארוים דעם יודאַאיזם
פון דעם גאַנצען סכום גייסטיגע שטרעמונגען און וואָס גיבען איהם
די מעגליכקייט, עוואָליוציאָנירענדיג, אייביג בלייבען יודאַאיזם.

איבער דעם גאַנצען בוך פון דעם „בריעוו" טראָגט זיך ארום

הערן דובנאָוו׳ס „גייסטיגער נאַציאָנאַליזם“, ווי דער „רוח אלהים“ איבער׳ן אָבגרונד און, ווי, כביכול, דער רוח אלהים, פערבאָרגט ער אין עקשנות זיין פּנים פון יעדען בשר־ודם. מיר האָבען קיין רעכט ניט צו צווייפלען, אז אין הערן דובנאָוו׳ס געדאַנקען האָט דער יודאאיזם א בעשטימטען „צלם ודמות“.. אָבער עס איז ווייניג צו האָבען איהם נאָר אין געדאנקען!

א טעאָריע, וואָס פאָדערט, אז דאָס אידישע פאָלק זאָל זיך דערהאַלטען צוליעב א בעשטימטער א י ד ע ע, האָט ק ו ד ם כ ל בעדאַרפט דערקלערן דעם אינהאלט פון יענער אידעע, פערטיידיגען איהר רעכט אויף עקזיסטענץ און וויטערדיגע ענטוויקעלונג; גע־דאַרפט בעווייזען, אז נאָר דאָס אידישע פאָלק קאָן אויספיהרען אָט די מיסיע, און ערשט דערנאָך זיך נעהמען פאר יענע פּראַקטישע אויספיהרען, וואָס ווערן דיקטירט פון דער אידעע.

אמת, וואָס פאר א שעהנעם „צלם וצמות“ דער דובנאָוו׳שער יודאאיזם זאָל ניט האָבען דערביי אַרויסגעוויזען, וואָלט ער ניט געקאָנט דיענען ניט ווי א ציעל פאר רעהאַביליטרען דעם גלות און ניט ווי א באזיס פאר דעם נאַציאָנאַלען לעבען. מחמת יעדער בע־שטימטער אידעעלער אינהאַלט מאכט זיינע אָנהענגער ניט פאר קינדער פון איין נאַציע, נאָר פאר גלויביגע פון איין אמונה. בע־פרייען די נאַציע פון אן אָבליגאַטאָרישער רעליגיע און פון וועלכע עס איז אָבליגאַטאָרישע אנשויאונגען איבערהויפּט, — דאָס איז די הויפּט־בעדינגונג פאר איהר פרייער גייסטיגער ענטוויקעלונג. נאָר דערפאר וואָלט הערן דובנאָוו׳ס גאנצע טעאָריע לפּחות געהאט יעמאָלט א וואָסער עס איז „צלם ודמות“. איצטער אָבער איז זיין „גייסטיגער נאַציאָנאַליזם“ אזא: ניט נאָר ער ראָטה דעם אידישען פּאָלק ער זאָל זיך אייביג אַרומטראָגען איבער׳ן אָבגרונד, נאָר ער האָט אליין אויך ניט קיין ברעקעל טעאָרעטישען גרונט אונטער זיינע פיס.

אין הערן דובנאָוו׳ס גאנצער לעהרע זענען נאָר דאָ צוויי עלע־מענטען, וואָס זענען טיעף ריכטיג און לעבענסקרעפטיג. איינער פון זיי איז דער קאַמף אנטקעגען דער אַסימילאַציע, וואָס איהם האָט דער מחבר געווידמעט א סך בלעטער, פול אידעען שכל און פון גרונד אמת׳ען, הייסען געפיהל. דער צווייטער עלעמענט איז די פאָדע־

רונג פון דער אידישער נאַציאָנאַלער ווידערבעלעבונג אין אַלע גלות־לענדער אויף די יסודות פון נאַציאָנאַל־רעכטליכע אויטאָנאָמיע.

דאָס נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמיע לעבען אין גלות איז, ביי געוויסע בעדינגונגען, געווים א פאָרטזעצונג פון דעם אידישען היסטאָרישען לעבען.

אונזער פאָלק האָט באמת בעוויזען דער וועלט א וואונדער. ווי אַן אַקראָבאַט אויף א שטריק, אזוי איז ער איבער אַן אָבגרונד געגאַנגען זיין היסטאָרישען וועג מיט א באַלאַנס אין די הענד, דעם רעליגיעזען גלויבען אין משיח. כל זמן ער וועט ניט האָבען קיין באָדען אונטער זיינע פיס, וועט ער געצוואונגען זיין ווייטער צו געהן דעמזעלביגען וועג. דער אידישער פראָלעטאריאַט און די סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ, ווי די פאָרטגעשריטענסטע שיכטען פון פאָלק, וועלען ניט קאָנען אויסמיידען דיזעלביגע טרויעריגע היסטאָרישע נויטווענדיגקייט. אָבער אנשטאָט דעם אַלטען, דורכאוים צופוילטען באַלאַנס, — דעם נאַציאָנאַל־רעליגיעזען גלויבען אין משיח, — גיעבען זיי אין די הענד פון דעם בלוט־אייגענעם פאָלק א נייעם באַלאַנס: — דעם גלויבען אין די אייגענע קרעפטען, וואָס דארפען ווידער אָבגעפרישט ווערען אין גלות. מיט די אייגענע כוחות, און נאָר מיט זיי אליין דארף דאָס פאָלק זיך עראָבערן „לאַנד און פרייהייט".

די אידישע סאָציאַליסטען געהען דעם זעלביגען היסטאָרישען גלות־וועג אין איינעם מיט'ן פאָלק, אָבער זיי אידעאַליזירען איהם ניט, זיי פערוואַנדלען ניט „די נויט אין א מצוה", ווי דאָס טהוט הערר דובנאָוו. זיי פערשטעהען גאַנץ גוט זיין „טראַגישען הע־ראָאיזם", ווייל אויך אין זייער הארצען לעבט דערזעלביגער אי־דעאַל, וואָס ביי דעם „אַלטען יודענטום", — דער אידעאַל פון דער פולער נאַציאָנאַלער ווידערבעלעבונג אין אַן אייגענעם לאַנד.

אָהן אָט דעם אידעאַל, וואָלט דער „טראַגישער העראָאיזם" פערוואַנדעלט געוואָרען אין „א טראַגי־קאָמישען העראָאיזם" פון א פאָאר קיינעם ניט ניצליכען, אומפרוכטבארען און „פער־מאַנענט־נעפעהרליכען" אקראָבאַטענטום.

הערר דובנאָוו איז אַ מאָל געווען אַ קאָסמאָפּאָליט און ממילא אַן אסימילאַטאָר. דאָס ווערט אויך אין זיינע „בריעוו" דערמאָהנט. איצטער זענען די בעסטע בלעטער פון זיין ווערק געווידמעט דעם קאַמף אַנטקעגען קאָסמאָפּאָליטיזם און אסימילאַציע.

הייסט עס, אַז ער געהערט צו דער צאָהל פון יענע מענשען, וואָס ווערען ניט איין מאָל פּאַר אַלע מאָל פערגליווערט אין אַ וועלכער עס איז דאָגמע. לאָמיר דעריבער האָפען, אַז אויך דער „גייסטיגער" נאַציאָנאַליזם איז ניט די לעצטע סטאַנציע אין הערן דובנאָוו'ס ענטוויקלונג.

מען קאָן זיין זיכער, אַז אויב די קראַפט פון זיין קריטישען געדאַנק וועט זיין אַקוראַט אַזוי שטאַרק, ווי טיעף עס איז זיין נאַציאָנאַלער געפיהל, ווי אויפריכטיג עס איז זיין צער איבער דער לאַגע פון אונזער פאָלק, וועט ער פריהער אָדער שפּעטער אוועק געבען זיינע אויסעראָרדענטליכע פעהיגקייטען, כדי צו דיענען ניט דעם נאַציאָנאַלען ווילען צו לעבען איבער'ן אַבגרונד, נאָר דעם נאַציאָנאַלען ווילען צו אַ נאָרמאַלען מענשליכען לעבען אין אַן אייגענעם לאַנד.

בערן, שווייץ.